א י נ ה אַ ל ט :

# אַ שטיל לעבן

איצט וואוינט העניע אין דער פרעמד, ביי די שאפּיראָ׳ס אין הויז. נאָר אמאָל, מיט יאָרן צוריק האָט זי נאָך געהאט איר אייגענע היים. א צימער מיט א קיך אויף העברי סטריט. איר מאַן איז געווען א היימישער איד, א פרומער און א לערנער. „ר׳ גדליה דער איינבינדער״, אזוי האָט מען אים דאָ גערופן. כאָטש דאָ אין העברי סטריט האָט ר׳ גדליה געפונען א סך פרומקייט און אידיש־קייט, האָט ער דאָך צו די היגע מענטשן זיך ניט געקלעפּט. ער האָט כסדר געבענקט נאָך דעם היימישן אידן, נאָך יענער היימישער לופט. העניע האָט געהאט א גוט לעבן פאר איר מאַן. נאָר ס׳האָט אַן אומגליק פאסירט: א שווערער, אומגעלומפּערטער טראָק איז אים ארייַנגעפאָרן אין זייט, בשעת ער איז געגאנגען איבער דער גאָס פארקלערטערהייט.

ער איז געשטאָרבן, און העניע איז איצט פארבליבן אליין. וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? זי איז געווען א גרויסער מעדים אויף קאָכן און באקן און ראמען. האָט זיך באלד אָפּגעזוכט פאר איר אַן אָרט אין דעם רייכן הויז ביי די שאַפּיראָ׳ס. דער עלטסטער זון שאפּיראָ׳ס איז אליין געקומען אויף העברי סטריט אין זיין לאנגן, גלאנציגן אויטאָמאָביל, ער האָט א טרומייטער געטאָן אונטער העניעס פענסטער. דאָס גאנצע הויז איז אין יענעם טאָג אויפ־געדודערט געוואָרן. די שכנים זיינען צו העניען שטארק צוגעבונדן געווען. זיינען זיי לאַנג נאָך העניעס אוועקפאָרן געשטאַנען אויף דער גאָס אין רעדלאַך און צווישן זיך געשמועסט:

— נו, אונזער העניע האָט שוין אָנגעשפּאַרט אזש אין די הויכע פענסטער.

— זעסט דאָך, צום שלים־מזל דארף מען אויך האָבן מזל.

— ווייס איך, די גליקן. ווער ס׳איז איר מקנא . . .

* * *

העניען האָט זיך גוט געלעבט ביי די שאפּיראָ'ס. ס'איז גע־וועזן א הויז פון כל־טוב, און איר האָט דאָ קיין זאַך ניט געפעלט. די מיסעס שאפּיראָ האָט באלד איינגעזען אז אויף העניען קען מען זיך פאַרלאָזן און זי איז געוועזן צופרידן צו איבערגעבן העניען אין די הענט דאָס פירן פון דער באלעבאטישקייט. איינקויפן און קאָכן און ראַמען און אכטונג געבן אויף דעם אינגסטן קינד, לעאָ. און העניע האָט די ארבעט געטאָן געטריי און איבערגעבן, ווי זי וואָלט דאָ אן אייגענע געוועזן. דאָ אין הויז האָט מען ניט ווילנדיג צו העניען אָפּשיי געהאט. זי איז געוועזן א הויכע און א שטאָלטנע, די שיינע גרויע האָר פאַרקעמט אויף ארויף, און גוטמוטיגע שמייכ־לענדיגע אויגן. און אז זי האָט זיך אָנגעטאָן גיין איינקויפן, אין איר געראמען מאַנטל און דער אלט־מאָדישער היטעלע, האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט געשטאַמט פון עפּעס א געוועזענעם, גרויסן יחוס.

אָ פאַרהאַוועטע און מיט גרויס התמדה האָט העניע אין קיך יעדער מאָל געגרייט דעם סאַפּער. און אין אָוונט, אז די גאַנצע משפּחה איז געזעסן ארום טיש, האָט העניע צוגעטראָגן דעם עסן מיט געטרייע הענט און איר פּנים האָט אזש זיך גערויטלט. דער־נאָך האָט זי זיך געשטעלט אָן א זייט מיט די הענט אונטערן ווייסן פארטוך און געקוקט אויב מען האָט הנאה פון אירע מאכלים. און אז מיסעס שאפּיראָ האָט דעם עסן געלויבט, האָט העניעס הארץ אָנגעקוואלן און א באפרידיגטע איז זי דערנאָך אוועק צוריק אין קיך.

פרייטאָג־צו־נאַכטס איז געוועזן העניעס אָוונט. אַן אָוונט פון רו. איר צימערל, לעבן קיך, איז געוועזן נעט צוגערוימט, מיט ווייס־בלאַנקענדיגע פאָרהענגלאַך, א שפּיגעלע איבער וואַנט, און א פאָטאָגראַפיע פון איר מיט איר פארשטאָרבענעם מאַן. העניע האָט אָפּגעבענטשט ליכט. געשטאַנען א ווײַלע ביים טישל און געקוקט אין די טוקנדיגע פלעמלאַך. איצט האָט זי גערוט. קיינער וועט ניט אריינקומען צו איר הייסן הײַנט עפּעס טאָן. סיידן

דער קליינער לעאַ וועט אריינשטעקן אין טיר דעם שווארצן קעפל זיינעם און מיט בייגעריגע אויגעלאך, וועט ער פרעגן אויב מען מעג אריינקומען. העניע וועט זיך זעצן אויפן בעטל, נעמען אים אויף די הענט, און צוטוליען אים צו איר ווארעמען לייב. דערנאָך וועט לעא הערן ווי העניע דערציילט אים אייגע פון איר וואונדערלאכע מעשות:

— אַמאָל איז געווען א רב מיט א רבי׳צין . . .

אין אזא אָוונט איז אָפט געקומען צוגיין צו העניען א נאָענ־טע קרובה אירע, רחל, א שטיל מיידל, מיט טונקעלע, ערנסטע אויגן, מיט א צייטונג אָדער א בוך אונטערן אָרעם. העניע האָט זיך זייער דערפרייט. זי האָט צוגעטראָגן רחל׳ען טיי מיט אַלערליי צובייסן און זי האָט געזאָגט: — קענסט אלץ עסן. דאָ אין הויז פעלט ניט, חלילה, פון קיין זאך.

רחל האָט געארבעט אין א שאפּ. זי איז געווען מער פאַרגע־שריטן ווי העניע און האָט זיך אָפּגערופן: — איר הערט העניע, איר האָט שוין געמעגט עפּעס אנדערש טאָן, ניט אָט דאָס־אָ, — ווייזט זי אָן אויף דער קיך מיט די צעהאנגענע, שיינענדיגע טעפּלאך. איר דוכט זיך אז זיין א דינסט איז ניט נאָך העניעס ווערדע.

— קינד, — רופט זיך אָפּ העניע, — וואָס מאכט עס אויס וואָס מען טוט? ארבעט איז ארבעט.

אַ גרויס ליבשאפט איז פאראן צווישן אָט די צוויי פריינט. ווי ניט צו וועלן זיך פארלירן דאָ, אין דער גרויסער, פרעמדער שטאָט, האלטן זיי זיך אָן פעסט איינע אָן די אנדערע. ביידע שמועסן שטענדיג פון זייער וויטער היים. ביידע שיקן זייערע אָפּגעשפּאָרטע געלט צו די פארבליבענע קרובים דאָרט.

רחל נעמט פארנאנדער א אידישע צייטונג, וואָס זי האָט גע־בראכט מיט זיך און לייענט די נייעס. און העניע האָט מער פון אלץ ליב געהאט הערן רחל׳ען לייענען דעם „ראָמאן”, דאָרט וואו עס האָט זיך באשריבן וועגן אייביגער ליבע. און וואו שלעכטע מענטשן ווערן סוף־כל־סוף באַשטראָפט און די גוטע — באלוינט. און אז רחל האָט זיך שוין אויפגעהויבן גיין אהיים, זיינען זיי ביידע געווען צעווארעמט. זיי האָבן פארבראכט א גוטן אָוונט.

און העניע, באגלייטנדיג רחל׳ען ביז דער טיר, האָט מיט א הארציגן קול געזאָגט: — גיי געזונטערהייט, רחל׳ע, און קום צוגיין איבער־אכטאָג.

דערנאָך, שוין ליגנדיג אין בעט, האָט העניע אלץ פון רחל׳ען איבערגעטראכט: —„ס׳אַרא קאָפּ זי האָט אויף זיך. אָן איר מאן געראָטן, איר צו לאַנגע יאר״, — און העניע האָט געטראכט איצט פון איר פארשטאָרבענעם מאן, וואָס ס׳איז אזא גוט לעבן געווען צווישן זייביידן. דוכט זיך ווי לאנג איז דאָס געווען אז ער האָט נאָך געלעבט?

* * *

מיסעס שאפּיראָ איז געווען א שוואַכע, מיטל־יעריגע פרוי, און שטענדיג האָט זי געהאַט פון וואָס צו גריזשען זיך דאָס הארץ. ביים שפּיגל האָט זי איצט נאָר געזען איר מידן פּנים. די ניט־געזונטע, צערונצלטע הויט. פון איר איידל־געשניצטער נאָז האָט א טיפע ליניע זיך גענומען מאכן א וועג ביז צו דער קין, און דאָס האָט געגעבן איר פּנים אן אומעטיקן אויסזען. און מיסעס שאַ־פּיראָ האָט אָפּט אין זיך באַדויערט: זי ווערט אלט, אזוי ווי יעדע פּראָסטע, אָרעמע פרוי.

צו איר „מייק־אפּ״ האָט זי זיך איצט אָפּגעגעבן אָן גלויבן, אָן מוט. צו וואָס די גאנצע מי? איר מאן, מיסטער שאפּיראָ האָט עס סיי ווי ניט באמערקט. אז ער האָט אין אָוונט אָפּגעגעסן סאַ־פּער, האָט ער זיך פארשטעלט מיט זיין צייטונג און שוין. דער קליינער לעאָ האָט געקענט איבערקערן די שטוב און אים האָט דאָס ניט געארט. מיסעס שאפּיראָ האָט דאמאָלסט גערעדט צו אים מיט איר טראַגיש־ליידנדן קול: „אז ווי קען דאָס א מענטש זיצן אזוי אין שטוב, ווי א פרעמדער און ניט זען ווירקן אויף זיין קינד?״ — העניע האָט דאמאָלסט געהערט אן איבעררייד צווישן זיי. און ס׳האָט איר געפלאַטערט דאָס הארץ, עס זאָל, חלילה, ניט ארויסקומען צווישן מאן און ווייב קיין קריג.

מר. שאפּיראָ אליין איז געווען א הויכער און קרעפטיגער מאן, מיט אן אימפּעט, וואָס ער האָט נאָך געבראכט מיט זיך פון זיין טאָג־ארבעט אין אָפּיס. ער האָט אין די אָוונטן אָפּט גערופן זיין פרוי

זיי זאָלן ערגעץ גיין פארברענגען. מיסעס שאפּיראָ האָט געמוזט מיט איר מאן אומעטום מיטגיין, כאָטש ס'איז ניט געווען פאר אירע כחות און זי האָט געוואוסט, אז זי וועט קריגן א קאָפּ־ווייטאָג און זי וועט דארפן נעמען א פּיל.

אין די פרימאָרגנס האָט מיסעס שאפּיראָ געמוזט שטענדיג פארבלייבן אין בעט ביז האלבן טאָג. זי האָט געגעסן אָנבייסן אָן אפּעטיט און ארומגעשארט זיך דערנאָך איבער די צימערן ווי א שאָטן. און אז העניע האָט איר אזוי געזען, האָט זי גרויס מיט־לייד מיט איר געהאט. זי האָט ניט געלאָזן איר באַלעבאָסטע זאָל זיך צופיל אָנשטרענגען, נאָר זי זאָל ליגן אין בעט און אויסרוען זיך איינמאָל פאר אלעמאָל.

איינמאָל אין א פרימאָרגן האָט מיסעס שאפּיראָ ארייַנגערופן העניען צו זיך אין שלאָפצימער וועגן זייער א וויכטיגן ענין. אז העניע איז אריינגעקומען האָט מיסעס שאפּיראָ זיך אויפגעזעצט אין בעט. איר מילכיג ווייס־לייב איז ארויסגעשוואומען פון דינעם נאַכט־העמד און אירע שיטערע האָר זיינען געווען איינגעדרייט אין בלעכענע שפּילקעס און מיט א באזארגטן פּנים האָט זי העניען דער־ציילט וועגן א פּאַרטי וואָס זי מוז מאכן פאר אירע עטלאכע פריינט.

— העניע, איר מוזט מיר העלפן צוטראכטן וואָס אזוינס זאָלן מיר מאכן צום דינער, איבערהויפּט מיטן פלייש ווייס איך ניט וואָס מיר זאָלן טאָן.

העניע האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעט, מיט די הענט אונטערן פארטוך און געשוויגן א ווײַלע: — וואָס איז דאָ אזוי פיל ארייַנ־צוטראַכטן? — האָט זי געזאָגט, און דערווייל האָט שוין איר קאָפּ געארבעט און געפּלאנעוועט. — מיר'ן צעמאָלן דעם פלייש און מאכן עס אין זיסן און זויערן, אפשר?

— וואָס רעדט איר, העניע, אזא מאכל איז שוין „אָלד־פעשאָן", מען וועט לאכן פון אונז.

אז אלץ איז שוין געווען אויסגערעכנט און אויסגעפּלאנעוועט, האָט מיסעס שאפּיראָ זיך אָפּגערופן: — איר ווייסט וואָס, העניע, איר וועט מוזן קריגן אַ יוניפאָרם, אזא גרויע דרעס מיט א ווייסן קאָלנער. — אָט לאָז מיר צורו, — האָט זיך העניע געשטעלט

אנטקעגן, — דו ווייסט דאָך, כ'האָב פיינט די קונצן.

העניע האָט געהאַט דעם חסרון, וואָס ניט אַלץ האָט זי גע־פאָלגט, נאָר אָפט געטאָן זאַכן לויט איר אייגענעם פאַרשטאַנד און מיסעס שאַפּיראָ האָט קיין כח ניט געהאַט זיך אַנטקעגן איר צו ווערן.

א גאַנצע וואָך האָט מען צו דער פּאַרטי זיך געגרייט. געפּוצט די הויז און אייַנגעקויפט עסנוואַרג. אין טאָג פון דער פּאַרטי איז שוין מיסעס שאַפּיראָ געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט און זי האָט געמוזט ליגן אין בעט. העניע האָט די גאַנצע זאַך גענומען אין אירע הענט. געקאָכט און געבאַקט. יעדער מאכל באַזונדער איז אַרויסגעקומען געראָטן. צו דעם קליינעם לעאָ, וואָס האָט קומענ־דיג פון סקול, געמאַכט א טומל, האָט זי זיך א ווײַלע א בייזער געטאָן: — שטילער, דו מזיק! זעסט ניט די מאַמע שלאָפט!

פאַרנאַכט צו האָט שוין העניע גענומען גרייטן צום טיש. זי האָט אַרייַנגעלייגט א סך קאָפּ אין דעם ענין און דער טיש האָט געבליט אונטער אירע הענט. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן קומען די געסט און מיסעס שאַפּיראָ איז שוין דאַמאָלסט געווען אויסגערוט און אָנגעטאָן. מיסטער שאַפּיראָ האָט צוגעשטעלט צום טיש פּלע־שער וויין, וואָס ער האָט אַליין געקראָגן און אַלע האָבן זיך צעזעצט אַרום טיש און דאָס עסן האָט זיך אָנגעהויבן.

העניע, א פאַרפּלאַמטע, האָט געטראָגן צום טיש איין מאכל נאָכן אַנדערן, און ביים טיש האָט די פרייַלאַכקייט געוואַקסן מיט יעדער מינוט און גלייַכוווערטלאַך און געלעכטער האָבן אַלע ווײַלע אויסגעשאָסן. און העניע די חכמה איז דאַמאָלסט געשטאַנען אין טיר, וואָס האָט געפירט צום קיך. געוואַרט האָט זי מסתמא אַז באַלד וועט מען דערמאָנען איר נאָמען. מען וועט אָנהויבן לויבן די עסנס, וואָס זי האָט צוגעגרייט מיט אירע אייגענע הענט און וואָס האָט זיך אַזוי גוט אייַנגעגעבן. נאָר אַז זי האָט געזען אַז ניט, מען דערמאָנט ניט איר נאָמען, איז זי אַוועק צוריק אין קיך אַביסל אַן אָפּגעקילטע. און דאָ אין קיך זייַנען שוין אָנגעהורבעט געווען די בערג מיט די ניט־געוואַשענע געפעס און זי איז באַלד פאַרזונקען געוואָרן אין איר אַרבעט.

* * *

און דעם אנדערן פרייטאָג־צו־נאַכט, אז רחל איז געקומען צו העניען צו־גאַסט, האָט העניע געמוזט דערציילן פאר איר פריינט פון דעם גרויסארטיגן דינער, וואָס זי האָט צוגעגרייט: — מיר האָבן געמאכט דריי „ענטריס", — האָט זיך העניע פאר רחל׳ען באַרימט. נאָר רחל׳ען איז גאָר די גאנצע זאך געווען פאַרדראָסיג. פארוואָס די גאנצע ארבעט איז געטאָן געוואָרן נאָר פון העניען אליין. און זי האָט אפילו זיך ארויסגעכאפט מיט א שלעכט וואָרט וועגן דער מיסעס שאפּיראָ, און העניע האָט איר באַלעבאָסטע גע־מוזט שוין פאַרענטפערן: — מיינע איז גראָד ניט קיין שלעכטע, נאָר גלאט, זי האָט פליגן אין נאָז.

אין יענעם אָוונט האָט רחל געהאַט פאר העניען א בייעס. זי האָט געקויפט צוויי בילעטן פאר איר און פאר העניען צו גיין זען א פאָרשטעלונג אין אידישן טעאטער. נאָר ס׳איז געווען פון רחל׳ען א פארזען, ווייל העניע האָט יענעם אָוונט גראָד ניט גע־קענט אוועק פון שטוב. אז זי האָט דערציילט דער מיסעס שאפּיראָ וועגן דער „שאָו", האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיסעס שאפּיראָ דארף גאָר יענעם אָוונט אליין ערגעץ גיין מיט איר מאַן:

— מען קען די שטוב ניט לאָזן אליין, צוליב לעאָ, — האָט מיסעס שאפּיראָ געזאָגט. און כאָטש העניע האָט שוין לאנג גע־וואָלט גיין זען א אידישע „שאָו", האָט זי זיך געמוזט אונטער־געבן.

ביים סאפּער אין יענעם אָוונט האָבן אלע שוין געוואוסט, אז העניע וויל גיין זען א „שאָו" און מען האָט געלאכט און געוויצלט זיך פון דעם, איבערהויפּט די עלטערע באָיעס שאפּיראָ׳ס. נאָר איין העניע האָט ניט געלאכט און אז זי איז דערנאָך אריין אין קיך, האָט זי דאָרט געוואָרפן מיט די טעלער און די טעפּלאך און איר גאנצער מגושמ׳דיגער קערפּער האָט געזאָטן פון כעס. און אויף מאָרגן דעם גאנצן טאָג איז איר זייער שלעכט געווען אויפן הארצן און זי האָט ניט געקענט נעמען זיך צו דער ארבעט. און אז מען האָט צו איר גערעדט, האָט זי אלעמען געענטפערט קידער־ווידער.

ערשט פארנאכט־צו האָט זי זיך דערמאָנט אז אין קיך שטייען די טעפּ ניט קיין געוואשענע און אז באלד וועלן די קינדער אָנקומען פון סקול און מען וועט זיי דארפן געבן עסן, האָט זי פארנאנדערגע־נומען אירע הענט און ווידער ארייַנגעטאָן זיך אין איר ארבעט.

* * *

די טעג זייַנען געשטאנען קילע, האַרבסטיגע און מיסעס שאַ־פּיראָ האָט זיך באקלאָגט אז עס ציט א ווינט ערגעץ איבער די צי־מערן און אז זי האָט ווייטאָגן אין לייב און אין אלע שלעסער. אין איינעם א טונקעלן פרימאָרגן איז מיסעס שאַפּיראָ געזעסן ביים פענסטער איינגעוויקלט אין איר מאָרגן־קלייד און זי האָט אומעטיג ארויסגעקוקט צום גאס. ס׳האָט פון דערפרי אָן געגאָסן א רעגן ווי מיט עמערס. די גאס און די הייזער זייַנען ווי אָנגע־שוואָלען געוואָרן און האָבן געגלאנצט מיט נאסקייט און ס׳האָט זיך געדוכט, אז אייביג וועט שוין אזוי גיסן און גיסן. ס׳איז ביי דער מיסעס שאַפּיראָ געווען איינע פון אירע ערגסטע שטימונגען. דער קאָפּ איז איר געווען שווער און ארום האלז האָט ספּאזמעדיג געשטיקט.

פון אנדערן צימער האָט זי געהערט ווי העניע רודערט ארום איבערן הויז. רוקט פאַנאַנדער די מעבל, קלאַפּט מיט דער באַרשט. יסעס שאַפּירא איז איר מקנא געווען. זי איז מקנא געווען דעם .עגער־יונג, וואָס איז מיט אָן אויפגעשטעלטן קאָלנער אריבערגעלאָפן די גאס פייפנדיג א ניגון. וואָס טוט מען מיט זיך אין אזא וועטער? אוואו טוט מען זיך אַהין? זי וועט ריידן מיט אימיצן דורכן טעלע־פאָן. נאָר באלד האָט זי אונטערגעצויגן א סך־הכל פון אלע אירע פריינט. אירע פריינט טויגן אויף קלאָג. זיי טראכטן נאָר וועגן זיך אליין. אלע האָבן נאָר זיך אין יינען.

און העניע רודערט נאָך אלץ ארום. עס דוכט זיך באלד וועט זי איבערקערן די שטוב מיטן קאָפּ אראָפּ. העניע קען אויך אויפרעגן א מענטשן. ס׳איז מיר אויך א דינסט. מיסעס שאַפּירא דערמאָנט זיך ווי ניט איינמאָל האָבן שוין אירע באקאנטע פרויען אונטערגע־חוזק׳ט וועגן איר דינסט, אז זי איז „אַלד פעשאַן״. מיסעס שאַפּירא

הויבט זיך אויף פון אָרט. זי רעגט זיך וואָס ווייטער אַלץ מערער. מיט אַמאָל דערזעט זי פאַר זיך דעם טיי־טישעלע. ס'איז אָפּגע־ווישט נאָר פון אויבן, אונטן אונטערן גלאָז איז פאַרבליבן אַ פּלאַסט שטויב, מען קען אויף דעם שרייבן מיטן פינגער:

— העניע! — גיט זי אַ רוף אַרויס מיט אַ קול אַביסל אַ הייזעריקן.

— וואָס איז? — איז העניע געקומען צולויפן מיט אַ בערשטל אין האַנט.

— דעם טישעלע האָט איר דאָס אַזוי גוט אָפּגעווישט. די גאַנצע שטויב איז געבליבן.

— אָה, דאָס? — האָט העניע גרינגער אָפּגעאָטעמט, — כ'האָב געמיינט ווער ווייס וואָס . . . קיין בייז ניט, מען וועט אָפּווישן.

מיסעס שאַפּיראָ איז אויסער זיך געוואָרן פון העניעס קאַלט־קייט. זי מוז איר איצט אַלץ זאָגן. ס'האָט זיך שוין אָנגעקליבן ביי איר געגנוג אויפן האַרצן: — „העניע מיינט אודאי זי פאַר־שטייט גאָרניט. אָ, זי ווייס אַלץ. אַז איר קרובה, רחל, קומט צוגיין זעצט מען זיך אוועק און מען האַלט אין איין באַריידן איר".

— קינד! — רופט אויס העניע מיט האַרץ, — זאָל מיר אסור זיין . . .

נאָר ביי מיסעס שאַפּיראָ האָט זיך דער כעס שוין איצט צע־וואַקסן אַז זי האָט ניט געקענט אַליין עס איינצאַמען. רויטע פלעקן האָבן אַרויסגעשפּאַרט אויף איר דין פּנים, ווען זי האָט גערעדט: „העניע האָט קיינמאָל איר ניט געפאָלגט, געטאָן זאַכן נאָר ווי זי אַליין האָט זיך געוואָלט און איצט איז שוין. זי קען שוין מער אַזויפיל ניט ליידן פון איר"..

דאָ האָט זיך העניע געכאַפּט, אַז עס גרייט זיך עפּעס שלעכטס פאַר איר. מען וויל איר דאָ גאָרניט האָבן? מען וואַרפט זיך מיט איר! ס'איז איר אַזש הייס געוואָרן אין קאָפּ און ריידן האָט זי גאָרניט גערעדט. זי איז אַריין אין קיך און לאַנג איז זי אַזוי געשטאַנען מיטן קער־באַרשט אין האַנט. זי האָט פון גאָרניט גע־טראַכט, נאָר צו זיך אַליין האָט זי געמורמלט: „נו, גוט, גוט, כ'וועל אוועק פון דאַנען, אַוועק וואו די אויגן וועלן מיר טראָגן".

די ערשטע זאַך האָט העניע געגעבן צו וויסן רחל׳ען וועגן דער גאַנצער געשעעניש. אַז רחל איז געקומען צוגיין האָט זי אויסגעקוקט אַזוי פאַרדראָסיג און דערשלאָגן, אַז העניע האָט איר גענומען טרייסטן: — נאַרעלע, וואָס איז דאָ זיך אַזוי נעמען צום האַרצן. איך וועל מיר קריגן וואָס צו טאָן. ס׳איז דאָ א גאָט אומעטום.

ס׳איז אָפּגערעדט געווען אַז העניע זאָל נאָך פאַרבלייבן א וואָך צייט ביז מיסעס שאַפּיראָ וועט קריגן אַן אַנדער מענטשן. העניע האָט ווי פריער געטאָן איר אַרבעט, נאָר אָן ליבשאַפט, און ווי אָפּגעפרעמדט האָט זי איצט זיך געפילט צו אַלץ און די גאַנצע הויז האָט אויסגעזען איר קאַלט ווי אין א פוסטקע. מיסעס שאַפּיראָ האָט די לעצטע צייט געקראָגן א טבע צו אַריינקומען אין קיך פּלוצלונג און מיט שטילע טריט און אַזוי אַרום האָט זי העניען א סך מאָל געכאַפּט ווי זי שטייט און טוט גאָרניט. מיסעס שאַפּיראָ אַליין איז אין יענע טעג געוואָרן זייער טיכטיג. זי האָט איבערגעקוקט איר באַלעבאַטישקייט און רק געציילט די זילבער, וויפיל זי האָט גאָפּלען און וויפיל מעסערס און צי עס פעלט ניט עפּעס פון „סעט”.

און איינמאָל איז זי א צעטראָגענע אַריינגעפאַלן אין קיך און געהייסן העניען העלפן איר געפינען דעם פּאַקעטבוק אירן, וואָס איז אָקאָרשט פון אונטער די הענט איר ניט געוואָרן:

— גיי געפין זיך אַליין דיין פּאַקעטבוק און לאָז מיר צורו, — האָט העניע זיך אַזש צעבייזערט. זי איז שוין געווען מיט אַן אמת צעקאָכט און איר האָט שוין ניט געאַרט פאַר קיין זאַך.

פרייטאָג איז געווען דער טאָג, וואָס העניע האָט באַדאַרפט אַוועק פון הויז. באַלד אין דער פרי האָט זי שוין גענומען איינפּאַקן אירע זאַכן. זי האָט עס געטאָן ווי איבער געוואַלד: ווי אַזוי וועט זי דאָס נעמען און איבערלאָזן אַלץ אויף הפקר? באַלד האָט זי זיך אַליין געטרייסט. לעאָ איז שוין א גרויסינקער אויסגעוואַקסן. מען דאַרף שוין ניט אַכטונג געבן אַזויפיל אויף אים. טאַקע אין דער אמת׳ן . . . העניע האָט אַליין ביז איצט ניט געוואוסט ווי שטאַרק צוגעפגעוואַקסן זי איז דאָס געוואָרן מיט אָט דער הויז. זי האָט געטראָגן אויף זיך די אחריות פאַר אַלץ. קיין זאַך האָט זי

ניט פארקוקט. און איצט ווייזט זיך גאָר ארויס אז מען דארף ניט איר און ניט איר אחריות. זי האָט מיטן פארטוך אויסגעווישט אן אָנגעלאָפענע טרער און באלד האָט זי זיך אליין אויסגעזידלט: „בהמה וואָס דו ביזט".

אין שטוב האָט זיך שוין ארומגעדרייט א יונגע נעגער־מיידל. געקומען ערשט פריש פון דער „סאוט". זי האָט געהאט א צעשראָ־קענעם פנים. אָנגעטאָן אין איר נייעם „יוניפאָרם" איז זי געגאנ־גען ווינקלדיג, מיט א זייט, ווי צו לאָזן מערער פלאץ פאר אנדערע. העניע האָט איר געלערנט וואָס צו טאָן און זי האָט אויף אלץ גע־ענטפערט „יעס, מעדעם" און שטארק געבליצט מיט די אויגן־ווייסלאַך.

פאַרנאכט־צו איז רחל געקומען צוגיין. ס'איז געווען באַ־שטימט אז ביז וואָס ווען זאָל העניע וואוינען מיט איר אין איר צימער. רחל האָט אויסגעקוקט זייער פריילאך כאָטש אין אירע אויגן האָט מען געקענט זען א סך צער. העניע אויך א „פריילאכע" האָט זיך אָפּגערופן:

— וואָס האָסטו דאָ, א סוועדער? גיי, רחל'ע, דו ווייסט שוין גאָרניט וואָס דו טוסט.

— אָט רעדט ניט קיין סך, — האָט רחל א לאך געטאָן, — טוט זיך אָן, ס'איז שוין קאלט אין גאס.

— וואַרט א ווײלע, — האָט העניע זיך געכאפּט, — מען דארף א פריער אָפּבענטשן ליכט. — זי איז אוועק אין א ווינקל און ארויסגענומען א הילצערנע קעסטעלע אָנגעפילט מיט זאמד און זי האָט אין דעם זאמד אריינגעשטעקט די זיבן ליכט.

— זעט, אייך ליגט נאָך אינזינען אזוינע זאכן, — האָט רחל זיך אָפּגערופן מיט א ווייכער שטימע.

— קינד, שבת איז שבת, — האָט העניע אָן ערנסטע זיך אָפּגערופן. זי האָט אָפּגעבענטשט ליכט און אז זי האָט אוועקגע־נומען די הענט פון פנים האָבן אירע אויגן געשיינט.

— שבת איז שבת, רחל'ע, — האָט העניע איבערגערעדט נאָך אמאָל.

# בערע

ס׳איז אַ סוף־זומערדיגער טאָג.

איבערן גרויען פיר־עקיגן הויף פון אַפּאַרטמענט־הויז ציט זיך אַ פּאַרטאָגיגע בלויקייט. שטיל איז אין הויף, און בערע ליגט זיך אין זיין צימער אויפן בעטל, אויסגעצויגן, ווי אַ גראַף. רואיג און אָן שום זאָרג קוקט ער אין הימל אריין און מיט הנאה גיט ער זיך אַ טראַכט:

— נו, היינט האָבן מיר ווידער אַ פיינעם טאָג.

בערע — דאָס איז דער נאָמען פון אַ בחור ניט קיין רירעווודיגן אויפן אויסזען. מיט אַ ברייטן, ביינערדיגן פּנים. אַ געוועלבטן שטערן, און שטענדיג מיט אַ פאַרשוּלדיגטן שמייכל. אַ גרויסער שלי־מזל, כאָטש געקאָנט האָט ער טאָן אַלץ אין דער וועלט. ס׳איז רעכט געווען גיין פאַר אַן אונטער־פּרעסער ערגעץ אין אַ שאַפּ, צי גאָר ראַ־מען שניי ווינטער אין די גאַסן, אָבי נאָר צו פאַרדינען אויף דער הוצאה. און געווייכט האָט ער פון די „סטעדי דזשאָבס״, וואו א מענטש איז פאַרקויפט שטענדיג נאָר צו איין פּלאַץ. נאָר ער האָט זיך ארויסגעלאָזן זוכן ארבעט, ווען ער אליין האָט געוואָלט, אזוי ווי אַ חיה אין וואַלד, וואָס לאָזט זיך ארויס זוכן איר שפּייז נאָר בשעת זי ווערט הונגעריג.

ער האָט געהאַט טויזנט וועגן ווי אזוי צו פאַרדינען געלט. נאָר ס׳האָט זיך אָפּט מיט גאָרנישט אויסגעלאָזן זיין טרחה. אימיצער האָט ביי אים די ארבעט ארויסגעכאַפּט פון אונטערן נאָז בשעת ער איז געשטאַנען מיט די וואונדערלאַכסטע פּלענער אין קאָפּ.

נאָר איצט איז בערע ביי זיך זייער תקיף — ער האָט אָפּגע־אַרבעט אויף א דזשאָב מער ווי אַ חודש. זיין טייסטער איז איצט פול, אָנגעפּאַקט מיט פּאַפּיר־געלט און מיט זילבער. ער איז א פרייער פויגל אויף אַ שטיק צייט, און עס איז אים זייער וואויל.

א מענטש קאָן צו גוטס זייער גיך געוואוינט ווערן. בערע וויל שוין פאַרגעסן אָן יענע גרויליגע צייטן, וואָס מען רופט „מלחמה־טעג", בשעת ער האָט אינאײנעם מיט נאָך אידן אַרומגעוואַנדערט איבער פוסטע פעלדער פון איין שטעטל אין דעם אַנדערן. אים דוכט זיך נאָר, אז פון זינט מ'האָט זיך אויפגעהויבן פון די ערטער האָט מען עפּעס פאַרלאָרן דעם גרונט פון אונטער די פיס. די וועלט איז איצט שווער צו פאַרשטיין. קיין זאַך איז שוין ניט אַזוי קלאָר און פעסט, ווי פריער, און יעדע זאַך האָט זיך אירע צוויי זייטן, אַ גוטע זייט און אַ שלעכטע.

בערע איז אין דער היים אַ ישיבה־בחור געווען און זיין מוח איז צוגעוואוינט צו גריבלען זיך און אריינטראַכטן טיף אין זאַכן.

— אַ מענטש קען טראַכטן און טאָן וואָס ער וויל, — ליגט איצט בערע און קלערט, — ס'איז פאַראַן אַ זין אַפילו אין מלחמה, אין אַרויסטרייבן אידן פון די אייגנעזעסענע ערטער, וואָרים וואו איז דער שכל אין לאָזן מענטשן אייביג זיצן אויף איין אָרט, אַז אַלץ אַרום באַוועגט זיך, גייט פאָראויס?...

אין גרויען פריר־עקיגן הויף האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער טאָג. פענסטער האָבן זיך פאַנאַנדערגעעפנט. מענטשן האָבן איילנדיג זיך געגרייט צום טאָג אַרבעט. און איינס נאָכן אַנדערן זיך אַרויס־געיאָגט אין גאַס.

בערע גיט זיך אַ הויב אויף, נעמט זיך אָנטאָן. און אין אַנדערן צימער רודערט שוין אַרום זיין באַלעבאָסטע, מיסעס ווײַנער. הערט ער זיך צו און בלייבט זיצן מיטן שוך אין האַנט.

אַז בערע איז אליין ביי זיך אין צימער, צי בשעת ער לאָזט זיך אַוועק ערגעץ אויף אַ וויטן שפּאַציר, איינער אַליין, איז דאַמאָלסט זיין געדאַנק קלאָר, און ער איז זיכער, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, דאַרף ער אזוי טאָן. אָבער ווי נאָר ער טרעפט זיך מיט א מענטשן, אזוי ווערט ער אַ צעהיצטער און ער רעדט דאמאָלסט זאַכן, וואָס מען באַדאַרף ניט, און עס ווערט אים אַזש אליין ניט באַקוועם.

און עס פאַלט אים איצט איין, אַז די באַלעבאָסטע וועט אַן עפן טאָן די טיר, אים אַ פרעג טאָן:

— זעט, איר זייט גאָר היינט אין דער היים? אודאי ניט

מיט אַלעמען. — און ער וועט ניט וויסן וואָס צו ענטפערן.

נו, היינט וועט ער זיך שוין ארויסדרייען פון שטוב, אז זי זאָל אים ניט זען, מאַכט ער ביי זיך אָפּ און ער טוט אויף גיך אָןביידע שיך.

אין ווינקל, אויפן קליין טישעלע, ליגן אָנגעוואָרפן צייטונגען פון דער וואָך. בערע נעמט זיך סאָרטירן די צייטונגען, וועלכע ער דאַרף נאָך איבערלייענען און וועלכע ניט. ער איז פאַרטאָן אין זיין אַרבעט און ער ברומט זיך אונטער אַ ניגון און ער ווייסט גאָרניט, אַז אין דעם אַנדערן צימער וואַרט שוין פאַר אים א גרויסע נייעס:

— וואָס איז? — וואונדערט זיך בערע, אז ער הערט רופן זיין נאָמען.

גאָרניט, אַ טעלעפאָן, מ׳רופט אים צום טעלעפאָן.

אַז בערע איז אריינגעקומען צוריק אין שטוב, האָט זיך נאָך אויף זיין פנים פאַרהאַלטן דער טשיקאָוועך שמייכל פון דעם אומ־געווינלאַכן געשפּרעך ביים טעלעפאָן... „ווייס איך וואָס!״ — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל, מיט אַ צייטונג אין האַנט. נאָר באַלד האָט ער זיך געגעבן א הויב אויף, גענומען ארומגיין פון איין עק צימער צום אַנדערן מיט גרוי־סע טריט:

טאַקע, וועמען ליגט דאָס אין זינען אים ארויסצורופן אויף אַ שמועס דורכן טעלעפאָן? אַן אומבאַקאַנטער קול, און נאָך אַ מיידל דערצו. וויל ניט זאָגן דעם נאָמען.

מ׳האָט געדאַרפט די זאַך גוט צעגלידערן: ס׳איז איינס פון די ביידע: אָדער ס׳האָט זיך איינער פאַרוואָלט אים אָפּטאָן אַ שפּיצל— דאמאָלסט איז דאָס גאָרנישט. ס׳האָט אָבער אויך געקאָנט זיין אַ מיידל האָט אים ערגעץ געזען, וויל זי מיט אים שליסן באַקאַנט־שאַפט. בערע איז ניט געווען געניט אין אַזעלכע זאכן, און איצט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערנאָך האָט ער איינגעזען, אז וויפיל ער זאָל זיך ניט גרונטעווען, וועט גאָרניט ארויסקומען. ער האָט געפילט, אז דער טאָג וועט שוין היינט זיין אַן איבערגעמישטער. „ווייס איך וואָס! אַ וואַזשנער עניין! א שטיקל מרשא״ה — האָט ער אליין חוזק געמאַכט — ניט כדאַי וועגן דעם צו טראַכטן.״

„ס׳איז ניט אָנגענומען — זאָגט זי — אַז מיידלאַך זאָלן פריער אָפּרופן". אַר־וואַ! זי מיינט, אַז זי האָט דאָ אויפגעטאָן אַ גוואַלדאָווער־נע זאַך. זייער אָריגינעל. און ער נעמט זיך צום באַרג צייטונגען. נאָר בערע׳ן איז זייער שווער איבערצוגיין פון איין ענין צום אַנדערן. און ער בייזערט זיך אַזש אויף זיך אַליין. ער האָט זיך דאָ גישקשה־דיג פאַרדרייט. סוף־כל־סוף איז דאָס מאָדנע. פון דער גאַנצער גרויסער שטאָט איז דאָ אײנע וואָס וויל פון אים וויסן.

אפשר וועט ער גאָר דערציילן פון דעם דער מיסעס וויינער... פרויען ווייסן מער פון די זאַכן. בערע שלאָגט זיך מיט דער דעה: דערציילן אָדער ניט?...

ניין און ניין! זי וועט עס באַלד צעטראָגן אויף טעלערלאַך, מאַכן וואָכעדיג די גאַנצע זאַך. נו, וועט ער אזוי ארויסגיין פון שטוב, אַז זי זאָל אים גאָרניט באַמערקן.

נאָר ס׳איז ניט פון די גרינגע זאַכן אויסצומיידן דער מיסעס וויינער ביי איר אין שטוב. שוין ביים סאַמע שוועל קומט זי אים אַנטקעגן אַן אויפגעראַמטע, אַ שיינענדיגע, אין דער העלער, גע־פרעסטער הויז־קלייד:

— אייך איז גוט, בערע.

— וואָס׳י דען, וואָס?

— אָט אזוי. מיך רופט קיינער ניט אויפן טעלעפאָן.

בערע קען זיך ניט אָפּוואונדערן. ס׳איז גאָר אַ סברא, אַז זי וייס שוין אַלץ. אודאי אונטערגעהערט דעם גאַנצן געשפּרעך. נו, אויב אזוי מוז ער שוין מיט איר ריידן. ס׳האָט קיין זין ניט צו מאַכן זיך ניט וויסנדיג.

בערע שעמט זיך שטאַרק, נאָר ער טוט זיך אָן אַ כוח, און מיטן קאָפּ נידעריג אַראָפּגעבויגן, גיט ער אַ זאָג:

— כ׳האָב געוואָלט ביי אייך עפּעס פרעגן.

די מיסעס וויינער איז מער ווי צופרידן. זי פירט אים אריין אין איר „פּאַרלאָר" און אַליין זעצט זי זיך אריין אין אַ שטול, מיט די הענט אויף די פּאַרענטשעס. אַ גרויסע און זיכערע אין זיך.

בערען ווילט זיך אָפּציען די צייט. און עס דוכט זיך אים, אַז ער וועט איר שוין גאָרנישט קאָנען זאָגן. און די מיסעס וויינער

זעט, אַז עס איז אים שווער. זאָל ער נעמען אַ שטול און זיך זעצן, פאַר איר — זאָגט זי — קען מען אַלץ ריידן. זי איז דאָך ניט קיין פּראָסטע אידענע.

בערע ווייס ניט וואָס צו טאָן. „ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק" — גיט ער אַ טראַכט.

— אפשר אַן אַנדערש מאָל — בעט ער זיך ביי דער מיסעס וויינער — כ'האָב צוגעזאָגט איינעם צו קומען זען.

— איר האָט דאָך געוואָלט עפּעס פרעגן.

— אָ, ס'איז ניט כדאַי, אַן אַנדערש מאָל. איצט מוז איך גיין.

— מיט אייך איז אַלע מאָל אַזוי.

נאָר בערע איז שוין איינגעשפּאַרט. ער מוז איצט גיין. און ער איז ארויס פון שטוב.

בערע האָט זיך געלאָזט גיין אין גאס מיט זיין האמעטנעם גאַנג און מיט אַ שווערן געמיט. נאָר דאָ האָט אים אַ בליאַסק געטאָן פאַר די אויגן די העלקייט פון טאָג. די גאַס אונטער דער אלול'דיגער זון האָט געשימערירט מיט אַ סך קאָלירן. אויפן טראָטואַר זיינען קינדער געווען פאַרטאָן אין זייער שפּיל. זיי האָבן פון א בערגל מיסט ארויסגעשלעפּט פלעשער, פּאַפּירענע קעסטלאַך — אַ גאַנצן אוצר, און צו זייער שמחה איז ניט געווען קיין סוף. בערע האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן. ס'האָט אים אַ צי געטאָן אַ בענקשאַפט, ווי ס'וואָלט צו אים פאַרבלאָנדזשעט א חלום פון זיינע אייגענע קינדער־יאָרן. דער חדר, די שמאָלע שטעטלדיגע געסלאַך, וואו ער איז אויפגעצויגן געוואָרן.

זיין האַרץ איז איבערפילט געוואָרן מיט ליבשאַפט צו דער זון, וואָס וואַרעמט די ערד: צו די קינדער, און צום אידן, דעם פאַרקויפער פון אויבס אויפן ראָג פון גאַס.

ער האָט זיך געלאָזט גיין. געקויפט א פונט באַרן, געקייט גע־שמאַק און אונטערגעברומט א ניגון. אים האָט זיך געדוכט, אז די גאַס האָט ניט קיין ענד און ער גייט אזוי ווייט ביז הינטערן שטאָט.

* * *

ס'איז אוועק באַלד אַ חודש. בערע האָט שוין געוואָלט ארויס־

לאָזן זיך איבערן שטאָט זוכן ארבעט. ער האָט זיך אויפגעכאפּט ווען עס איז נאָך געווען פינסטערלאַך. ליגנדיג אין האַלב־דרעמל, האָט זיך אים נאָך געטראכט פון יענעם פרימאָרגן, די וואונדערלאַכע מינוט, בשעת א מיידל, אַן אומבאַקאַנטע, האָט צו אים דורכן טעלע־פאָן גערעדט, ווי אַ פרייַנט, געוואָלט פון אים וויסן. קען דאָס זיין, אז ער זאָל ניט באַגעגענען איר ערגעץ כאָטש איין מאָל?

ער האָט זיך געגעבן אַ טו אָן, פאַרשטייפט דעם שניפּס אַרום קאָלנער און ער איז ארויס אויפן גאַס, געקויפט אַ צייטונג. פון די אנאָנסן האָט זיך בערע אויסגעקליבן איין פלאַץ, וואָס איז אים שטארק געפעלן געוואָרן: „פאַרלאַנגט 25 ארבעטער ביים רעמאָנ־טירען און בויען הייזער. קענטשאַפט ניט נויטיג”. בערע איז זייער צופרידן: ביי הייזער, זאָל זיין ביי הייזער. ער בראַקירט ניט, אז עס קומט צו דעם.

די לופט איז קיל און עס ווייעט אין פּנים מיט א פרישקייט. בערע וואָלט גאָר א בעלן געווען זיך צו לאָזן זיך גיין צופוס ביז צום פלאַץ. און עס פאַרדריסט אים בשעת מעשה אויף די סאָבוועיס.

דאון־טאון, אויף דער פערצנטער גאַס, איז בערע אַ ווייַלע שטיין געבליבן, מיטן צייטונג אונטערן אָרעם און מיט א בלאָנדזשענ־דן בליק. דער רעש פון גאַס, דאָס יאָגן זיך פון די אויטאָמאָבילן האָט אים אַלע מאָל צעטומלט.

נו, גוט. ער האָט אָפּגעזוכט דאָס פּלאַץ. אין קאָרידאָר, ביי דער אָפענער טיר פון אָפיס, זייַנען שוין געשטאַנען רעדלאַך מענ־טשן. ארבעטער מיט פלינקע באַוועגונגען און באַלעבטע פּנימ׳ער האָבן זיך געשטופּט פאָראויס צום פאַרוואַלטער׳ס טיש, זיך צו פאַרשרייבן. בערע האָט זיך געשטעלט אָן אַ זייט. ער וועט זיך ניט גיין שטופּן פריער פון אַלעמען. ער וויל, חלילה, ביי קיינעם ניט ארויסכאַפּן דעם דזשאָב. עטלאַכע ארבעטער מיט צעטעלאַך אין האַנט האָבן, אייַלנדיג זיך, געמאַכט אַ וועג צום ארויסגאַנג. „צור־גענומען” — האָט בערע אַ קלער געטאָן. מען איז דאָרטן געווען זייער שטרענג. און אַלעמענס אויגן זייַנען מיט אַנגסט געווען גע־ווענדט צום פאַרוואַלטער׳ס טיש. בערע האָט, ניט ווילנדיג, זיך גע־געבן אַ גלייך אויס, אַראָפּגעכאַפּט די היטל — אין פאַל מ׳וועט אים

דערזען פון יענעם טיש. אין האַרצן ביי זיך איז ער געווען שטאַרק געפאַלן, ווי מען וואָלט אים דאָ באַ׳עולה׳ט.

דערווייל איז אין אָפיס דער צעטל געוואָרן פאַרפולט. די איי־בעריגע, די ניט נויטיגע, האָבן זיך געגעבן א שפּאַר ארויס אין גאַס.

בערע איז געווען צווישן זיי. „נו, היינט מוז ער עפּעס קריגן. ס׳איז ניט קיין תכלית אזוי־אָ״ — טוט ער אַ טראַכט.

ער איז איצט געווען אויפן וועג צו דער זיבן און דרייסיגסטער גאַס, אין „גאַרמענט־צענטער״. די חושים זיינען ביי אים געווען פאַרשאַרפט, ווי ביי אַ חיה, וואָס דערשמעקט, וואו זי קען קריגן איר רויב.

אין „גאַרמענט־צענטער״ האָט בערע׳ן אָפּט אָפּגעגליקט, אַז עס איז געקומען דער סעזאָן, האָט מען אמאָל גרינג געקאָנט קריגן אַ פּלאַץ פון אַן אונטערפּרעסער אין אַ שאַפּ, צי אַן ארויסהעלפער ביי א קאַטער׳ס טיש.

די גאַס הילכט און רוישט מיט באַוועגונג. פון דעם אויסזען פון די מענטשן איז צו זען, אַז אַלץ, וואָס זיי טוען, איז אויסערסט וויכטיג. בערע שטעלט זיך דאָ אָפּ און קוקט זיך צו, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין דעם סוד פון דעם גאַנצן אויפטו, דעם צוועק. און אז ער שטייט אזוי און קלערט, קומט אים אַנטקעגן שאַיע, שאַיע ברוי־דעס, בערע׳ס אַ ווייטער קרוב. שאַיע איז אַ רירעווודיג אידל, מיט אויגן וואָס טאַנצן אום אין אַלע זייטן בשעת ער רעדט צו א מענטשן.

— אָ, וואָס מאַכט אַ איד? — פרעגט שאַיע.

בערע וייס, אַז שאַיע איז אַ גאַנצער סוחר, פאַרקויפט שפּיל־קעס, פּאָדעם, צי עפּעס אַן אַנדער אַרטיקל פאַר די שעפּער. און עפּעס ווערט אים זייער ניט באַקוועם.

— איך וואַרט דאָ אויף אַ מענטשן, דאַרף עמיצן זען, זייער נויטיג — פאַררעדט אים בערע די ציין.

— אַזוי, אַזוי — רופט זיך אָפּ שאַיע, און ער קוקט שוין אַרי־בער צו דער אַנדער זייט גאַס. ער איז אויך זייער פאַרנומען. זיי צעזעגענען זיך באַלד, און בערע קוקט אים נאָך אַ לאַנגע צייט:

„אָט איז שאַיע אַ סוחר, זיך טאַקע ארויסגעדרייט פון אמת׳ער

אַרבעט״. גיין, אים, בערע׳ן, איז אַזוינס דערווידער. ער וועט בע־סער טאָן עפּעס מיט זיינע אייגענע הענט...

„די צרה מיט די אידן איז״... נאָר דאָ דערזעט בערע אויפן טויער פון אַ שאַפּ אַ גרויסן אויפשריפט:

„פאַרלאַנגט אַ מאַן זיך צו מאַכן ניצלאַך אין א שאַפּ פון מאַנטלען״.

בערע איז באַלד אַריין אינעווייניג. ס׳איז געווען ניט קיין גרויסער פּלאַץ. דער באַלעבאָס איז אים געקומען אַנטקעגן. געמיינט האָט ער, אַז עס וועט ארויפקומען אַ בעגער־יונג. נאָר ס׳מאַכט ניט אויס:

— וועט ער זיך אונטערנעמען פירן דורך דער גאַס אַ וועגעלע מיט פאַרטיגע מאַנטלען, אָפּפירן עס אין אַ פּלאַץ?

— א שאַלה אַביסל! — ענטפערט בערע פריילאַך.

ער גיט זיך אַ נעם צו דער ארבעט מיט גרויס חשק. פריער אַנשרייבן די טיקעטלאַך, אַנשפּילען אויף יעדן מאַנטל, און דער־נאָך צעהענגען די מאַנטלען אויפן וועגעלע אין געדיכטע רייען.

מיטאָג־צייט לאָזט זיך בערע אַוועק אין רעסטאָראַן. ער זיצט ביי אַ טישל גלייך מיט אַלעמען און ביים עסן חשבונ׳ט ער דער־ווייל אויס, ווי גרויס עס וועט זיין דער פאַרדינסט זיינער און ווי ער האַלט מיט זיין פאַרמעגן איבערהויפּט. די רעסטאָראַנטס גיבן אַ גאָרניט מיט א גאָרניט, און געלט קאָסט אָפּ אַ מאַיאָנטעק, זיי שינדן פשוט די הויט. און דאָ פעלט אים אפשר א האַלבער דאָלער און ער קען זיך ניט דערמאָנען, וואו ער האָט עס אַהינגעטאָן. ער ציילט איבער נאָך אַמאָל דאָס געלט. „נו, אַ דאַגה״ — באַהאַלט ער דעם טייסטער אין קעשענע. ער לאָזט זיך גיין צום טיר. ארום אים רוישט מיט מענטשן אויף און אָפּ, ווי כוואַליעס אין ים. ביים סאַמע טיר גיט זיך אים א מיניע פאַר די אויגן א העלער שיין: אַ חנ׳עוודיג פּנים פון אַ מיידל גיט צו אים א קוק פון דער ווייט, און פארשווינדט. בערע בלייבט שטיין אַ צוגעשמידטער צום אָרט. עס קען דאָך געמאָלט זיין, אז גראָד דאָ, אין דעם פּלאַץ, וועט „זי״ זיך פאַר אים באַווייזן, זיך לאָזן דערקענען.

בערע האָט שוין ביי דער צייט געהאַט אַ קלאָרן באַגריף, ווי

אזוי דאָס דאָזיגע מיידל דאַרף אויסזען: אַ חנ׳עוודיג פּנים. טיפע בלויע אויגן, וואָס קוקן פאַרנינפּטיג, באַשיידן. אז ער וועט איר דערקענען, וועט ער פאַר איר מעגן ריידן, דערציילן איר אַלץ. זי וועט פאַרשטיין.

מיט אַזעלכע געדאנקען און מיט כמעט אַ זיכערן דזשאָב אין האַנט, האָט בערע זיך אומגעקערט צוריק אין שאָפּ. אונטן, אין קאָרידאָר, לעבן הויב־מאַשין, האָבן שוין ארבעטער געוואַרט אויף זייער ריי.

די הויב־מאַשין שטייגט ארויף און אראָפּ, שלינגט אריין אַלץ נייע מענטשן, צעטיילט אויף צווייען, האַקט איבער אַ וואָרט, וואָס טראָגט זיך פון איין מענטשן צום אַנדערן, אַ מחשבה. בערע שטייט אין רעכטן מיטן פון געזעמל, און מ׳שטופּט אים פון אַלע זייטן. מענטשן זיינען אין כעס:

— מיסטער, אַהער אָדער אַהין!

ער קומט אַרויף אין שאָפּ אַ פאַרשפּעטיגטער אויף גאַנצע צען מינוט. דער באַלעבאָס קוקט אויף אים פון אַ זייט מיט ביטול־שמייכל. און בערע זאָגט גאָרניט, נאָר ער נעמט זיך שלעפּן דאָס וועגעלע מיט אַלע זיינע כחות.

---

און שפּעט אין אָוונט איז בערע ארומגעגאַנגען איבער זיין צי־מער הין און צוריק און אונטערגעברומט אַ ניגון. איבערן טיש האָט געברענט דאָס מאָגערע עלעקטרישע ליכט. פאַר זיינע אויגן איז אים געקומען דער גאַנצער היינטיגער טאָג. די שטאָט און די מענ־טשען אין אַ כאַאָס. ווי אַ משונה׳דיגע פּראָצעסיע האָט ער זיי אַלע־מען געזען — די, וואָס גייען אין יאָך, און די אָנטרייבער, מיטן בייטש אין האַנט, און ס׳איז גאָר ניטאָ די פרייד, די ברכה פון אר־בעט.

אין קאָפּ איז אים איצט זייער קלאָר. ער זעט אַלץ און פאַר־שטייט אַלץ, און ער טראָגט ניט אויף קיינעם קיין האַס. און עס דאַכט זיך אים, אז ער האָט שוין געלעבט אַ סך לעבנס און עס האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי אים אזוי פיל חכמה, אַז עס ווערט אים אַזש שווער פון דעם, ווי איינעם, וואָס טראָגט אויף זיך אַ שווערע

משא. און ער האָט זיך גענומען באַקלאָגן אויף זיין אייגענעם גורל, און ער האָט געזאָגט צו זיך:

— וואו איז דער שכל פון שלעפן אויף זיך אזא שווערע משא? צוליב וואָס איז דאָס זען אַלץ און פאַרשטיין, אַז מיט דעם ברענגט ער צו קיינעם קיין פרייד ניט, אפילו ניט זיך אַליין?

ער איז געווען מיד היינט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן. ער האָט געטראַכט איצט פון יענער אומבאַקאַנטער, וואָס האָט צו אים אין טעלעפאָן איינמאָל גערעדט, און ער איז געבליבן ליגן אַן איינגערואיגטער און צוגע־שטילטער.

* * *

און איינמאָל האָט בערע׳ןווירקלאַך זיך געדאַכט, אַז ער האָט דאָס אומבאַקאַנטע מיידל ענדלאַך באַגעגנט. אפילו פאַרבראַכט מיט איר א גאַנצן אָוונט.

דאָס איז געווען אין איינעם אַ זונטאָג. אין הויז ביי דער מי־סעס וויינער זיינען זיך צונויפגעקומען אַ סך געסט. מיסעס וויינער איז דאַמאָלסט אריין צו בערע׳ן אין צימער, צו אים צוגעשטאַנען: ער מוז גיין צוזאַמען מיט אַלעמען פאַרברענגען דעם אָוונט. זאָל ער ניט זיין אַזאַ מרוק, וואָס אַנטלויפט פון מענטשן. בערע האָט אָפּגעראַזירט דאָס פנים ריין, און מיטן יום־טוב׳דיגן אנצוג האָט ער אויסגעקוקט גאָרניט מיאוס.

אין „פאַרלאָר" זיינען שוין געזעסן די געסט. פריילאַכע און רוישיגע, און אין אַ ווינקל פון צימער האָט הילכיג געשפּילט דער גראמאָפאָן. און אַלע האָבן זיך פיין אַמוזירט.

דאָס זיינען געווען מיסעס וויינער׳ס גאַנצע משפחה. גרויסע, וואוקסיגע אידן, ווי די מיסעס וויינער אליין. און ס׳איז זיי אלעמען איצט זייער פריילאַך געווען פון דעם אויסגעטרונקענעם וויין און פון דעם, וואָס זייער משפחה האָט זיך אזוי שיין צעוואַקסן דאָ אין לאַנד. אַ גאַנצער שטאַם, מיט קינדער און קינדס־קינדער.

און בערע׳ן ווערט אויך פריילאַך. ער האָט זייער ליב אַ יום־טוב. נאָר ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. שטייט ער אָן א זייט און שמייכלט, ווי אַ שולדיגער. נאָר די מיסעס וויינער קומט באַלד

צו. זי וועט אים באקענען מיט מענטשן. בערע שטייט ווי אין אַ ראָד, און מען גריסט אים פון אַלע זייטן. און די מיסעס ווייַנער פירט אים צו איר קוזינע, מיס האַלפּערן. און זי זאָגט צו בערע׳ן:

— אויך אַ געלערנטע. ס׳איז אַ פאַקט. זי שטודירט נאָך איצט אויך.

מיס האַלפּערן איז אַ הויכע, מיט אַן אויסגעצויגן פּנים און אַ לאַנגע טאַליע. זי איז זייער אַ צוגעלאָזענע, און זי פּרוּאווט אַרייַנציען בערע׳ן אין אַ געשפּרעך:

— צי גייט אַמאָל בערע אין דער 42־טער גאַס לייברערי? ס׳איז זייער אינטערעסאַנט און ווי איז זיין מיינונג וועגן דעם און יענעם?

זי פאַרשיט אים מיט פראַגן, און בערע שטייט פאַר איר אַ פאַרלאָרענער, אַן אומגעלומפּערטער. „דער גוטער יאָר ווייס איר״ — וואונדערט ער זיך און קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן.

און אַרום זיי די געסט רוישן און לאַרעמען, און מ׳ווינטשט זיך צו האָבן נחת אויף ווייטער. די מיסעס ווייַנער, אַ פאַרהאַוועטע און אַ שייַנענדיגע, ברענגט צוטראָגן צום טיש אַ היימישן לעקאַך, אַליין אויסגעבאַקן. און חברה זייַנען שווערע אַרבעטער, בעלי־מלאכות און קרעמער, און זיי האָבן ליב אַרייַנצועסן. נאָר בערע וויל ניט גיין צום טיש. ער האָט זיך שוין אַרייַנגעלאָזן אין אַ שמועס. מיס האַלפּערן געפינט אויס, אַז בערע וואָלט זיך נאָך גע־קאָנט לערנען. ער קען גיין אין אַן אָוונט־קאָלעדזש. ס׳איז דאָך אַזוי אינטערעסאַנט. זי קען זיך אפילו אָנפרעגן מאָרגן. זי קוקט אויף איר קליין זייגערל אַרום איר האַנט:

— לעט מי סי... מאָרגן, פונקט אַכט. ניין, זי קען ניט מאָרגן. איבערמאָרגן, דינסטאָג, אויב בערע וויל.

נאָר בערע איז גאָרניט מסכים מיט איר גאַנצן פּלאַן.

— לערנען זיך? וואָס גיט לערנען זיך? גאָרניט. עס הייסט, נאָך אַלץ הענגען אין דער לופטן. דער עיקר איז טאָן ממשות׳דיגע אַרבעט מיט די אייגענע הענט, זיך אייַנוואָרצלען אין לעבן. פאַר־נעמען אַ פעסטע פּאָזיציע, אַזוי צו זאָגן.

אַרום זיי איז געוואָרן אַ רעדל. מענטשן האָבן זיך צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ. נאָר בערע איז ניט געווען קיין גרויסער רעד־

נער. און דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען אזוי מטושטש, אז מ׳האָט קוים געקענט כאפּן דעם מיין.

— איר מוזט אודאי באַלאַנגען צו אַ פּאַרטיי — האָט זיך גע־ווענדט צו אים איינע, א מיידל, מיט דינע, שאַרפע שטריכן פון פּנים און טיף־בלויע אויגן.

בערע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן: „ניין, ער באַלאַנגט ניט צו קיין שום פּאַרטיי״.

אַ מענטשנ׳ס געדאַנק ארבעט אַמאָל אויף דעם וואונדערלאַכס־טען אופן, אזוי ווי אַ בליץ, וואָס שניידט דורך דעם האָריזאָנט. בערע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, און ער איז געבליבן שטיין פאַרגאַפט און אזוי ווי געשמעקט די לופט:

„דאָס איז זי, די אומבאַקאַנטע. איצט דאָ, אַנטקעגן אים״... אזוי האָט ער טאַקע זיך איר אויסגעמאָלן: שטאַרק בולטע אויגן, חנ׳עוודיג און באַשיידן אין דערזעלבער צייט.

ער געדענקט שוין אַליין ניט, ווי אזוי ער האָט מיט איר אָנגע־הויבן ריידן, און ווי אזוי זי איז אים געוואָרן אזוי נאָענט, ווי אייגנס. דאָס גרעסטע וואונדער ארום איר איז געווען די שיינקייט, די האַר־מאָניע אין אויסזען און אין ריידן. אַלץ אין איר איז געווען שיין און פאַרנינפטיג. ער האָט געזאָגט צו איר:

— איך ווייס, אַז איך האָב אייך אין ערגעץ ניט געזען. נאָר עס דוכט זיך מיר אויס, ווי איר זענט מיר אַן אייגענע, און עס ווילט זיך מיר ריידן צו אייך ווי צו אַן אייגענער.

— טאַקע אַזוי? — וואונדערט זיך אסתר. (זי האָט געהייסן אסתר).

— יע, ווי איך בין אַ איד.

— און איך האָב דאָ געהערט אייך ריידן. מיר געפעלט זייער, אַז מ׳איז ניט איינשטימיג. דערווייל ווערט א דיסקוסיע, און דאָס איז אינטערעסאַנט.

— יע, אזוי איז עס — זאָגט בערע.

— און פאַרוואָס באַלאַנגט איר ניט צו קיין פּאַרטיי?

— די פּאַרטייען? ניין, זיי זיינען צו זיכער אין אַלץ. און ווער

ווייס דען, וואו דער אמת איז? אז יעדע זאַך, יעדן געדאַנק קען מען היינט אויסטייטשן ווי מען וויל...

בערע'ן האָט זיך איצט גערעדט זייער גרינג. אויפן האַרצן איז אים געווען גוט. ער האָט גערעדט מיט היץ, געמאַכט מיט די הענט און איז געווען ביי זיך שטאַרק געהויבן.

ער האָט זיך ארומגעקוקט איבערן צימער: צי זעט כאָטש די מיסעס וויינער, ווי גוט אים איז איצט? מיסעס וויינער איז געשטאַנען מיט דער מיס האַלפערן, זיך געֹ'סוד'עט מיט איר. וועגן וואָס קענען זיי דאָס ריידן? אודאי וועגן אים. א ווײַלע ווערט ער אומרואיג נאָר באַלד גיט ער זיך א קער אָפּ פון זיי מיט א גרינגן געמיט.

— א דאגה אַ גרויסע, ווּעמען אַרט עס?

און דער אָוונט גייט זיך מיט זיין גאַנג. און בערע זעט, ווי אסתר איז דאָ ביי אַלעמען זייער אָנגענומען. זי איז די גרעאָטנסטע אין דער משפחה. דער רופט איר צום טיש צובייסן, און דער וויל מיט איר פאַרברענגען. און אסתר איז גוט און איידל צו אַלעמען און זי שמייכלט כסדר מיט אירע בלויע אויגן. נאָר אַלע מאָל קערט זי זיך צו אים, צו בערע'ן מיט איר בליק.

און אָט שטייט זי ווידער לעבן אים, אַ פריידיגע, אַ ליבע.

— פאַרוואָס גייט איר ניט צום טיש, בערע? — פרעגט זי אים.

בערע'ן איז זייער שווער אין איין צייט זיך איינצוקוקן אין איר פנים און באַגרייפן וועגן וואָס זי רעדט צו אים, ווייל אים דוכט זיך ווי אַ באַזונדערע ליכט שיינט ארויס פון איר פנים. ער וואָלט זיך צוגעבויגן צו איר גאָר נאָענט, דערפילן איר אָטעם. דאַכט זיך, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דאָס, צובויגן זיך, אָננעמען איר פארן האַנט? נאָר ער בלייבט שטיין אַ געצאַמטער, אַ שווערער אַזאַ, קען זיך ניט רירן פון אָרט.

און אסתר איז שוין ווידער אויסגעמישט מיטן עולם. און איינער, אַ יונגערמאַן, אַ גלייכער ווי אַ סטרונע און מיט דראָבנע שטריכען פון פנים, און דאָס זיידן טיכעלע פינקטלאַך אויפגעלייגט אין דער אויבערשטער קעשענע, איז צוגעגאַנגען צו אסתר'ן. זיך פאַרבויגט: ער וויל מיט איר טרינקען לחיים!

אסתר'ן איז ווייזט אויס איצט דער פראַנטישער יונג שטאַרק

געפעלן. זי האָט שוין פאַרבראַכט מיט אים ביזן סוף פון אָוונט און אָן בערע'ן האָט זי זיך אײנגעאַנצן פאַרגעסן.

בערע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט אײנעם פון מיסעס ווײ־נער'ס שוואָגערס, פאַרטיפט אין אַ שמועס. ער האָט גוט געזען, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ, און ער האָט זיך אַלץ מער פאַרטיפט אין שמועס.

מיט פוסטקייט האָט עס א ווייע געטאָן אויף אים. ער האָט נאָך געצויגן דעם שמועס מיטן מענטשן, אָן טעם און אָן ווילן, ביז ער האָט אויפגעהערט צו ריידן אײנגאַנצן.

ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן פון איר קיין שלעכטס, פון אסתר'ן. ער האָט דאָך איר אָוועקגעשטעלט אויף אַזאַ הויך. און איצט... ער איז אָוועק אין א ווייטסטן ווינקל פון צימער כדי צו זיין אײנגאַנצן אליין, און ער האָט דאָרט שטייענדיג אלץ געטראַכט: „ווי שיקט זיך דאָס, און ווי אזוי קאָן דאָס זיין?"

און דער אָוונט איז שוין געווען צו ענד. מענטשן זיינען זיך שוין צעגאַנגען אײנער נאָכן אַנדערן אַהיים. בערע איז געשטאַנען ווי אַ פאַרלאָזענער פון אלעמען. נאָר באלד איז צוגעקומען צו אים די מיס האַלפּערן. ווי אַ גוטער פריינט האָט זי אים איצט געוואָלט צוטרעפן, און זי האָט אָנגעהויבן ריידן צו אים:

— דאָס לעבן איז אזוי פוסט. איר דענקט ניט אזוי?

בערע קוקט זיך איין אין איר אויסגעצויגענעם פּנים, און עס טוט אים באַנג פאר איר, און ער גיט אַ זאָג ארויס פּלוצלונג:

— לאָמיר זיך זעצן. דערציילט מיר עפּעס מער פון אייך. — און זיי שמועסן אַ ווײלע.

זי טוט אַ קוק אויף בערע'ן שוין מיט אַ דאַנקבאַרן קוק:

— איך האָב אַלעמאָל געדענקט, אז איר זייט אזא, וואָס קען מיטפילן — האָט זי געזאָגט — יע, כ'האָב דורכגעמאַכט גענוג.

דאָ ווערט איר קול זייער צערטלאַך, און זי נעמט אים אָן פאַר דער האַנט, בערע'ן און זי רעדט זייער שטיל:

— איר ווייסט, דאַמאָלסט, ווען איך האָב אייך אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן, אומבאַקאַנטערהייט.

— האַ?

— איר געדענקט דען ניט? יענעם פרימאָרגן... ס'האָט זיך

אזוי געוואַלט ריידן צו עמיצן... ס׳איז געווען כמעט ווי אַ שפּאַס... און איצט...

בערע האָט זיך אַזש אַ הויב געטאָן פון אָרט:

— גרויסער גאָט! — האָט ער אויסגערופן אַזוי ווי ניט מיט זיין קול.

# דערהויבן געוואָרן

די אָפּערייטאָרן דזשעני האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שאַפּ.

אין יענעם טאָג איז אַ גרויסע אויפלעבונג אין שאַפּ געווען. מיטאָג־צייט האָבן די ארבעטער ארומגערינגלט דזשעני׳ן, ווער מיט אַ ניט־געענדיגטן „סענדוויטש״, און ווער מיט א צענומענער צייטונג. אַלע האָבן זיך מיט איר געפרייט. אויפגענומען איר ווי אן אייגענע:

— דזשעני איז דאָ צוריק!

— דזשעני, דזשעני!

ארבעטער געדענקען נאָך די פריילאַכע פּאַרטי צו איר חתונה, און די פּרעזענטן, וואָס מען האָט איר געגעבן. און איצט? . . . מען האָט שוין אין דער שטיל געשמועסט, אז דזשעני איז זיך צעגאַנגען מיט איר מאַן.

דזשעני שטייט אין מיטן רעדל און שמייכלט צו אַלעמען מיט איר פרישן פּנים און מיט האַלב־פאַרמאַכטע טויאיגע אויגן. עס איז איר גוט איצט צו זיין צוריק צווישן אייגענע. נאָר עס דוכט זיך אַלעמען, אז איר שמייכל איז אַן אומעטיגלאַכער. עפּעס ניט דער־זאָגט און סודות׳דיגס איז אין איר גאַנצן אויסזען. מען פרעגט איר ניט פאַרנאַנדער. ארבעטער פארשטייען און מאכן א שווייג.

נאָר די קליינע ראָזעלע מיט די רויטלאַכע האָר און די געלע ברעמען האָט דזשעני׳ן ארומגענומען פאַר דער טאַליע און קוקט איר אין די אויגן אריין, ווי זי וואָלט וועלן דערגיין פון זיי עפּעס א סוד.

דער אָפּערייטאָר סעם, מיט דעם שיינעם סיווען קאָפּ שמייכלט איר אנטקעגן.

— אָ, סעם, — דערפרייט זיך דזשעני, — איר געדענקט מיר נאָך?

— א שאלה אביסל צי איך געדענקט, — לאַכט סעם, — אויף דער דריי־און־צוואַנציגסטער גאַס צוזאמען געארבעט ביי יענע

לייטע. ביי די דזשייקאָבס, — דערמאָנט ער זיך.

באַלד גייט צו דער אַלטער גדליה מיט די רינענדיגע אויגן. און מיט דעם פּנים, וואָס איז ווי פון שפּינוועבס קאָליר.

— נו, זעסט, געקומען טאַקע, ווי זשע דען? — צעשמייכלט זיך זיין פּנים אין א סך קליינע קנייטשעלאך.

און אָט דערזעט איצט דזשעני סערע דער פינישערין. נאָר סערע קוקט אויף איר מיט אזא בליק, ווי קיין זאַך קען איר שוין ניט איבערראַשן.

— סערע טייערע, איר זענט אויך דאָ! — רופט אויס דזשעני.

— אַ־וואו דען זאָל איך זיין? — רופט זיך אָפּ סערע. און איר קול קלינגט ווי עפּעס פון דערווייט. ווי פון דער אייביגקייט ארויס. דאַמאָלסט דערפילט זיך דזשעני מיט אמאָל ווי א פאַר־שולדיגטע פאַר דעם גאַנצן טומל וואָס זי האָט אָנגעמאכט מיט איר אוועקגיין און מיט איר קומען צוריק.

און בשעת דעם גאַנצן רעש, שטייט דער באַלעבאָס פון שאַפּ אָן א זייט אָנגעלענט מיט א האַלבן גוף איבער דעם קאַטערס טיש און קוקט אריין אין עפּעס אַ רעכענונג. מיט איין אויער הערט ער זיך איין צום גערודער ארום דזשעני׳ן און ער שמייכלט אונטערן נאָז, צופרידן, וואָס אים איז צוגעקומען א גוטע האנט איצט אָ, אין סאַ־מע סעזאָן.

ארבעטער קומען ארויף פון גאַס פון זייער מיטאָג. זיי ברענ־גען מיט זיך א פרישע כוואַליע לופט. און ארום דזשעני׳ן ווערט גרעסער דער רעדל מענטשן. נאָר דער קאָפּ איז ביי יעדערן איצט שוין אין די באַנדלאך ארבעט. באַלד וועט מען אוועקלאָזן די מאַ־שינעס. איבערן שאַפּ הויבט זיך שוין אָן די בהלה. יעדערער לויפט צו זיין אָרט.

נאָטע אפּערייטאָר, וואָס מען רופט אים — דער אריינשיסער, זיצט שוין ביי זיין מאַשין מיט דער ארבעט אונטער דער נאָדל. ער דרייט דעם קאָפּ אומגעדולדיג, ווי אַ פערד אין שפּאַן. קוקט אויפן זייגער און בייזערט זיך:

— שוין צוויי מינוט נאָך איינס. נו, זאָל מען שוין אָנהויבן! און דזשעני האָט שוין געקראָגן איר באַנדל ארבעט. נייטן דער

פאַרמאַן, מיט די בריה'שדיג־פּארקאשערטע ארבל איבער די האַריגע הענט, שטייט נאָך אַ ווײַלע לעבן דזשעני'ן מיט דער סעמפּל־דרעס אין האנט. ער איז צופיל פאַרנומען. רעדט ער נאָר געציילטע ווערטער:

— איך וועט מאכן אזוי אָ . . .

זיינע אויגן, ווי שוואַרצע זשוקלאַך, וואַנדערן דערווייל איבער דזשעני'ס יוגנטלאכן קערפּער, איבער דער פולער ברוסט.

אין א ווײַלע ארום לאָזן זיך שוין אַלע אוועק אין גרויסן געיעג אינאיינעם מיט די מאשינעס. גיך, גיך וויגן זיך די קערפּערס, דורכגענומענע מיט דעם געפיל פון „ספּיד", וואָס איז שוין אריין אין בלוט. איבער דעם שאַפּ טראָגט זיך דער גערוך פון שטויב, בענזין און שווייס. דורך אַ פאַרמאַכטער פענסטער גנב'עט זיך אהער אריין א פיצל זון־פלעק, וואָס שפּילט זיך אויפן וואַנט און מישט זיך אויס מיט דער ליכט פון די עלעקטרישע לעמפּלאַך.

צוויי שכנ'ישע אפּערייטאָרנס, איינע אַן עלטערע מיט א פולער צעוואקסענער קין, און אַן אינגערע, מיט א פריש־„צוגעפּיקסטן" פּנים, האָבן יעדער מאָל, פאַר א נייעם יאָג אויף דער מאשין שטי־לערהייט זיך דורכגעוואָרפן מיט געכאפּטע ווערטער:

— אַזאַ וועלט האָט שוין געמעגט אונטערגיין.

— אמאָל איז כאָטש געווען די האָפענונג — מ'עט חתונה האָבן, מ'עט זיך ארויסרייסן פון שאַפּ.

— וואָס מיינסטו?

— זעסט דאָך, מען קומט צוריק . . .

— דו רעדסט זייער נאַריש. דאָס איז ניט די פראַגע . . .

און ווידער האָבןביידע זיך אַ לאָז געטאָן גאַלאָפּ אויף דער מאשין.

און ביל, דער נעגער־יונג, וועלכער דרייט זיך דאָ ארום אויפן „פלאָר", און באדינט דעם שאַפּ, האָט צוגענומען פון דזשעני'ס האַנט א באַרג מיט קאָלנערלאך, צוגעטשעפּעט איינס צום אנדערן ווי אַ קייט.

— פאר דעם פּרעסער! —האָט דזשעני קורץ אים א זאָג געטאָן. ביל האָט געכאפּט די קאָלנערלאך אין הויפן און איז פייל פון

בויגן געקומען צופליען צום פּרעסערס טיש, דרייענדיג קאַמיש מיט די אויגן־ווייסלאַך: — דאָס איז פאר דזשעני׳ן!

— אָה! — האָט דער פּרעסער זיך אָפּגערופן, און ער האָט אוועקגערוקט אנדערע ארבעט און באלד גענומען זיך פּרעסן די קאָלנערלאך.

און ניט ווייט פון דאַנען, לעבן פינישער׳ס טיש, איז די דריי־פּערן סיידי געשטאנען ארומגערינגלט מיט א סך הילצערנע פיגורן און געשפיליעט אָ דרעס. איר פּנים איז געווען א לענגלאכער און א מידער. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו דער פינישערן סערע, צו פּאַר־ענדיגן מיט איר אן איבערגעריסענעם שמועס:

— מען זאָגט, אז זי האָט אים גאָר פאַרלאָזן. זי שטייט א סך העכער פון אים.

אויף דעם האָט סערע די פינישערן אויסגעצויגן די האַנט מיט דעם לאַנגן נאָדל־פאָדים און האָט אָפּגעענטפערט:

— ס׳איז דאָך ניט מיין זאַך. איר ווייסט דאָך. פון מיינעט־וועגן . . . נאָר די סודות, וואָס מאכט מען פון דעם אזא סוד? יעדע זאַך דארף האָבן א נאָמען.

אז דער טאָג האָט זיך גענעענטערט צום סוף, און די ארבעטער האָבן שוין ארייַנגעטאָן זייער גאנצן אימפּעט אין געניי, האָט ראָזע־לע די אפּערייטאָרן זיך ארומגעזען, אז זי האָט נאָך היינט גאָר ניט אויפגעטאָן קיין ארבעט. זי האָט געהאלטן אין איין מאכן טעות׳ן. האָט צונויפגעשטעלט א „פראָנט״ מיט א „פראָנט״, אָנשטאָט צו־נויפנייען א „פראָנט״ מיט א „בעק״. באלד האָט זי עס געגעבן א טרען אויף און צונויפגעשטעלט שוין א „בעק״ מיט א „בעק״. און אזוי דעם גאנצן נאָכמיטאָג.

נאָר ניט וועגן דעם האָט זי איצט געטראכט. זי איז געווען זייער צעטראָגן. אירע רויטלאכע האָר זיינען זיך צעפאלן אין גע־דיכטע פּאָסמעס, און איר אָטעם איז געווען הייס. זי האָט ניט אראָפּגענומען קיין אויג פון דזשעני׳ן, וועלכע איז געזעסן אנטקעגן־איבער, ביי דער צווייטער ריי מאַשינעס.

יעדן מאָל, וואָס דזשעני האָט געמאכט א באוועגונג מיט איר לאַנגער ווייסער האַנט, און מיט דעם זייגערל ארום אויף א שווארצן

בענדעלע, האָט ראָזעלע געמוזט אויפהויבן דעם קאָפּ און באוואונדערן איר. ראָזעלע האָט גוט געוואוסט, אז סיי אירע שיינע הענט, און סיי דעם זייגערל האָט דזשעני געהאט נאָך פון פאר איר חתונה. און די גאַנצע דזשעני איז דוכט זיך די אייגענע, וואָס געווען. דאָך פילט זי ווי דזשעני איז איצט מיט עפּעס רייכער און שענער גע־וואָרן. טו וואָס־זשע איז דאָס?

ראָזעלע בייסט זיך די ליפּן, וואָס זיינען איר אזוי אויך רויט געוואָרן. אירע אויגן קוקן שארף און אָנגעשטרענגט ערגעץ פאָראויס, זוכן אן ענטפער.

נאָר אז זי גיט נאָך איין מאָל א בליק אַהין, אין דזשעני׳ס ווינקל, ווייס זי שוין, וואָס דאָס איז. עס ווערט איר מיטאמאָל אזוי וואויל און גרינג אויפן הארצן, ווי אימיצער וואָלט פאר איר עפּעס דערקלערט. קלאָר געמאכט, און זי טראכט איצט ביי זיך:

„דזשעני זעט דערפאר אויס אזוי געהויבן, ווייל זי האָט פאר־זוכט דעם טעם פון לעבן, מיט זיינע פריידן און ליידן. זי האָט געלעבט. אָט דאָ ליגט דער גאנצער סוד".

און איצט פאַרענדיגט שוין ראָזעלע א פריילאכע איר טאָג אר־בעט. און דער רעש פון איר מאשין גיסט זיך צונויף אינאיינעם מיט די איבעריגע אין איין כאָר.

נאָר דער אלטער אפערייטאָר, גדליה, מיט די רינענדיגע אויגן פאַרעט זיך שטיל און איינער אליין אין זיין ווינקל ביי זיין מאשין, וואָס האָט זיך פונקט איצט אויסגעפּעדימט און ס׳איז אים עק וועלט.

# די באָבע און איר פרײַנט

אין א פיצל צימער, ביי דער טאָכטער אין הויז, האָט די באָבע געוואוינט, אינאיינעם מיט איר באַלעבאַטישקייט: אירע בעטגע־וואַנט, איר סידור און אירע כשר׳ע געפעס. ארום איר איז אָנגע־גאנגען דאָס רוישיגע לעבן פון דער משפחה אין הויז. און ווייל די באָבע איז שוין געווען זייער אלט, האָט זי זיך מיט אָט דעם לעבן ניט אָנגעקערט. זי איז מערסטנס געזעסן ביי זיך אין צימער אויפן בעטל, געקוקט מיט שטאַרע אויגן אין דער ווייטקייט און געזען דאמאָלסט זאכן שוין פארגאנגענע, דעם אמאָל, און איר אייגענע יוגנט, דאָרט, אין דער ווייטער, אלטער היים.

דריי קינדער האָבן זיך געהאָדעוועט אין שטוב. געזונטע, צע־וואקסענע חברה־לייט. און אז זיי פלעגן זיך צונויפקומען פון גאס, זיינען זיי געווען אזעלכע צעברויזטע און ווידערשפעניגע, אז ס׳האָט זיך דער באָבען געדאכט, אָט וועלן זיי נעמען קריכן אויף די ווענט, אָדער חלילה, אונטערצינדן דאָס הויז. זי האָט שוין געזאָגט צו איר טאָכטער, דער מאמען פון די קינדער, אז אפשר האָט מען ניט געדארפט אזוי זיי „נאָכגעבן די שמד״, איינצאמען אביסל זייער ווילדקייט:

— געדענקסט, טאָכטער מיינע, ווי מיר אין זייערע יאָרן . . . אָ־האָ וואָס מען האָט שוין אויפגעטאָן. און דעם יאָך וואָס מען האָט שוין געהאט אויף זיך . . .

האָט די טאָכטער נאָך אומעטיגער געשמייכלט. אליין איז די טאָכטער שוין געווען א מידע און אן אויסגעארבעטע פרוי, מיט צעשרויפטע נערוון. איר מאן איז אין שטוב קיינמאָל ניט געווען, צוליב זיינע ביזנעס. איז זי אליין אויך אָפט אוועקגעגאנגען פון שטוב ערגעץ פארברענגען, כדי אָפצורוען אביסל איר קאָפּ. די באָבע האָט געקוקט אויף איר טאָכטער מיט גרויס צער און זי האָט

זיך שטענדיג געוואונדערט: אינגאנצן דריי קינדער האָט די טאָכטער אויסגעהאָדעוועט, און וואָס פאר א תל ס'איז פון איר געוואָרן. דער אַלטער קאָפּ מיטן שייטל האָט זיך געשאָקלט אויף ביין, ווי זי וואָלט אָפּגעלייקנט אזא וועלט מיט אזעלכע פירונגען.

איינמאָל, אז די באָבע איז געזעסן ביי זיך אויפן בעטל איבערן סידור, האָט זי מיט אמאָל דערהערט ווי דער רעש פון שטוב איז געוואָרן שטארקער ווי אלעמאָל. דאָס האָבן די קינדער געבראכט מיט זיך פון גאס א גרויסן הונט, וואָס זיי האָבן אים גערופן „פרינצי". פרינצי איז גראָד געווען א „פלאָכער" הונט, מיט א געקרייזלטע, גרויע פעל און מיט גוטע ברוינע אויגן. ער האָט קיינעם ניט געביסן נאָר די באָבע האָט פון דעם ניט געוואוסט. זי האָט נאָך גוט געדענקט די שרעק פון אמאָל אין דער היים, אין דעם קליינעם שטעטל, ווען מען האָט זיך געדארפט היטן פארביי־גיין די גוי'אישע געסל, אז די שקצים זאָלן ניט אָנרייצן זייערע הינט.

די קינדער האָבן מיט פרינצי'ן פארפירט ווילדע שפילערייען. דער האָט אים געריסן פאר די אויערן, דער פארן ווידל, אָדער זיי האָבן געזעצט זיך אויף אים רייטנדיג. די קולות דאמאָלסט אין שטוב זיינען געווען גרויס, נאָר פארהילכט צו ווערן. און דער באָבע'ן האָט זיך נאָר געדאכט, אז אָט באלד וועט זיך דער הונט צעבילן און איינבייסן א קינד מיט זיינע הינטישע ציין. אן אומ־רואיגע און א צעשראָקענע האָט די באָבע זיך צונויפגעצויגן אין א ווינקל פון איר בעט. זי האָט גענומען דעם סידור אין האנט און געפרואווט ארייננקוקן אין די פארגעלטע בלעטער. און מיט בטחון אין הארצן האָט זי זיך אליין געטרייסט: „מ'וועט אפשר דאָס אויך איבערקומען" . . .

אָנגעשפילט זיך געַנוג מיטן הונט, האָבן די קינדער באלד דער־נאָך ארויסגעלאָזט זיך צוריק אין גאס. די באָבע הערט איבערן שטוב איז מיטאמאָל געוואָרן מאָדנע שטיל, אויס טומל. זי גייט ארויס פון איר צימער, זי זעט ווי אלע זיינע זיך צעלאָפן, די טאָכ־טער איז אויך ניטאָ, נאָר דעם הונט האָבן זיי איבערגעלאָזן אין

שטוב. די באָבע פּילט, עס גייט איר איבער א סקרוך איבערן לייב: „איינע אליין מיט א הונט אין שטוב!"

„פּרינצי" האָט זיך באַלד גענומען רייסן די טיר. משמעות, ער וויל אויך ארויס אין גאס. און א וואָיען, ניט דאָ געדאכט, ער רייסט איין וועלטן. וואָס־זשע טוט מען דאָ? דער באָבען פּאַלט איין, זי וועט דעם הונט גאָר געבן צום פרעסן, פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל. זי גייט אויף גיך צום אייז־באקס, קריגט פאר אים א שטיק פליייש מיט גוטע ביינער.

— נאָ, נאָ! — זאָגט זי צו פּרינצי׳ן, אויסלייגנדיג פאר אים דאָס עסן. און אליין טרעט זי אָפּ אָן א זייט. פּרינצי באשמעקט דאָס פליייש, כאַפּט א קוק צו דער באָבען מיט אומצוטרוי. נאָר באלד נעמט ער זיך שלינגען דאָס עסן, קנאַקן געשמאק די ביינער און ברומט אונטער בשעת מעשה.

— א סוף! — זאָגט די באָבע צו זיך אליין, — צוגעמאַכט אים דעם פּיסק. און אביסל אָן איינגערואיגטע גייט זי צוריק אוועק צו זיך אין צימער.

עס גייען אוועק א פּאָר טעג. די קינדער שפּילן זיך טאקע מיט פּרינצי׳ן, נאָר אויף געבן אים עסן האָבן זיי קיין צייט ניט. זיי זיינען צופיל פאַרטאָן אין געיעג. די באָבע קען ניט צוזען א הונט זאָל הונגערן. ס׳איז דאָך פאָרט א לעבעדיגער נפש, קאָרמעט זי אים אָן:

— נאָ, פרעס און לאָז מיך צורו, — זאָגט זי מיט א כעס צו פּרינצי׳ן.

דער הונט גייט שוין אליין צו צו דער באָבען אלע טאָג, נאָך זיין פּאָרציע עסן. דער באָבען ווערט סומנע פון דעם הונט׳ס בעטנ־דיגע בליקן. אז אים וועט זיך נאָר פאַרוועלן, קען ער צו יעדער צייט נעמען און איר א ביס טאָן. פונדעסטוועגן האָט זי זיך שוין צוגעוואוינט אביסל צו זיין וואָיען און האווקען, און זי האָט שוין ניט אזוי מורא ווי פריער.

אין גאנצן הויז האָט די באָבע ניט קיין פריינט. אז זי דער־פילט זיך שלעכט און מוז אָפּליגן אין בעט א טאָג אָדער צוויי, איז

ניטאָ מיט וועמען אויסריידן א פּאָר ווערטער. די טאָקטער וועט צוגיין אויף א ווײַלע:

— נו, וואָס מאכסטו, מאַמע? — וועט זי א פרעג טאָן. נאָר קיין סך צייט צו פארברענגען מיט דער אַלטער מאמען, וועט זי ניט האָבן.

פּרינצי שטייט ביים בעט און היט איר אָפּ, אז קיינער זאָל איר ניט טאָן קיין שלעכטס. די באָבע פילט זיך אזש ניט באקוועם, און זי שעמט זיך פאר זיך אליין:

— גיי אוועק פון מיר! — טרייבט זי אים פון זיך, — ס׳טגעזען אביסל א הונט, טרעט ניט אָפּ. דאָך ווערט זי גערירט פון פּרינ־צי׳ס פריינטשאַפט און זי טראכט ביי זיך: „אפנים, אז הינט זיינען אויך דאָ אַלערליי" . . .

מאכט זיך איינמאָל, אז די באָבע נעמט אונטער א רייזע אין ווייטן ברוקלין. זי באגעגנט דאָרט אַלטע פריינט. מען רעדט פון פארגאנגענע יאָרן, מען דערמאָנט זיך די יוגנט. צוריק קומט די באָבע א צעטרייסלטע, א האלב־קראַנקע. דער ערשטער, וואָס קומט איר אנטקעגן איז פּרינצי. ער גיט זיך א שטעל אויף און מיט די פאָדערשטע לאַפּעס דערגרייכט ער איר ביזן האלז. ביי דער באָבען שטעלן זיך אויף די האָר אויפן קאָפּ, כאָטש זי ווייס שוין, אז בייסן וועט ער זי ניט, נאָר פארקערט, — פון ליבשאפט פאלט ער דאָס אזוי אויף איר ארויף.

— גיי אוועק, כ׳האָב דיר פיינט! — שרייט זי אויף אים אָן. נאָר איר קול איז א מילדער. ס׳איז א סברה, אז זי האָט זיך אויך פארבענקט נאָך אים.

דער באָבען געפעלט ניט דער נאָמען פּרינצי, ס׳איז א גויי־אישער נאָמען.. שפּרינצע וועט זי אים רופן. — עס, עס, שפּרינ־צעלע, — רעדט זי צו אים היימיש. און אז פּרינצי קוקט איר אָן מיט זיינע גוטע, ברוינע אויגן, גיט זי אים א גלעט איבער זיין ווייכער פעל, און א גרויסע פריינטשאפט וועבט זיך דאמאָלסט צווישן פּרינצי׳ן און דער אַלטער באָבען..

די טעג שטייען ווארימע, זומערדיגע און די באָבע פירט פּרינצי׳ן שפּאצירן. ביז איצט האָט די באָבע ווייניג זיך באוויזן

אין גאס, נאָר צוליב פּרינצי׳ן, מוז זי שוין גיין. דערווייל האָט זי אַליין אויך הנאה פונם ביסל פרישע לופט. און אז א פרעמדער הונט קומט איר אנטקעגן, שרעקט זיך שוין ניט די באָבע. זי ווייס, פּרינצי וועט זיך פאר איר אָננעמען. פּרינצי אַליין איז אויך צו־פרידען צו פארברענגען מער מיט דער באָבען איידער מיט די קינ־דער. ער איז שוין ניט אזוי יונג און ער איז שווער־לייביג, און ס׳איז ניט פאר זיינע כחות מיטצוהאלטן מיט די קינדער אין זייערע ווילדע שפּילערייען.

די באָבע שטעלט זיך אָפּ א ווײַלע אויף איר גאנג. א פרישער ווינטל טוט איר א ווייע אין פּנים. זי טוט זיך אַ דערמאָן אָן אמאָ־ליגע יאָרן, אָן איר יוגנט און זי זיפצט אָפּ:

— אַ שאָד וואָס מען קען שוין ניט אומקערן צוריק יענע יאָרן, אַ שאָד, א שאָד.

# אָז אַז אויסוועג

שוין צום וויפלטן מאָל ווי סעם רובין האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך: ער וועט פאַרקויפן די סטאָר זיינע, אויפגעבן די ביזנעס. טאַקע, וויפיל איז דער שיעור צו דערלייגן?

אויף דער „עוועניו", אַ גאַס אָנגעפּיקעוועט מיט סטאָרס, האָט סעם רובין זיין מסחר געפירט מיט אייער, פּוטער און קעז. זיין קליידל איז ווי אַ שמאָל פּאַסיקל ארייננגעשטופּט געוועזן צווישן אַ בוטשער־סטאָר און אַ הערינג־געשעפט. אזוי שמאָל איז שוין סעמ׳ס קליידל געוועזן, אז גאָסי, זיין ווייב, אַ קורצע אויפגעבלאָזענע אידענע, מיט ריזיגע היפּטן, האָט דורכשטופּנדיג זיך דורך דער לענג פון קרעמל, יעדעס מאָל עפּעס פאַרטשעפּעט אין קאָנטער. גאָסי האָט דערפאַר געשאָלטן מיט טויטע קללות איר מאַן, דעם שלימאַזל און איר גאַנצן אָפּגענאַרטן און פאַר׳חושכ׳טן לעבן.

נאָר סעם רובין האָט צו אירע קללות זיך ניט צוגעהערט. מיט די הענט אין די קעשענעס, אַ צעטראָגענער, אַ פאַר׳חוש׳טער, האָט ער דעם גאַנצן טאָג אויף דער שוועל פון זיין קליידל זיך גע־טאָפּטשעט, און די אומרואיגע, ווי איבערגעשראָקענע אויגן, האָבן גיריג אויסגעקוקט אויף אַ קונה. און ניט נאָר די אויגן, נאָר זיין גאַנצער דאַרער, אויסגעבויגענער גוף, דער אויסגעצויגענער פּנים און דאָס דינע, שפּיציגע בערדל, האָבן אַלץ אינאיינעם אויסגעמאַכט ווי איין שטומען געבעט צו די פאַרבייגייער פון גאַס:

— נו, קומט שוין אריין. גיט עפּעס צולייזן, גזלנים!

ארום אים האָט די מאַרק־גאַס געווימלט מיט מענטשן, מיט קויפער און פאַרקויפער, וואָס האָבן פאַרהאַוועטע געדרייט זיך אויף און אָפּ, ווי אין אַ משונה׳דיגן קאַראַהאָד. עס זיינען דאַמאָלסט געשטאַנען הייסע, זומערדיגע טעג, און אומעטום ארום די קראָמען זיינען די „סטענדס" געווען שווער באלאָדן מיט עסנווארג, ווי פון

צופיל שפע. א ים מיט גרינס און פרוכטן האָבן שעמערירט אין גרינע און גאָלדענע קאָלירן. קרעמער, פארשטויבטע, צעטריקנטע פון ווינט און זון, און איינגלאָך מיט בלייכע, אויסגעווייקטע פנימ׳ער, האָבן געגוואלדעוועט, איינגעלייגט א וועלט און אזוי ארום געגעבן צו וויסן וועגן זייערע מציאות, און צעכראָסטעטע ווייבער מיט איינגעפעדערטע האָר, האָבן זיך מיט זיי געקריגט פאר ניט דער־וועגטע סחורה.

און ווי באזונדער פון גאנצן הו־הא, איז סעם דאמאָלסט אויף דער שוועל פון זיין קלייטל געשטאנען און אין זיינע אייגענע רעיונות געפּלאָנטערט זיך און געדרייט. אומעטיגע רעיונות וועגן דער גרויסער „דעירי־סטאָר״, וואָס שוין באלד אָט א יאָר ווי ס׳האָט זיך אויפגעעפנט דאָ גלייך סעמ׳ען אונטערן נאָז.

סעם קוקט ניט אין יענעם ווינקל, נאָר ער זעט פאר זיך אָט די סטאָר מיט אירע אויסגעפּוצטע „שאָו־ווינדאָוס״ און דעם ליכ־טיגען שילד: „דעירי און פענסי גראָסעריס״. ער זעט דעם באלע־באָס יענעם, דזשוליוס מענדעל, א געזונטן, מיט שטארקע פּלייצעס און ראָזעווען פּנים. אָנגעטאָן אין ווייסן פארטוך, באדינט ער די סך „קאָסטימער״ קאַלטבלוטיג און כלומרשט העפלאך, אלץ אויפן גוי׳אישן שטייגער.

„מענטשן האָבן דרך־ארץ פאר אזעלכע״, — טראכט סעם. „א קאָסטאָמער האָט ליב דעם אָנשטעל, א קאָסטאָמער״. ער פארבייסט זיינע ליפּן, און ס׳ווערט אים איצט מאָדנע קלאָר, אז פארפאלן. ער טויג זיך ניט אויס מער פאר ביזנעס. און דערנאָך שוין דעם גאנצן טאָג קוקט ער נאָר פאר זיך מיט צעשראָקענע אויגן.

ער פּרוּווט אויפרעכענען אויפן קאָפּ אלע זיינע חובות, און נאָך מיט מער שטארקייט מאכט ער אָפּ ביי זיך:

„ער וועט צונויפקלייבן דאָס ביסל געלט, וועט אוועק פון דאנען מיטן ווייב און קינדער ערגעץ וואו נאָר די אויגן וועלן אים טראָגן!״

ס׳האָט אמאָל פּאַסירט ווי אין מיטן פון אָט די געדאנקען איז א קונה אריין. סעם האָט זיך א צאפּל געטאָן, איז באלד „ביזי״ געוואָרן. ער האָט געוואויגן דאָס פּערטל פּוטער, אזש די הענט האָבן געציטערט. אָט האָט ער ארויפגעלייגט שוין א צו גרויסע

שטיק. באלד אראָפּגעכאַפּט, און ס׳איז שוין געווען צו ווייניג, ניט דערכאַפּט ביזן ציגל פון וואָג. דער קונה, גראָד א יונג, חנ׳עוו־דיג ווייבל, גייט אזש ארויס פון געדולד:

— וואָס ציטערט איר אזוי איבערן פוטער? ס׳איז דאָך ניט קיין גאָלד!

— ס׳איז יע גאָלד, — שמייכלט סעם, און ווייזט זיינע עט־לאכע איבערגעבליבענע ציינער, — נאָך א מין גאָלד. נישקשה, אז ס׳קומט דער טערמין און מ׳דארף צאָלן מיט טשעקס . . . גיי דער־צייל דאָס דעם קאַסטאָמער. א קאַסטאָמער וויל פון גאָרניט וויסן, א קאַסטאָמער.

ער שמייכלט, סעם, אנטקעגן דער יונגער פרוי. ער וואָלט איר וועלן פארהאלטן וואָס לענגער, באַר די פרוי איז שוין ניטאָ. און סעמ׳ס פּנים, וואָס איז א ווײלע אויפגעלעבט געוואָרן, לעשט זיך איצט אויס. ער קוקט איר נאָך מיט דעם דאַרן אויסגעצויגענעם האלדז און מיט בענקשאַפט אין די אויגן. און מענטשן גייען פאַרביי, גיבן אויף אים א פאר׳חידוש׳טן קוק און גייען ווייטער. און סעם דערפילט פלוצלונג א גרויסע שנאה צו די פארבייגייער פון גאַס, פאר זייער גלייכגילטיגקייט צו אלץ. א מענטש קאָן אנידערפאַלן פאר זייערע אויגן און ס׳וועט זיי גאָרניט אָרן. סעם פילט ווי עס נעמט אים שטיקן א כעס: „ס׳זאָל אָנצינדן א פייער דעם גאנצן מאַרקעט און אלץ זאָל אוועק מיטן רויך, און ס׳זאָל ברענען יענע גרויסע דעירי־סטאָר מיט איר באַלעבאָס, מענדעלע גנב״.

* * *

אַז גאָסי, זיין ווייב, רופט אים עסן, האָט נישט סעם קיין אפּע־טיט. אָנשטאָט הונגער, פילט ער שטענדיג א מין זויערקייט אין מויל. עסן עסט סעם כאַפּנדיג און שלינגענדיג גרויסע שטיקער.

אין דער טיפּעניש פונם קלייטל, אָפּגעצאַמט מיט ברעטלאַך, האָט גאָסי דעם עסן געגרייט פאר איר מאַן און זייערע צוויי קינ־דער. סעמ׳ס צוויי זין, דזשייקי און אייק, זיינען געווען שוין דער־וואַקסענע, געזונטע יונגען, און זיך געלערנט אין די סקולס. און אַז זיי האָבן זיך ארייננעלאָזן אַהער מיט זייער אימפּעט און מיט די קלינגענדיגע יונגע שטימען, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך עפּעס

פון אזא וועלט, וואָס איז סעמ׳ען ניט פאַרשטענדלאך געווען, און זיי האָבן געמאַכט די ענגע קרעמל נאָך אויסזען קלענער.

אין יענע זוניקע טעג איז דאָ אין קרעמל געווען האַלב־פינסטער, און די זון־פלעקן אויף די צעשטשערבעטע ווענט האָבן אויסגעזען ווי פאַרבלאָנדזשעטע פון ערגעץ. ליידיגע קאַסטנס און פארלעגענער מיסט האָבן געקראָכן אונטער די פיס, און שלעכטע ריחות האָבן געשלאָגן צום נאָז. געגעסן האָט סעם שטייענדיג אנטקעגן א הינקענ־דיגן, האַלב־צעפאַלענעם טישל. ניט איינמאָל האָט ער שוין גענומען א האַמער אין האנט, מיט א טשוואָק, דעם טישל אויסצוגלייכן, נאָר ער האָט באַלד דעם האמער פון האנט ארויסגעלאָזן: סיי ווי איז מען דאָ נאָר אויף דערווײַלע. ביז ווי לאַנג דען וועט ער עס אזוי הענגען אין דער לופטן?

ניט מיט קיין וואַרעמקייט אין קול און ניט מיט קיין שמייכל האָט גאָסי, זיין ווייב, אים דעם עסן דערלאַנגט, נאָר ווי א מוז. אין אירע מוטנע אויסגעקווילערטע אויגן איז ווי אַן אָנקלאָגע אַנטקעגן איר מאַן געלעגן פאַרגליווערט. אזוינס, וואָס האָט גערעדט, אַז זי וועט שוין אזוי אָפּפינסטערן אירע יאָרן פאַר דעם מאַן, דעם שלים־מזל, אָן א מענטשלאַכער היים, אָן לייב־און־לעבן.

סעם, ווידער פון זיין זייט, אז ער האָט זיך אמאָל פאַרקוקט אויף זיין ווייב, אויף איר אויפגעבלאָזענעם בויך און די אָפּגעקראָ־כענע האָר, האָט ער זיך געוואונדערט: וואוּ איז אהינגעקומען איר אמאָליגער חן? זי האָט זיך דאָך אזוי געפּוצט מיידלווייז. איצט, אז זי האָט אים שוין אַריינגעקראָגן, מעג זי שוין אַלץ אַראָפּוואַרפן פון זיך. יע, אַלע כאַפּן אים נאָר אַריין, נאַרן אים אָפּ.

אָט אזוי א פאַרטראַכטער איז ער אמאָל ביים טישל געשטאַנען, קייענדיג זיין ברויט און בריענדיג זיך מיט דער הייסער קאַווע, און מיט די אויערן אָנגעשפּיצט צום סטאָר. דאָרט ביים קאָנטער איז איצט דער עלטערער זון זיינער, דזשייקי, געשטאַנען און א צעבייי־זערטער אָפּגעענטפערט אַן איבערקלייבערישן קונה:

— מיסעס, יו דאָנט וואָנט איט, דאָנ׳ט טעיק איט!

האָט זיך סעם באַלד צו זיין זון א לאָז געטאָן מיט די לאַנגע פיס, און קייענדיג, זיך אויף אים אָנגעבייזערט:

— ווי אזוי רעדסטו צו א קאָסטאָמער, ווי אזוי?
און באַלד שוין גאָר מיט גוטן זיין זון געגעבן צו פארשטיין:
— א קאָסטאָמער האָט ליב איידלקייט. אָנשטעל האָט ער ליב. אזא קאָסטאָמער, ווידער, וואָס קלייבט רק און שמעקט, קענסטו גיכער ארייננרוקן אזוינס וואָס . . .
נאָר דזשייקי האָט אויף אים א קוק געטאָן מיט א ביטול־שמייכל פון אזא זון, וואָס האַלט זיך קליגער פאר זיין טאטן.

* * *

אין די שפּעטע זומערדיגע פארנאכטן, ווען קונים אין גאס זיינען שוין ווייניגער געוואָרן, האָבן שכנ׳ישע קרעמער, וואָס ארום סעמ׳ס סטאָר, געשטעלט זיך אין א רעדל צו כאפּן א שמועס. וואַלינסקי, דער בוטשער, מיט די ממזר׳ישע אויגן, וואָס פאר זיין גוטן ענגליש רעדן איז אים סעם מקנא געווען, און משה דער הערינג־קרעמער, מיט דער צעפּלאָנטערטער באָרד און שטענדיק פארקאטערטער נאָז. עס האָט זיך צוגערוקט אַהער דער „וועדזשעטייבל־מאן" היימי, וואָס ביי אים איז דאָס בערדל א צעזייטע געווען, א שיטערע, און מיסעס קאָהען פון „אפּעטייזינג־סטאָר", מיט איר סוחריש־מאנסבלישן אויסזען, וואָס האַלטנדיג די הענט אין איר פארטוך, האָט זי זיך שטענדיג מיט עפּעס אויסגעבארימט פאר גאָסי׳ן, סעמ׳ס ווייב.

עס איז געווען פרייליך צווישן דעם רעדל קרעמער, וואָס האָבן פון זייערע אייגענע שלעכטע געשעפטן זיך געוואָרטלט און אליין זיך אונטערהאַלטן מיט א געשמאקן וויץ. סעם האָט זיי געהערט מיט א האַלבן אויער און זיינע אויגן האָבן פארקלערט געקוקט אהין צו יענער גרויסער דעירי־סטאָר, וואָס איז איצט געווען ליכטיג באַ־לויכטן. ווי ניט־וויסנדיג וואָס ער טוט, איז סעם באַלד אליין אויס־געוואַקסן לעבן יענער סטאָר. ווי א גנב זיך געשטעלט ביי א זייט טיר, און מיט די אויגן זיך איינגעגעסן אין די אויפגעשריבענע פרייזן אויף יעדער ארטיקל דאָרט אין פענסטער.

ס׳האָט דעמאָלט דזשוליוס מענדעל איינגערעדט א קונה ווייך און איידל:

— אָט די אייער? טרייט עס נאָר און איר וועט מיר דאנקען. איינגאנצן צוויי טעג אַלט.

סעם האָט זיך אויף שנעל געגעבן א טראַג־אָפּ פון דאנען. אים האָט געברענט איצט דער כעס אויף דעם מענדעל,וואָס קען אזוי גלאַט אָפּטאָקן א ליגן, גיט זיך אפילו ניט קיין קרים. און ער, סעם, אז ער פארקויפט שוין אמאָל א פארלעגענעם ארטיקל, איז ער רק ניט זיכער מיט זיך, טאָמער וועט מען אים באַלד צוריקוואַרפן עס אין פנים.

ער איז שוין דערנאָך צו זיין קראָם געגאנגען מיט א שווער הארץ. געקוקט מיט בלאָנדזשענדיגע אויגן אין דער פינסטערניש און געטראַכט, אז אים פעלט די זיכערקייט, די חוצפה פון א מענדעל. אים פעלט די שטארקייט. אים פעלט . . . אים פעלט . . .

און דאָרט ארום זיין סטאָר איז נאָך די גאנצע קאמפאניע קרעמער געווען און זיי האָבן סעמ'ען מיט פרייליכע ווערטלאך באַגעגנט:

— שאַ, אָט איז ער דאָך, סעם!

— אזוי גאָר סעם, אליין, אָן דער אידענע שלעפּט מען זיך דאָס ארום?

— סעי, האָסט דאָ דערווייל א פּאָר קאָסטאָמער פארלאָרן . . . און סעם האָט ביטערלאך צוגעשמייכלט:

— ווער דארף זיי, די קאָסטאָמער, ווער דארף זיי?

ווי אויף צו־להכעיס אים, האָט גאָסי, זיין ווייב, שטייענדיג דערביי מיטביידע הענט אין אירע ריזיגע זייטן איינגעראָבן, הויך אויסגעזונגען:

— איר הערט, מענטשן, ער דארף שוין ניט קיין קאָסטאָמער!

סעם האָט פאַרשטשעמעט זיינע ליפּן: אזא בהמה, אן אייגענע ווייב זאָל אים זיין א שונא. געקענט האָט ער אריינזאָגן איר איצט אזא וואָרט, אז ס'זאָל איר פארגיין אין דער זיבעטער ריפּ, נאָר ער האָט זיך ניט געוואָלט אָנהויבן מיט זיין ווייב, וואָס אין א קריג, קען זי אזוי קונציג צעדרייען זיינע רייד, אז זי זאָל נאָך ארויסקומען גערעכט.

די גאס איז געלעגן א צוגעשטילטע שוין, ווי איינגערואיגט פון דער מילדער נאכט. איינציגע קרעמער האָבן זיך נאָך פארהאלטן אין זייערע האלב־באלויכטענע קליטלאך און מיט וואנדערנדיגע

אויגן ארויסגעקוקט אויף א פארשפעטיגטן קונה. סעם האָט פאַר־שלאָסן זיין קראָם און אן אָנגעכמורעטער געלאָזן זיך גיין אהיים, און גאָסי, אויך א ברוגז׳ע, האָט ווי א שאָטן זיך נאָך אים נאָכגעשארט.

* * *

אין דער היים, אין דאָך־שטיבל, איז געווען ענג און שטיקעדיג. דאָס איינציגע פענסטערל פאררוקט אָן א זייט פון וואנט, האָט דער־מאָנט אָן א בלינדן אויף איין אויג. און אומעטום אין די ווינקלען זיינען די קינדערשע ביכער און אויפגעקנוילטע קליידער געלעגן אויסגעמישט אינאיינעם.

סעם האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די זאכן, נאָר געבליבן נאָך זיצן אויפן ראַנד פון בעט, אַ פאַרקלערטער, מיט א שוך אין האנט. און גאָסי האָט זיך ארייגעקוליעט אין בעט מיט דער גאנצער שווער־קייט פון איר גוף און געבליבן ליגן א צעוואלגערטע און סאָפּענדיג פון היץ:

— זאָל ער אויסלעשן די „לעקטרע״, — האָט זי א ברוגז׳ע ארויסגעברומט, — ברענט אומזיסט, פרעג וואָס?

סעם איז באלד ווייכער געוואָרן. ער האָט ניט געקענט פאַר־ליידן קיין ברוגז, און אלעמאָל דער ערשטער זיך איבערגעבעטן.

— אזוי מיך פארשעמען פאר מענטשן אין סטאָר, — האָט ער אָנגעהויבן, — א אידענע זאָל נישט פארשטיין, אזא אידענע.

— וואָס איז דאָ צו פארשטיין? — האָט זיך גאָסי געגעבן א זעץ אויף אין בעט, און ארומגעפירט מיט אירע אויסגעקוילערטע אויגן ארום זייער שטוב, — מען ליגט גוט אין דר׳ערד, דאָס אלעס וואָס איך וויים.

— נו, אוודאי, אז מען קען ניט בלאָפן, מען קען ניט אריינ־כאפּן יענעמס, איז מען שוין קיין מענטש ניט, — איז סעם ארויס מיט זיין ערלעכקייט, ווי מיט א שילד זיך צו באשיצן אנטקעגן זיין פרוי.

— הערסטו, גאָסי! — איז ער פלוצלינג געוואָרן באלעבט און זיך אָנגערירט מיט זיין האנט אָן גאָסי׳ס זודיגער קני, — דו הערסט, אז ס׳זאָל זיך ווענדן אָן מיר, וואָלט איך געמאכט . . . כ׳וואָלט

פארוועדן יעדן בלאָף, אז ס'זאָל אַלץ גיין נאָר אויף ראַיעל.

— שוין, ער הויבט שוין אָן ריידן פון היץ, מײַנע שונאים, קריכן אויף די גלײַכע ווענט, — רופט זיך אָפּ גאָסי, און זי נעמט פון אים אוועק די קני.

ווערט שוין סעם נאָך מילדער און ער הויבט אָן זײַער ווייך:

— בהמה! אז ניט ווײַל איך דען ניט מיר זאָלן לעבן ווי מענ־טשען? אויף א פעסטן גרונט, מיט א רעגעלע היים, אז די קינדער זאָלן ניט דארפן זיך ארומוואלגערן, און אזוי אַלץ מיט אנאנדער. וואַרט, אָט גייט א פאר יום־טוב. מען וועט אָפּלייזן דאָס ביסל געלט, צונויפקלייבן . . .

— אז קיין פרישע סחורה נעמט מען ניט אריין, ווי אזוי וועסטו לייזן?

— פרישע סחורה? ס'הייסט לייגן די לעבעדיגע אויף די טויטע?

— מאכט שוין סעם א צוג אויף צוריק.

— רבונו של עולם! — צערייצט זיך שוין גאָסי, — אהין אָדער אַהער. פארקויף און נעם איין . . . מיט דײַן סטאָר אינאײנעם!

האָבנדיג שוין אַלץ געזאָגט, ציט זיך גאָסי אויס אין בעט און קערט זיך אום צום וואנט. סעם לעשט אויס די עלעקטריק. ליגנדיג ביי גאָסי'ס אומגעקערטער פלייצע, דוכט זיך אים, ווי ער איז צו־געשפארט צו א וואנט, וואו ווייטער קען מען ניט גיין. ער איז ווי ארײַנגענומען איצט אין א קלעם און עס ווערט אים ענג אין האלז. דאמאָלסט נעמט זיך סעם צו זײַנע אויסטראכטונגען, אלערליי פאנ־טאזיעס וואָס ער פארמאָגט. ער פליט מיט זיי אין דער לופטן. זײַן צעהיצטער מוח ברענגט אים צוטראָגן אלערליי גוטע אײַנפאלן, פלע־נער איינס שענער פון אנדערן:

מענדעלע גנב האָט זיך אויסגעבראָכן א פוס, ליגט אין שפּיטאָל און זײַן דעירי־סאָטר פוסטעוועט. ער אליין, סעם, האָט גייענדיג אין גאס, געפונען א פעקל געלט. ער ווערט רײַך, און גאָסי, זײַן ווייב, ווערט אים זייער געטריי, און רק זי קוקט אים אין די אויגן. עס איז אים גאָר גוט איצט, סעמ'ען. נאָר אז ער שלאָפט איין, קומען צו אים ווידער אַלע ערגערנישן פון טאָג: די ניט־באצאָלטע

טשעקס, נאָוטס און גמילת־חסדים, און ער וואַרפט זיך אַן אומרו־איגער אויף זיין געלעגער.

* * *

די זומערדיגע פרימאָרגנס זיינען געווען שטילע, דורכזיכטיגע. סעם האָט איינמאָל אין דערפרי, דורכגעגאַנגען זיך איבערן „מאַר־קעט", האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים איטאַליענער, וואָס האָט מיט גרויס קענטעניש אויסגעלייגט זיין „סטענד", ווי אַ פאַרביגער, בליענדיגער גאָרטן, האָבן זיינע גרינסן אויסגעזען. סעם איז אַ ווײַלע געבליבן דאָ שטיין פאַרגאַפט. אַז ער איז צוגעקומען צו זיין סטאָר, האָט ער שוין געהאַט אַ וואונדערלאַכן איינפאַל. ער וועט אַריינגעמען נייע אַרטיקלען אין סטאָר, אַ שטייגער, גראָסעריס, ביסקוויטס און פענסי קעיקס, און ער וועט מיט דעם אויספּוצן זיין „שאָו־ווינדאָו".

— אַ קאָסטאָמער האָט ליב אַ שיינעם אויסקוק פון סטאָר, אַ קאָסטאָמער — האָט ער אַ צעהיצטער גערעדט צו גאָסי'ן, זיין ווייב.

גאָסי, וואָס האָט דאַמאָלסט אין קיך זיך געפּאָרעט אַרום אַ זודיגן טעפּל, האָט נאָר סקעפּטיש אַ שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז:

— ס'וועט דיר שוין העלפן, יע, ווי אַ טויטן באַנקעס, — און זי האָט צוריק אַראָפּגעלאָזן איר קאָפּ צום זודיגן טעפּל.

ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער, האָט סעם זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן: „בהמה!" — אין אים אַליין האָט זיך איצט צע־וואַרעמט אַ פונק פון האָפענונג צוריק זיך שטעלן אויף די פיס. זיין פאַרטראָגענער קאָפּ איז איצט שווער געוואָרן מיט די נייע פּלענער וועגן אויפלעבן די סטאָר מיט די נייע אַרטיקלען. „מענטשן לייזן דאָך פאָרט" — האָט ער אַלץ צו זיך גערעדט.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען די „סעילסלייטע", וואָס דערשמעקן אַלץ באַלד מיט דער נאָז. זיי האָבן אָנגעבאָטן זיך מיט סחורה, אָפּגעקלאַפּט די שוועלן. סעם איז געשטאַנען ביים קאַנטער און מיט גרויס אָנשטעל זיי אָפּגעענטפערט:

— אָט די קרעקערס? כ'ווייס ניט אויב ס'וועט גיין. מיינע קאָסטאָמערס זיינען „פּריטיקלע", זיינען זיי.

ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין אייגענעם קול און האָט דאַ־

מאָלסט שטאַרק הנאה געהאַט פון זיך.

אינדערפרי האָבן זיך לעבן סעמ׳ס סטאָר אָפּגעשטעלט איצט גרויסע טראָקס. עס זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון דאָרט געזונטע, זאָרגלאָזע יונגען און אָנגעבראַכט אַלערליי שיינע קעסטעלאַך מיט סחורה: ביסקוויטן און קעיקס, און אַ נייעם סאָרט קעז, געמישט מיט גרינס. אַלץ פאַרפּאַקט אין וואונדערלאַכן קאָלירטן פּאַפּיר. סעם אַ צעיאַכמערטער, מיט דער קאַמעזעלקע איבערן העמד און די צו־ברייטע הויזן, האָט אויסגעלייגט די סחורה אין פענסטער פון סטאָר. אין האַרצן האָט געגריזשעט אַ ווייטאָג, אַ שרעק, אַן אומ־באַוואוסטער פאַר עפּעס. האָט ער אומעטיקלאַך צוגעזונגען:

— טעעע — — טע־טע־טע!

גראָד איז באַלד אַ אידענע אריין עפּעס קויפן. סעם האָט אַ קלער געטאָן: ס׳איז אַ גוטער סימן. און ער האָט געלאָזן דער אי־דענע איבערקערן דעם גאַנצן קאָשיק סחורה, וואָס אויפן קאַנטער.

— ווי אַלט איז דער קעז? — האָט זי צעעפּנט דאָס זילבער פון אַ פּעקעלע קעז און מיט חשד עס צוגעטראָגן צום נאָז. סעם איז שוין אַן אָנגעצונדענער געוואָרן:

— מיסעס, איר וועט דאָך סיי־ווי ניט קויפן. צו וואָס נאָך איבערפירן סחורה?

— אַז איר וועט אַזוי ריידן צו קאַסטאָמער, וועט איר אַ סך לייזן, — האָט די אידענע אַ וואָרף געטאָן דעם קעז און איז אַוועק.

סעם האָט איר נאָכגעקוקט מיט פינקלענדיגע אויגן: „אַ רוח אין איר געביין. זי וועט אים שוין איבערפירן איצט זיין גוטע שטימונג".

ס׳איז אין יענעם טאָג געווען אַ שטיקנדיגע היץ. אַ נידעריגער רויטלאַך־גרויער הימל האָט גע׳שרפה׳ט איבער די קעפּ פון מענטשן אין גאַס. די קרעמער האָבן איבערגעדעקט זייער סחורה מיט פּאַפּירן, געפאָכעט עס מיט פאָכערס. פאַרנאַכט־צו איז די האַוועניש אין „מאַרקעט" געוואָרן גרעסער. היימי, דער וועדזשעטייבל־מאַן האָט פאַר אַלעמען אין די אויגן צעשניטן אַ גרינע, ריזיגע קאַ־ווענע און געשריען צו די מענטשן פאַרוואָס זיי קויפן ניט:

— דריי סענט אַ שטיק. אַזאַ מציאה!

און משה, דער הערינג־קרעמער, וואָס איז אין דער פרי געזעסן מיט בטחון ביי זיין שוועל מיט א צייטונג אין האנט, האָט איצט אָ פאַרזאָרגטער ארויסגערוקט מערער צום טיר זיינע סלאָיעס הערינג און די איינגעזייערטע אוגערקעס, טאָמער וועט עס א קונה גיכער דערזען.

און סעם האָט זיך אומרואיג געוויגט, שטייענדיג אויף זיין שוועל פון סטאָר, און משונה׳דיגע געדאנקען האָבן זיך דעם גאנצן טאָג געפּלאָנטערט אין קאָפּ. און ס׳האָט זיך אים געדוכט ווי ער איז אריינגעדרייט אין עפּעס א ראָד און ער פליט, דאָ ארויף און דאָ גאָר אונטן אונטער דער ערד. ס׳האָט אים שוין אפשר באנג געטאָן פאר זיין נייעם אויפטו מיט דער סחורה. באלד וועט אָנ־לויפן דער טערמין, מען וועט דארפן צאָלן די טשעקס. ס׳איז ארויסגעוואָרפן פארן טייוול זיין גאנצע מי.

— גיי, זיי א חכם — האָט סעם, עסנדיג זיין מאָלצייט, גלאט אזוי געזאָגט צו זיין ווייב. נאָר גאָסי האָט זיך שוין לאנג אויפ־געהערט מישן אין איר מאנ׳ס געשעפטן, האָט זי קאַלטלאך א קוק געגעבן אויף אים מיט אירע ארויסגעקוילערטע אויגן ווי אויף צו פאר׳משפט׳ן אים:

— פיר, פיר! וועסט שוין דערפירן צום אומגליק, מיינע שונ־אים, — האָט זי געזאָגט.

* * *

סעם איז ניט געווען קיין וועלט־מענטש. ער האָט ווייניג זאכן געוואוסט, וואָס אויסער דער שוועל פון זיין קראָם, און צו לייענען א בלאט, האָט ער קיין קאָפּ ניט געהאט. נאָר די אָוונטן, שטייענ־דיג מיט דעם רעדל קרעמער, האָט ער גיריג זיך צוגעהערט צו יע־דער נייעס. עס איז דאמאָלסט געווען אן אומרואיגע צייט. קלאַנ־גען וועגן גרויסע מלחמות און פארצויגענע קריזיסן זיינען אומ־געגאנגען פון מויל צו מויל. אלץ איז געגאנגען אויף ערגער.

וואָלינסקי דער בוטשער, וואָס צו אים דעם ערשטן איז געקו־מען יעדע נייעס, האָט דערציילט ווי אזוי מען איז אנומעלטן באפאלן א קרעמער, צוגענומען ביי אים די גאנצע לייזונג, און מען האָט אים נאָך געהייסן אונטערשרייבן עפּעס אזא מין פּאפּיר.

עס האָבן די נייעס געהערט קרעמער מיט צעטומלטן אויגן און אומרואיקע באוועגונגען. און סעמ׳ען איז דאמאָלסט א שרעק באפאלן. די אומרו פון דער צייט האָט אים נאָך מער ציטערדיק געמאכט, ווי ער וואָלט פון אן עלעקטרישן שטראָם דורכגענומען געוואָרן. ער האָט שוין ניט געטראכט פון דעם וואָס ער דערלייגט געלט, און אז ער האָט עפּעס געטאָן, איז אים די ארבעט געפאלן פון די הענט. די וועלט גייט אונטער און ער קייקלט זיך מיט אלע־מען אינאיינעם ערגעץ אראָפּ אין אָפּגרונט. אזוי האָט ער אָפּט געפילט. אביסל האָט עס אים נאָך הנאה געטאָן:

„אז די גאנצע וועלט איז אין פייער, איז דאָך שוין ניט שייך בריה׳שקייט״.

אמאָל שטייענדיק מיטן רעדל קרעמער, האָט סעם אויך ארייַנ־געוואָרפן א וואָרט, האַבנדיק אינזינען זיינע אייגענע געדאנקען:

— זעסט דאָך, און דער דזשוליעס׳ל, דער מענדעל, ער שטייט נאָך פעסט אויף זיינע פיס.

האָט אים אימיצער פון רעדל אָפּגעענטפערט:

— מענדעל? עהע! . . . ווען איך האָב שוין זיין פאַרמעגן . . .

גאָסי, וואָס אין אירע אָפּגעטעמפּטע געהירן האָט קיין שום נייעס קיין אָפּרוף ניט געהאט, איז אין איר פרייער צייט אין איר קיך געזעסן אויף א ליידיקן קאסטן און אזוי ארום זיך אויסבאהאלטן פון דער ברענענדיגער היץ אין גאס.

* * *

— נו, א סוף! — איז סעם איינמאָל אריין צו זיין ווייב און אנידערגעזעצט זיך אנטקעגן איר אויף א קעסטל. ער האָט געהאט שוין אונטערגעצויגן א סך הכל פון זיין געלט. מען וועט אויס־פאַרקויפן וואָס מען קען און ארויס פון דאנען מיט גאנצע ביינער. ער האָט איצט געערדט זייער גיך, און זיינע אויגן זיינען אים געווען פאַרגאָסן ווי פון שכרות.

— נו, און דערנאָך? — גאָסי׳ס קול איז געווען א פאַרשלאָ־פענער.

— דערנאָך? כ׳ווייס? אינשורענס אפשר, צי אין קאַנטרי א פאַרם קויפן. א דאגה וואָס צו טאָן?

גאָסי האָט געשוויגן. און לאַנג נאָך זיינען מאַן און ווייב גע־זעסן אויף די ליידיגע קאַסטנס, סעם מיט זיין אויסגעבויגענעם, שפּיציגן רוקן און מיט די אויגן פון א טרוימער, און גאָסי מיט אירע הענט אויף די צעשפּרייטע קני און מיט אויגן ווי ביי א קאַלב, וואָס מען פירט צו דער שחיטה.

* * *

„א סוף און אן עק, פּטור!" — האָט סעם איצט געהאַלטן אין איין ריידן צו זיך אליין. זינט ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך פאַר גוט צו פארקויפן זיין סטאָר, איז אים ווי א שטיין אראָפּ פון הארצן. פונדעסטוועגן איז ער איצט נאָך פאַרטראָגענער אומגעגאנגען מיט א בלייפעדער אין האַנט, געהאַלטן אין איין רעכענען אין א פּאַפּירל. און אז גאָסי האָט אים בשעת מעשה א פרעג געטאָן דעם פּרייז אויף אן ארטיקל, האָט ער געענטפערט ווי א נעכטיגער:

— הא?

ער האָט באַקוקט זיין איבערגעבליבענע סחורה אין קראָם און געהאָפט אויף אזא נס, אז דאָס אלץ זאָל פארוואנדלט ווערן אין זילבער און פּאַפּיר־געלט.

סעם האָט שוין געהאט געגעבן צו וויסן וואו מען באדאַרף, און ס'איז אָפּגערעדט געוועו, אז אין אָונט זאָלן קומען די קויפער. ס'האָט זיך אין יענעם טאָג גראָד נישקשה'דיג געלייזט. און סעם האָט שוין געוואָלט א טראַכט טאָן אויף צוריק: „ווען ער האָט דאָס א סך אזעלכע טעג!" ער האָט כסדר געהאַלטן איצט אין איבערלייגן זיין „שאָו־ווינדאָו". ער האָט ארייננגעקוקט אין אייז־באַקס. דערנאָך איז ער אוועק אין טונקעלן קאַמערל, באַטאַפּט דאָר־טען דעם לאָמפּ אויף צו קענדלען אייער, אזא קונציגע מאַשינקע, וואָס סעם אליין האָט עס צוגעסטראָיעט.

„קרענק וועל איך זיי געבן אָט דעם לאָמפּ", — האָט סעם געקלערט, האָבנדיג אינזינען די קויפער.

א הויכע, שטאַרקע אידענע, מיט א בריה'שן אויסזען, איז גע־ווען די קויפערין פון סעמ'ס סטאָר, און איר שוואָגער, א שווארצער, רירעוודיגער איד, מיט ברענענדיגע אויגן, איז געוועו דער מבין. האָט דער מבין באלד זיך א לאָז געטאָן איבער אלע ווינקלען פון

סטאָר און דורכגענומען אַלץ מיט זיינע ברענענדיגע אויגן, ווי מיט אַן אָנגעצונדענעם פאַקל, און ביי דער אידענע איז געוועזן אזא אויס־זען, אז ווען מען לאָזט איר באַר, וואָלט זי דאָ אַלץ איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, און זיי האָבן איינע צו די אנדערע געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, און אַלץ געמורמלט:

— די פּיקטשורס, די פּיקטשורס.

— וואָס איז דער מער מיט מיינע פּיקטשורס? — האָט זיך סעם געגעבן צו זיי א לאָז.

— גאַרניט. זיי זיינען שוין צו אַלט. מען וועט דאָ דאַרפן אַלץ איבערפּיקסן.

— און דעם אייזבאָקס? מ׳דאַרף א נייעם אייזבאָקס.

— אזוי? — האָט סעם פון זיי חוזק געמאַכט. און ער האָט מיט א טראַסק געגעבן א פאַרמאַך דעם צעעפנטן אייזבאָקס:

— אָט דעם אייזבאָקס וועל איך ניט פאַרבייטן אויף צען נייע!

געדונגען האָט מען זיך לאַנג און אָן א שיעור גערעדט אַלץ פון זייטיגע זאכן, און באַלד זיך ווידער אומגעקערט צום פּונקט:

— אז איר שטעלט אזא פּרייז . . .

— אנדערש וועט איר מיין סטאָר ניט קויפן.

— איז נישט.

— דאַרף מען ניט.

ביי סעמ׳ען איז שוין אין געדאַנק געוועזן אָפּגעמאַכט, אז ער וועט זיין סטאָר צו אָט די מענטשן ניט פאַרקויפן. זיי זיינען אים ניט געפעלן פון ערשטן קוק. אויסער דעם, האָט זיך שוין ביי אים אין קאָפּ געאַרבעט א פּלאַן, ווי אזוי זיין סטאָר אָפּצוראַטעווען.

האָט ער צו דעם אידן מיט די שוואַרצע קוקערס זיך געכאַפּט ריידן אנדערש:

— מענטש איינער! אז איך וויל גאַרניט פאַרקויפן מיין סטאָר. איך קען באַשטיין ניט צו פאַרקויפן . . . ווער יאָגט מיך דען אין קאַרק צו פאַרקויפן? דער „ליס” גייט ערשט אויס, כ׳ווייס ווען . . .

האָבן די קויפער געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געלאָזן זיך גיין צום טיר. און גאָסי איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל און מיט אויסגעקוילערטע ווילדע אויגן, געוואונדערט זיך אויף איר

משוגענעם מאן, און געוואָרט האָט זי נאָר, אַז די קויפּער זאָלן אוועק, האָט זי זיך אויף אים אַ לאָז געטאָן מיט איר אויפגעבלאָזענעם בויך און מיט צעשפּרייטע פינגער, ווי נאָר אַרויסצעדראַפּען אים די אויגן. זי וואָלט דאָ אויפן אָרט געמאַכט פון אים אַ תל, ווען אין דער מינוט לאָזן זיך ניט אַריין די צוויי זין אירע, דזשייקי און אייק.

— נו, חכם מייַנער, וואָס וועט איצט זייַן? — איז גאַסי נאָך אַלץ צוגעשטאַנען צו איר מאַן.

זי האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. עס האָבן איצט אויך געוואַרט זייערע פאַרוואונדערטע קינדער. און אַפילו די ווענט מיט די פאַרשעמטע פּיקטשורס, האָט זיך געדוכט, וואַרטן אויך אויף אַן ענטפער.

ביי סעמ׳ען זייַנען די אויגן געווען פאַרגאָסן ווי פון שיכּרות, און ער האָט שמייכלענדיג באַלד אויסגעלייגט זיין נייעם פּלאַן: ער וועט עפענען אַ ביליגן סעיל, צעשפּרייטן געדרוקטע בלעטלאַך אומעטום וועגן „סעמ׳ס סטאָר״. עס וועלן אָנהויבן קומען קאַס־טאָמער, אַ סך קאַסטאָמער. אייק וועט אויסמאָלן אַ נייעם שילדל מיט גרויסע ווערטער. אַ קאַסטאָמער, אַז ער גייט פאַרביי . . . וואָס זאָגסטו אייקעלע, וועגן שילד?

ניט קריגנדיג קיין ענטפער ניט פון זייַנע זין און ניט פון גאַסי׳ן, האָט סעם זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ טאַבורעט און געבליבן זיצן מיט די הענט אַרומגענומען ביידע זייטן קאָפּ. און זיין אויסגעטריקנטער גוף האָט זיך געוויגט.

די קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך מיט אַ טשיקאַוון שמייכל:

— דהי אָלד מען איז דרימינג נאַו — האָט געזאָגט דזשייקי.

— הי איז קרעיזי — האָט געענטפערט דער אינגערער, אייק.

# אויף אַ וויק־ענד

טשאַרלי רובין, אַ לוסטיגער באָי און אַ ספּאָרט, איז געקומען צופאָרן אין קוני־אײַלענד נאָר אויף אַ „וויק־ענד" און ער האָט אָנגעטאָן שוין אַ סך שאָדן. ער האָט אויפגערודערט דאָס רואיגע געמיט ביי דער יונגער מיידל ליליען. ער האָט פאַרכאַפּט איר הארץ, און ליליען האָט צום ערשטן מאָל דערפילט וואָס עס הייסט בענקשאַפט און אמת׳ע ליידן.

ליליען האָט גאָר געהאט דאָ אַ „באָי־פרענד", בעני׳ן, פון וועדזשעטייבל סטאָר, אַ געזונטער יונג מיט ברייטע פּלייצעס און מיט אַ שטאַרקן קול, מיט וועלכן ער האָט גערופן די קונים אין גאַס. ליליען׳ס טאַטע־מאַמע האָבן געהאט אַ בעקעריי אויף דער זעלביגער גאַס, נאָר מיט איין בלאָק ווייטער, און ליליען האָט שטענדיג אויפן שוועל פון זייער סטאָר געקענט זען פון דערווייטן בעני׳ן, זיין פאַרברוינט פּנים, די העמד ביים האלז אָפן, די צו־קוטשמעטע האָר, שווארץ ווי פעך, און זיין הילכיג קול האָט איינ־געריסן די הימלען.

ליליען אליין איז שטענדיג געשטאַנען מיט די הענט אין די קעשענעס פון איר ווייסן פאַרטוך, דעם „יוניפאָרם". זי האָט געהאט אַ קיילעכדיג פּנימ׳ל, וואָס האָט שטענדיג קינדיש־קלוג געשמייכלט. די האָר בלאָנדע, געמאַכט אין לאַנגע לאָקן, און אַ רויט פלעק פאַר אַ מיילכל. זי האָט אויסגעזען פריש און שמעקנדיג ווי די „פענסי קייק" ביי זיי אין פענסטער פון סטאָר.

שפּעט ביינאַכט, אַז בעני האָט פאַרשלאָסן זיין סטאָר, איז ער צוגעקומען צום בעקעריי. ליליען האָט שוין אויף אים געוואַרט. דערנאָך פלעגן זיי ביידע גיין שפּאַצירן אויפן באָרדוואָק, אָדער זיך אַריינכאַפּן אין אַ „מידנייט־שאָו". בעני פלעגט אַריינקוקן אין איר

שמייכלענדיגן פנים, באקוקט איר פול אויסגערונדיגטן קערפערל, זי איז אים געפעלן.

„זי וועט אויסמאכן א גוטע ווייב", פלעגט ער טראכטן פון ליליען. און ער האָט אָפּט פאר איר ארויסגעלייגט זיינע פלענער:

„אזוי און אזוי, ליליען, זיינע „פאָלקס" זיינען שוין עלטערע מענטשן. אלע קינדער זייערע זיינען שוין אויסגעגעבן. ער, בענע, איז דער אינגסטער און די גאנצע סטאָר איז פאר אים. איז אויב ליליען וועט אים נאָר זאָגן דאָס וואָרט.

און ליליען האָט איינגעשטימט. און אזוי פלעגן זיי ביידע פארברענגען אלע נעכט, און עס איז איר גוט געווען, ליליען. און די מיידלאַך פון גאס זיינען איר מקנא געווען.

איז געקומען צו פאָרן אין קוני־איילענד טשארלי רובין, דער וויק־ענדער. און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א נאָענטן האָטעל, אינאיינעם מיט זיין מאמען. נו, האָט פונקט געדארפט פאסירן, אז טשארלי׳ס מאמע האָט געפילט שוואך אליין צו גיין אין גאס, האָט זי געשיקט איר זון אין בעקעריי עפּעס צו קויפן. עס איז געווען פרייטאָג פארנאכט און אין בעקעריי האָבן זיך ווייניג קונים געוויזן. און ליליען איז געשטאנען אויפן שוועל איינע אליין, מיט די הענט אין די קעשענעס פון איר פארטוך און אויפן פנים דער פארפירערישער שמייכל. ליליען האָט אים דערלאנגט א פארברוינט ברייטל, איינגעפּאקט עס אין א פּאפּיר און געשטעלט זיך הינטערן קאָנטאָר. נאָר טשארלי איז דאָך געווען א לוסטיגער יונג און א ספּאָרט, און אז ער האָט דערזען אזא מיידל ווי ליליען, האָט ער זיך נאָך אוויילע פארהאלטן. ער וויל נאָך קויפן קייק, און אָט די קיכלאַך, אלץ דארף ער קויפן.

ליליען האָט אים איצט גוט באטראכט: זיין איידעלן אויסזען מיט דער גראציעזער פיגור און די פּאָמאדע פארגלאנצטע האָר, און דאָס זיידן טיכעלע אויבן אין קעשענע פון רעקל און פרעס־ווייסע הויזן. עפּעס א יום־טוב׳דיגער אזא. פון אן אנדער וועלט, ניט פון טומעלדיגן קוני־איילענד.

— יו אַר ניו אַראונד היר, — האָט ליליען צוגעשמייכלט.

— יעס, ער איז דאָ צום ערשטן מאָל, מיט זיין מאמען פון דער

ווייטער בראָנקס, פון דער „וועסט־סייד", אויף א וויק־ענד נאָר. זיין מאמע וויל, ער זאָל זען קוני־איילענד.

— איר וועט דאָ גלייכן, — האָט לילין אים פארזיכערט, און זי האָט צוגעגעבן מיט אן ארויסרופנדיגן שמייכל:

— דאָ זיינען פאראן א סך שיינע מיידלאך אויך.

— איינע זע איך שוין, אָט דאָ ביים קאנטאָר, — האָט טשארלי איר דורכגענומען מיט זיינע ברענענדיגע אויגן. זיין בליק האָט מבינות'דיג איר אָפּגעשאצט. און זיי האָבן נאָך פריילאך געשמועסט א ווײַלע.

טשארלי איז געווען אַנטציקט פון איר רייצנדיגן אויסזען.

— איט איז וואָנדערפול, — האָט ער געזאָגט. ער האָט ניט געדענקט ער זאָל טרעפן אזא אינטערעסאנטע מיידל גלייך דעם ערשטן אָוונט. און לילין האָט ניט־ווילנדיג אים פארגליכן אין געדאנק צו איר באָי־פרענד בעני'ן. עס איז גאָר ניט געווען קיין פארגלייך. בעני האָט שטענדיג אויסגעזען פארשמאיעט און פארשוויצט.. און געקענט האָט ער נאָר ריידן פון חתונה האָבן און וואָס ער האָט ליב צו עסן. און אז ער האָט אָנגעטאָן דעם יום־טוב'דיגן אָנצוג מיטן הארטן קראגן האָט ער אויסגעזען ווי א פאר־מער וואָס קומט צופאָרן אין שטאָט.

— איך האָב ניט דאָ ווער עס זאָל מיט מיר גיין אָנקוקן דעם געגנט. סעי! — האָט טשארלי פאָרגעשלאָגן, — וואָס איז וועגן אייך? איר וועט האָבן צייט מאָרגן גיין מיט מיר? איר וועט מיר ווייזן די וואונדער פון קוני־איילענד.

— אָ, איך האָב א „סוויטהאַרט", — האָט לילין געלאכט, — ער וועט ניט לאָזן מיר גיין מיט פרעמדע באָיעס.

טשארלי האָט ארויסגעשטעלט א קולאק, וואָס דאָס האָט גע־מיינט, אז ער וועט זיך מיט איר באָי קענען אן עצה געבן. נאָר לילין האָט אים געוואָרנט:

— אָ, הויבט זיך בעסער מיט אים ניט אָן. ער איז שטארקער פון אייך. זי האָט ניט געוואָלט זאָגן, אז איר באָי־פרענד איז א וועדזשעטייבל־מאַן. נאָר טשארלי איז באשטאנען אויף א „דייט" מיט איר. מאָרגן באלד אינדערפרי.

— ניין, — האָט ליליען געזאָגט ניט זיכער, — נאָך דינער, אפשר . . .

— סוועל! — האָט טשארלי זיך דערפרייט. און זיי האָבן זיך צעזעגנט. ליליען האָט אים לאנג נאָכגעקוקט ווי ער איז געגאנגען מיט דעם קאָפּ הויך אויפגעהויבן, א זיגרייכן גאנג. „וואונדערלאך", — האָט ליליען צו זיך אליין געזאָגט. זי וועט ניט דורכלאָזן אזא שאַנס, זי איז געווען ווי פאר'שיכור'ט. ביי דער צייט האָט שוין בעני געדארפט פארשליסן די סטאָר. זי איז אויף גיך ארייגעלאָפן צו איר אין זייער היים, וואָס איז געווען אָפּגעצאמט פון סטאָר מיט א ווענטל. אז בעני וועט איר ניט זען, וועט ער גאָרנישט וויסן.

דאָס איז געווען פרייטאָג־צונאכט. אויף מאָרגן, שבת, איז געווען אין סטאָר פול מיט קויפער. ליליען האָט געהאָלפן איר טאַטע־מאמען. גערעדט צו די קאָסטימער, און א פארטראָגענע אלץ געטראכט: „וועט ער קומען צי ניין?"

ארום איינס אזייגער האָט זיך טשארלי טאקע באוויזן. ליליען האָט געזאָגט דער מאמען, אז זי דארף נאָר ערגעץ צוגיין, און די מאמע, פארנומען מיט איר לייזונג, האָט געלאָזן איר טאָכטער גיין. ליליען האָט פאַרגעלייגט פריער פון אלץ דעם ביטש, נאָר טשארלי האָט בעסער געוואָלט זיין אויף דער יבשה. עס איז געווען צופיל וואָס צו זען און וואו צו גיין. און ער האָט געוואָלט ארייננכאפן אלץ פאר איין מאָל. און אן אויסגערוטער, א יונגער און א בייגע־ריגער, האָט ער געהאט דעם אויסזען ווי ער איז גרייט אויף אלץ.

דערנאָך זיינען זיי ווי קינדער געלאָפן פון איין פארגעניגן צום אנדערן. ארום האלב נאָך פיר דעם זייגער זיינען זיי שוין ארויס פון „טשעמבער אָוו האָראָרס", דערנאָך האָבן זיי ביי א סטענד געגעסן קארטאָפל „פרענטש פראַיד". און אין א וויילע ארום האָבן זיי זיך שוין געוויגט אינדערהויך אויף א לופט־שיפל מיטן קאָפּ אראָפּ און געפונען זיך צווישן לעבן און טויט. און באלד נאָכדעם אויפן „טייוולס־פלאָר", דערנאָך האָבן זיי זיך פאָטאָגראפירט, „דזשאָסט פאָר פאָן". ליליען איז געווען ווי אין א שטורם פון פארגעניגן. אירע באקן אונטערן „מייק־אפּ" זיינען בלייך געווען און די אויגן האָבן געגלאנצט.

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן ווערן פינסטערלאַך און דער ווימלענדי־גער עולם אויף „סוירף עוועניו״ איז שוין געווען א געזעטיקטער. לילי׳ען און טשאַרלי האָבן אָפּגעלאָזן אביסל פון זייער אימפּעט. עס איז נאָך פארבליבן א מואווי און דערנאָך אריינגיין אין א „סוועלן״ רעסטאָראַן עסן. נאָר דאָס האָט מען געקענט אָפּלייגן אויף מאָרגן, זונטאָג.

זיי זיינען אוועק אויפן באָרדוואָק און דאָרט אויף א באַנק, אנטקעגן כוואַליעדיגן ים, זיינען זיי נאָך לאנג געזעסן. טשארלי האָט געקענט זיין זייער ראָמאנטיש און ער האָט גערעדט צו לילי׳ען מיט די צערטלאכסטע ווערטער, און געקושט איר אין די פּוכקע ליפּן. א באאומרואיגטער געפיל איז צו איר אין דער צייט געקומען אויף א ווײַלע, וועגן בעני׳ן. נאָר איצט האָט זיך איר געדוכט, אז זי האָט בעני׳ן גאָרניט ליב. בעני איז קיינמאָל מיט איר ניט געווען דרייסט, און זיין גרעסטער קאָמפּלימענט וואָס ער האָט געקענט איר זאָגן, איז געווען דאָס וואָרט „סוויט״ און דאָס אַלץ. און בעני האָט געקענט אָפּגיין מיט איר אפשר פופצן בלאָק באָרדוואָק ביז ער האָט זיך דערוועגט איר ארומצונעמען.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז לילי׳ען שפּעט אויפגעשטאַנען פון שלאָף, נאָר זי האָט זיך באַלד געגעבן א טו אָן אין איר לייכטן זומער־קלייד, וואָס ביים אָפּענעם האלז האָט זיך איר ווייסער לייב ארויסגעשוימט. פון אויבן האָט זי אָנגעטאָן איר ווייסן פארטוך און זי האָט זיך געשטעלט אין טיר פון סטאָר ווארטן אויף טשארלי׳ן, וואָס האָט יעדע מינוט געקענט אָנקומען. אז ער איז אין איר פאר־ליבט, איז גאָר קיין פראגע ניט געווען. די צערטלאכע ווערטער, וואָס ער האָט צו איר גערעדט, און דאָס געלט וואָס ער האָט נעכטן אויף איר אויסגעבראַכט. ער האָט נאָך ניט געזאָגט דאָס וואָרט וועגן חתונה האָבן מיט איר. ניט געמאכט קיין פּלענער אזוי ווי בעני. נאָר ער וועט דאָס געוויס היינט טאָן, לילי׳ען האָט שוין געטראַכט ווי אזוי זי וועט זיך אָפּזאָגן פון בעני׳ן, און ווי זי וועט אים זאָגן:

— אי עם סארי, בעני! — — — —

אזוי איז לילי׳ען געשטאַנען אויף דער שוועל פון זייער בעקעריי און אויסגעקוקט אויף טשארלי׳ן. נאָר זי האָט געוואַרט א שעה

און געוואַרט צוויי און טשאַרלי איז ניט געקומען. דערנאָך האָט עפּעס א פאַרשמאָדערטער אינגל צוגעטראָגן איר א צעטעלע, און אין צעטעלע האָט טשאַרלי געשריבן, אז עס פאַרדריסט אים זייער, נאָר זיין מאַמע פילט זיך זייער שלעכט און זיי מוזן באַלד אוועקפאָרן אהיים, און אז זיי וועלן זיך נאָך זיכער זען, אַן אַנדערש מאָל.

ליליען האָט צעריסן דאָס צעטעלע און א וואָרף געטאָן עס איבער דער גאַס. איר האַרץ האָט איר אזוי פאַרדריקט, אז זי איז אַריינגעלאָפן אין שטוב, וואָס הינטער דעם פאַרצאַמטן וועגטל און א וואָרף געטאָן זיך אויפן בעט. איר מאַמע האָט פון גאָרנישט ניט געוואוסט. און אזוי איז ליליען געלעגן און ניט גערירט זיך פון אָרט. זי האָט ניט געקענט זיך קיין עצה געבן מיט איר טרויער און געלאָזן איר יונג האַרץ וויינען.

נאָך פאַרנאַכט־צו, האָט ליליען זיך אביסל באַרואיגט, זי האָט זיך געגעבן א דערמאָן אָן בעני'ן און זיין גוטמוטיגער פּנים האָט א שיין געטאָן פאַר איר. אימיצן אויף צו להכעיס וועט זי אַריבערגיין צו אים. זי האָט זיך א הויב געטאָן פון בעט, אָפּגעוואַשן זיך מיט קאַלטן וואַסער. איר פּנים האָט אויסגעקוקט ניט זייער פריש, נאָר זי האָט ניט געקענט פאַרלירן קיין סך צייט אויף פּיקסן עס. „אויב בען איז נאָך דאָ אין סטאָר" . . . האָט זי געגעבן א טראַכט.

בעני איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער א קאַשיק גרינע אוגערקעס. ער האָט א טאַנץ געטאָן אין דער לופטן, אז ער האָט זי דערזען.

— ליל! וואָס איז דער מער געווען מיט דיר?

— איך בין געווען קראַנק, — האָט ליליען אומעטיג גערעדט. בען האָט א באַזאָרגטער איר אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן:

— יו דו לוק סיק! — האָט ער געזאָגט. ער איז באַלד אוועק אין די „בעק" פון זיין סטאָר זיך איבערטאָן. ער האָט זיך געוואַשן מיט שמעקנדיגן זייף און זיין פּנים האָט געגלאַנצט, און א צופרידענער האָט ער א פרעג געטאָן ליליען:

— וואו ווילסטו מיר זאָלן היינט גיין, סוויט?

ליליען האָט א קוק געטאָן אויף זיין אויסזען, מיט דעם אָנצוג,

וואָס מאַכט אים אויסזען ווי א פאַרמער, און עס האָט איר א שטאָך געטאָן דער פריערדיגער ווייטאָג.

— אָ, עניוועדס! — האָט זי געזאָגט מיט א געמאַכטער פריי־לאַכקייט.

# אַ פֿאַרם צו פֿאַרקויפֿן

טיף צווישן די בערג און אָפּגעזונדערט ווייט פֿון אַ ישוב איז געשטאַנען דאָס הויז פֿון דעם פֿאַרמער קעפּיס. פֿיל אַקערס לאַנד, וואָס זײַנען געווען פֿאַרוואָקסן מיט טיפֿע, האַלב־ווילדע גראָזן, האָבן זיך געצויגן ווייט און ברייט און פֿאַרלאָרן זיך ביז צו דעם טונקעלן אוראַלטן וואַלד.

ער איז אַלט און אײַנגעשרומפּן דער פֿאַרמער קעפּיס. זײַן דאַרער האַלז איז אָפּגעברענט ברוין און צעקעסטלט אין טיפֿע קאַרבן און פֿון זײַן פּנים זײַנען די שאַרפֿע שטריכן שוין אַביסל אָפּגעריבן. דאָך, אַז ער גיט זיך אַ טו אָן די בלויע „אָווערראָלס" מיטן שטרויע־נעם קאַפּעליוש און ער גייט אַרויס אין פֿעלד אײנאײנעם מיט זײַן פֿערד און וואָגן, קוקט ער אויס נאָך גאָר אַ גוטער פֿאַרמער.

ס'איז אַ ליכטיגער, זומערדיקער טאָג און דער אַלטער קעפּיס שטייט אינמיטן פֿעלד און שאַרט צונויף דעם אָפּגעשניטענעם היי מיט זײַן גראַבליע. ער האָט שוין אָנגעלאָדן אַ ריזיקן וואָגן. אָט גלײַכט ער זיך אויס. מיט די הענט אויף די לענדן, פֿאַרקוקט ער זיך אין בלענדנדיק־בלויען הימל אַרײַן. אַרום איז אַזוי שטיל. די ווייט־צעוואָרפֿענע בערג אָטעמען מיט אייביקייט. אַ רו איז אויס־געשפּרייט אומעטום איבער די גרינע בייטן, איבער די פֿעלד־בלי־מעלאַך, וואָס אין פּעטן גראָז און איבער קעפּיס'ן אַליין. מיט אַמאָל דערטראָגט זיך צו זײַן געהער אַ ווײַטער גערויש. אַ מאַשין דראַ־פּעט זיך באַרג־אַרויף דורך דעם שמאָלן, האַלב־פֿאַרוואָקסן וועגעלע, וואָס פֿירט צו זײַן פֿאַרם. דער מאָטאָר פֿרייכט, מאַטערט זיך אַרויפֿצושטײַגן.

וועמען האָט דאָס גאָט אַהער געבראַכט? שטייט ער און וואונדערט זיך. דער „סטעיט ראָוד" איז ווייט און מענטשן קומען אַהער אַזוי זעלטן. ער איז שטאַרק באַאומרואיגט די לעצטע צײַט,

דער אַלטער קעפּיס. פיל לאַנד זיינע ליגט פאַרלאָזן און ניט באַ־ אַרבעט, און די קינדער זיינע, זיי וואוינען אַלע אין שטאָט. דאָרט געפעלט זיי בעסער. שווער איז דעם אַלטן קעפּיס'ן צו פירן אַליין זיין באַלעבאַטישקייט זינט די ווייב איז אים געשטאָרבן. און די טעקסעס צו צאָלן איז אים אויך שווער. ער ווייס, ער וועט מוזן זיין פאַרם פאַרקויפן. אונטן ביים וועג אויף אַ בוים, האָט ער שוין אַפילו אויפגעהאַנגען אַ שילדל „פאַרם פאַר סעיל". צוויי וואָכן האָט ער דאָס שילדל געשריבן מיט ציטערדיקע הענט, נאָר ס'גלייבט זיך אים אַלץ ניט אַז ער מוז אָט דעם פאַרם אָפּטרעטן פאַר אַנדערע. דאָ איז ער געבוירן און דאָ וואָלט ער וועלן שטאַרבן. און יעדעס מאָל ווען ער דערהערט אַ מאַשין קלעטערן באַרג־אַרויף, ציטערט אים דאָס האַרץ צי עס קומען שוין ניט די קויפער. שעפּ, דער אַלטער קודלאַטער הונט, וואָס היט אָפּ דעם פאַרמער'ס מאַיאָנטעק, דער־ שרעקט זיך אויך פון דעם פרעמדן גערויש און ער צעבילט זיך מיט זיין הייזעריקן קול.

אַז דער אַלטער קעפּיס קומט צו צום הויז, איז שוין דער גאַסט אויפן ווערענדע. אַ דאַנק גאָט, ס'איז ניט קיין קויפער, בארויקט ער זיך. עס איז דער פאַרמער וויליאַם פון דעם אַנדערן זייט באַרג, זיין שכן און אַ גוטער פריינט.

— העלאָ, וויליאַם! — דערפרייט ער זיך מיט אים.

— העלאָ, אָלד באָי, כ'זע דו ווילסט פאַרקויפן דיין פאַרם, — רופט זיך אָפּ וויליאַם אַ שטאַרק נייגעריקער.

קעפּיס'ן פאַרדריסט זייער, וואָס זייטיקע מענטשן ווייסן שוין אויך די נייעס, און ער צעבייזערט זיך מיט אַמאָל:

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט, אַז איך וויל פאַרקויפן, דו גאָסיפּער, וואָס דו ביזט!

— קיינער דאַרף מיר ניט זאָגן, — שמייכלט וויליאַם כיטרע, — מיר'ן געלייענט די סאַין!

דאָ דערמאָנט זיך קעפּיס וועגן דעם שילדל וואָס ער האָט מיט די אייגענע הענט געשריבן, און ער שווייגט אַ פאַרשעמטער. איצט זיצן זיי ביידע אויף דער ווערענדע, צוויי אַלטע פריינט מיט סיווע קעפּ, וואָס אַלע זומער קומען זיי זיך צונויף אויף אַ שמועס. זיי

ריידן געמיטלאך און ניט געאײלט וועגן גערעטעניש אויף די פעל־דער, וועגן פרייזן אויף פאַרם־פּראָדוקטן. ווילליאמס, דער פארמער איז אינגער און שטארקער פון קעפּיס׳ן. זיין פארם איז נאָענט לעבן א ישוב, און צוליב דעם האלט ער זיך פאר א וועלטלאכן מענטשן און ער רופט זיך אָפּ:

— דו טוסט גוט, קעפּיס, וואָס דו ווילסט פארקויפן דיין פארם. וואָס פארא לעבן איז דאָ פאראן אין די בערג? ווינטער די זאווע־רוכעס, דער וועג איז פארלייגט מיט שניי. קענסט ווערן קראנק צי אוועקשטארבן, און קיינער וועט אפילו ניט וויסן.

דער אלטער קעפּיס שאָקלט צו מיטן קאָפּ. ס׳קומט אים אויפן זינען דער לעצטער ווינטער, ווען ער האָט איינמאָל ביינאכט באקו־מען די „טשילס״. ער׳ט געמיינט ס׳איז שוין א סוף, האָט געמוזט צעלייגן א פייער און אָנהיצן א ציגל צו דערווארימען די פיס. נאָר ער וויל איצט אָפּציען דאָס געשפרעך אויף אנדערע זאכן. ער נעמט ארויס זיין זעקעלע טאבאק, פארדרייכערט זיין ליולקע, און ער זאָגט צו זיין פריינט:

— דו זעסט אָן דאָרטן די צוויי פּאַין־טריס (נאָדל־בוימער) ארום שייער? מיט מיר אין איין עלטער. דער זיידע מיינער האָט זיי נאָך געפלאנצט, אָפּגעהיט זיי, אז זיי זאָלן בלייבן פאר די אייניק־לאך, זע, ווי הויך אויסגעוואקסן, — רעדט ער אַרויס מיט שטאָלץ, — מענטשן קומען אהער אָנקוקן די „סינערי״. דאָ ניט לאנג אָן ארטיסט אראָפּגעקומען . . .

— יע, ס׳איז טאקע א שאָד דאָס אלץ צו פארקויפן, — רופט זיך אָפּ זיין פריינט ווילליאמס, — איינגעבן דאָס אין פרעמדע הענט, זיי וועלן מאכן דאָס אלץ צו גאָרנישט.

אָבער דער אלטער קעפּיס האָט שוין די רייד ניט געהערט. ער האָט געוואוסט די געשיכטע פון יעדן בוים דאָ און פון יעדן מין גראָז, און ער האָט זיך ארייגעלאָזן אין זכרונות וועגן די ערשטע „סעטלערס״ וואָס דער זיידע פלעגט וועגן זיי דערציילן:

„אז זיי זיינען אראָפּגעקומען אַהער אין די בערג מיט זייערע משפחות, איז דאָ נאָר געווען דורכאויס ווילדער וואלד. מ׳האָט געמוזט דורכהאקן וועגן אומעטום. און די בייזע ווינטן און קעלטן

וואָס זיינען דאמאָלסט געווען! אז מ׳האָט פונם קוואַלכעל אָנגע־שעפּט אַן עמער וואסער, און ביז מען האָט עס דערטראָגן צום הויז, האָט זיך דאָס וואסער פארצויגן מיט אייז״.

ער איז אנטשוויגן געוואָרן, און זיין פּנים מיט דעם קאָליר פון טרוקן ערד האָט איצט מילד געשמייכלט. שפּעט האָט זיך אויסגע־צויגן אויף דער ערד, דעם קאָפּ אויף די פּאָדערשטע לאַפּעס און גערוט. זיין אַלטע אויג איז געווען פייכט פארצויגן, ווי מיט א טרער.

— אז דו ווערסט דיין פארם פארקויפן, ווערסטו געוויס אוועק אין שטאָט וואוינען מיט די קינדער, — איז וויליאַם צוגעטראָטן צום פּונקט וואָס אים האָט אינטערעסירט.

— מיט די קינדער אין שטאָט! — האָט קעפּיס געגעבן א געשריי. ער איז געווען אין כעס אויף זיינע קינדער, וואָס קומען אַהער נאָר אויף א יום־טוב, ווי דזשענטעלמען, גיבן א קוק און אנטלויפן באַלד צוריק. עס ציט זיי צום שטאָט. ניין, קעפּיס האָט ניט קיין גלויבן ניט אין דער שטאָט און ניט אין די מענטשן דאָרט. אַלץ גייט דאָרט נאָר אויף גנאַרעריי:

— דו זעסט אָט די שיך? — גיט ער א ציי אויס א פוס, — די קינדער האָבן עס פאר מיר אין שטאָט געקויפט. נאָך קיין צוויי יאָר ניט אַלט און שוין צעריסן. און אז דו קויפסט אַן אָנצוג פאר זונטאָג צו טראָגן, איז די וואָרע שיטער, אז ס׳צעקריכט עס דיר אויפן לייב.

— ניטאָ שוין די אמאָליגע גוטע וואָרעס, און די מענטשן זיי־נען שוין אויך ניט דאָס, — זיפצט ער אָפּ. נאָר זיין פריינט ווי־ליאַמס האַלט זיך ביי זיינס. ער איז אַן אויפגעקלערטער מענטש און ס׳געפעלט אים די שטאָט מיט אירע הויכע געביידעס און מיט די סך מענטשן. ס׳איז פריילאַך דאָרט. — וואָס דען, דאָ אין דער ווילדערניש ווייס מען פון א לעבן? — רעדט ער אַלץ.

ענדלאַך צעזעגענען זיך די פריינט. דער אַלטער קעפּיס בלייבט זיצן אַליין אויפן גאַנעק און קוקט ווי וויליאַמס׳ מאַשין גליטשט זיך באַרג אַראָפּ, ביז ער פארשווינדט צווישן די געדיכטע ביימער. באַלד קערן זיך אום זיינע געדאַנקען צום באַלעבאַטישקייט אין

זיין פאָרם. די פּילע אַרבעטן וואָס עס שטייט אים פאָר איצט, אַז עס גייט צו האַרבסט און ער טראַכט וועגן זיין גאָרטן און די גרינסן, וואָס מען דאַרף אָראָפּנעמען באַצייטנס, איידער די בייגאַכטיגע פרעסטלאָך קומען אָן. און וועגן פאַרפעסטיגן די טיר פון שטאַל און וועגן אָנגרייטן שפייז אויפן ווינטער, אַזוי ווי „מא", זיין פאַר־שטאָרבענע ווייב פלעגט עס טאָן יעדן האַרבסט. ער דרעמלט איין, און די ליולקע א פאַרלאָשענע גליטשט זיך אים אַרויס פון האַנט.

די זון דערנענטערט זיך צום האָריזאָנט, און קעפּיס גיט זיך א כאַפּ אויף. א זער זיצט זיך איין איז אים שווער צו אויפהויבן זיך. זיינע גלידער באַוועגן זיך שטייף ווי די פאַרזשאַווערטע טיילן פון א מאַשין. באַלד לאָזט ער זיך אַוועק צום שטאַל, צו באַזאָרגן די לעבעדיגע נפשות, די בהמה, דעם פערד און די הינער. אַזוי, ביז עס ווערט גוט פינסטער. דאַמאָלסט צעלייגט ער א פייער און קאָכט זיין וועטשערע. נאָך סאַפּער בלייבט ער זיצן א ווײַלע, און ביים שיין פון מאָגערן ליכטל, לייענט ער זיין פאַרמער צייטונג. אַז ער טרעפט זיך אָן מיט א נייעם וואָרט, וואונדערט ער זיך זייער: סאַראַ גרויסער וואָרט! וויפיל קען דאָס זיין אין דעם בוכשטאַבן? און ער נעמט זיך איבערציילן: איינס, צוויי, דריי . . .

די קינדער זיינע, זיי זיינען שוין מער געלערנט פון אים. נאָר וואָס קומט אַרויס דערפון? זיי זיינען שוין אַזעלכע גרויס־שטאָ־טישע, ווילן דאָ ניט פאַרבלייבן. און ווער עס זאָל באַאַרבעטן די גרויסע שטיקער לאַנד איז ניטאָ. טאָ צו וואָס איז זיין גאַנצער מיען זיך? אַזוי טראַכט ער אַלץ איבער ביז ער דערשאַרט זיך צו זיין בעט און ער פאַלט אַריין אין א שווערן שלאָף.

און אויף מאָרגן, ביים סאַמע באַגינען, איז דער אַלטער קע־פּיס שוין ווידער אויף די פיס, אויסגערוט און פריש. ער גייט פון איין אַרבעט צו דער אַנדערער און יעדע אַרבעט האָט זיך א גע־שטעלטע צייט. באַלד נאָכן אָנבייסן גייט ער אַרויס אין פעלד. היינט איז דער טאָג אויף אָנהויבן גראָבן קאַרטאָפליעס. די בערג ליגן רחבות'דיג צעוואָרפן איינס העכער פון אַנדערן. צווישן זיי גרינע פעלדער און טאָלן און אין הינטערגרונט ווידער בערג, ביז צום האָריזאָנט. פון הימל שטראָמען ווארימע כוואַליעס און דער

אַלטער קעפּיס קוקט זיך איין א ווײַלע אויף גאָט׳ס וועלט, און אויף זײַן צעטריקנט פּנים באַווײַזט זיך א מילדער שמייכל. ער נעמט זיך געשמאַק צו זײַן ארבעט פון גראָבן קאַרטאָפליעס מיטן רידל. נאָר אז ער דערהערט פון ערגעץ א גערויש פון א מאַשין איבערן וועג, באַפאַלט אים אַן אומרו און ער שטעלט זיך אָפּ. שעפּ, זײַן געטרײַער הונט, ווערט אויך אומרואיק און ער צעבילט זיך אויף זײַן הײזעריק קול, וואָס הילכט אָפּ בייז און וואָרענענדיק ווייט איבער די בערג.

# אַראָפּ פון יחוס

## 1

דאָס איז די געשיכטע פון אַן אַלט פּאָר־פאָלק, אהרן שקאָלניק און זיין פרוי. זיי האָבן געהאט איין איינציג קינד, א מיידל דאָ־ראָטי, וואָס איז געווען מיט אַלע מעלות — שיין, קלוג און געלערנט. טאטע־מאַמע האָבן פון איר געדענקט, אז זי איז גאָר אן אויסנאַם פון אַלע היגע קינדער.

אז דאָראָטי האָט געהערט ווי מען לויבט זי און מען רעדט פון אירע מעלות, האָט עס איר שטענדיג פאַרדראָסן. זי האָט ניט גע־וואָלט זיין קיין אויסנאַם פון אַלע מיידלאַך, פלעגט זי אָפט אויס־טענה׳ן זיך מיט איר טאטע־מאמע:

— נו, בין איך געגאנגען אין קאלעדזש, נו, וועל איך זיין א לערערין אין א סקול, טו וואָס מאכט מען פון דעם אזא ווערזן?

אירע טונקעלע ברעמען פלעגן זיך דאמאָלסט צונויפציען. זי האָט געהאט איר טאטנ׳ס טיפע, שווארצע אויגן, וואָס אין זיי האָט זיך נאָך געטוקט דער אומעט פון דער ווייטער ליטע. נאָר דאָראָטי האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אויף דער אמעריקאנער ערד. זי איז געווען הויך געוואקסן, מיט א קרעפטיגן, שלאנקן קערפּער און אז זי האָט געלאכט, איז איר פּנים באלויכטן געוואָרן מיט אן אינעוויי־ניגסטען, ווארעמען ליכט. די מאמע האָט זיך אין איר קינד גע־שפּיגלט און זי האָט געזאָגט, אז דאָראָטי פארמאָגט אידישן חן.

דאָראָטי האָט שטארק ליב געהאט אירע טאטע־מאמע. נאָר איר האָט זיך געדוכט, אז זיי זיינען עפּעס טשיקאווע מענטשן. איר טאַטע, אהרן שקאָלניק, איז געווען א היימישער לערנער, נאָר דאָ אין לאנד האָט ער זיך אויסגעלערנט שניידעריי. יעדן מאָל, אז ער איז געקומען פון דער ארבעט אהיים, האָט ער אויסגעזען ווי א

געשלאָגענער, אַ באַזיגטער פון עפּעס א כוח, וואָס איז שטארקער פון אים. נאָר דער שאַפּ האָט ניט אָפּגעריבן די איידעלע שטריכן פון זיין פּנים. און ווי נאָר ער האָט זיך א ווײַלע אויסגערוט און געגעסן דעם „סאַפּער", אינאיינעם מיט זיין ווייב און קינד, האָט ער אויפגעלעבט צוריק.

אין שטוב פלעגן אָפט קומען מענטשן, דעם טאַטנ׳ס אַלטע חברים, וואָס זייער פריינטשאַפט האָט זיך נאָך געצויגן פון יענער זייט ים. א שמועס פלעגט באַלד אײַנגעפעדימט ווערן. גרויע קעפּ און שאַרפע מחות, אויסגעשאַרפט נאָך פון אַמאָל, פון ישיבה, האָבן כסדר געגרונטעוועט זיך אין טיפע ענינים וועגן אידישקייט, וועגן סאָציאַליזם. אהרן שקאָלניק האָט וועגן אַלץ געהאַט זיין באַזונדערע מיינונג. זיינע טיפע שווארצע אויגן האָבן געלויכטן אונטער די ברילן מיט הנאה. וואָס טיפער דער ענין, אַלץ גרעסער די הנאה. איבערן שטוב האָט זיך א יום־טוב געשפּרייט. די אַלטע מיסעס שקאָלניק האָט אויך פארגעניגנדיג צוגעשמייכלט. זי איז געווען איינשטימיג מיט אַלץ, וואָס עס האָט געזאָגט איר געלערנטער מאַן.

די יונגע דאָראָטי, וואָס איז געוויינלאַך געזעסן אָן א זייט מיט א בוך אין האַנט, פלעגט גאַנץ אָפט זיך אָפּרייסן פון לייענען און ניט־ווילנדיג זיך צוהערן צום היציגן געשפּרעך, פון וועלכן איר איז אָפט שווער געווען צו כאַפּן דעם מיין. נאָר זי האָט געקענט מיטן חוש דערפילן די שיינקייט פון א טיפן געדאַנק, אָדער דערפילן דעם געשמאַקן טעם פון א אידישן וויץ. און אַמאָל, אז די קולות פון דיספּוט האָבן דערגרייכט ביזן באַלקן, האָט זיך דאָראָטי פאַר־שטעלט די אויערן מיטביידע הענט. אָדער זי האָט שטיפעריש נאָכ־געמאַכט דעם טאַטנ׳ס זינגענדיגן קול, דרייענדיג בשעת מעשה מיטן גראָבן פינגער:

— אָבער עס פרעגט זיך א פראַגע, צי מוז מען דאָס אַזוי הויך שרייען? . . .

דעם טאַטנ׳ס פריינט האָבן אויך ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען שטענדיג וועגן דאָראָטי׳ס גרויסע מעלות: „זי איז גאָרניט געראָטן אין די אמעריקאַנער קינדער".

דאָראָטי פּלעגט גלייך ווערן אין כּעס, און זי האָט ביי זיי גע־מאָנט אן ענטפער:

— וואָס איז דען דער מער מיט די אמעריקאנער קינדער?

דער טאטע האָט צוגעשמייכלט און גערעדט ווי צו זיך אליין:

— איין זאך בין איך זיכער, דאָרעלע׳ס חתן וועט געוויס זיין אן אויסנאם״ . .. און זיינע פינקלענדיגע אויגן האָבן געקוקט ווי דורך די ווענט פון שטוב, ווי ער וואָלט ערגעץ אין דער צוקונפט געזען עפּעס גרויסעס און דערהויבנס פאר זיין קינד. דאָראָטי האָט דאמאָלסט נאָר טיפער אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און איינציגווייז באַ־קוקט אירע פינגער־נעגל. זי האָט געשוויגן שטיל.

2

צווישן אירע פריינט, די יונגע בחורים און מיידלאך, איז דאָ־ראָטי פרייליך געווען אזוי ווי זיי, און שטענדיג איז זי געווען גרייט אויף א שטיפעריי. און אז זי האָט אין די אָוונטן שפּאצירט מיט דער „גענג״, האָט איר געלעכטער געהילכט איבער דער גאס אזוי גוט ווי אלעמענס. אָפּטמאָל האָט זיך דאָראָטי׳ן פארגלוסט צו דער־ציילן פאר אירע פריינט א קלוג ווערטל אָדער א וויץ, וואָס זי האָט געהערט ביי איר אין דערהיים, נאָר זי האָט באלד ביי זיך א קלער געטאָן: „אָ, זיי וועלן דאָס ניט פארשטיין״.

דאָראָטי האָט מיט קיין זאך ניט געוואָלט אָפּשטיין פון אירע פריינט, די מיידלאַך. זי האָט ניט געוואָלט זיין אנדערש ווי זיי. די מיידלאַך האָבן אָפן און פריי גערעדט צווישן זיך וועגן זייערע פאַרבאָרגענע געפילן, וועגן זייערע ליבעס, ווי דאָס וואָלט גאָרניט געווען קיין אינטימער סוד. דאָראָטי האָט געהערט זייי ריידן און זי האָט געטראכט דאמאָלסט אירע אייגענע געדאנקען און זי האָט געוואוסט, אז א סך דארף זי זיך נאָך לערנען פון זיי.

איינמאָל האָט דאָראָטי זייער א פרייליכן אָוונט פארבראכט אינאיינעם מיט אירע פריינט. ס׳איז געווען אין א שבת אָוונט. די גאנצע „גענג״ איז נאָר־וואָס ארויסגעקומען פון א מואווי־הויז און יעדעס מיידל האָט זיך געהאט איר באגלייטער. בען, דער געוויק־

סיגער און שיינער יונג, וואָס האָט אַלעמאָל געדרייט זיך ארום דער קליינער, בלאָנדער לילי, איז איצט געגאנגען ביי דאָראָטי׳ס זייט. איר איז היינט מאָדנע פריילעך געווען, דאָראָטי׳ן. זי האָט געהאט א גוטע וואָך. גאנצע פיר טעג האָט זי אין סקול געלערנט פאר א „סאָבסטיטוט טיטשער". דאָראָטי האָט זיך פאר דעם געלט געקויפט א נייע דרעס און א מאָדיש היטעלע, וואָס האָט איר זייער געפאסט.

בען איז אויך געווען פון די בחורים, וואָס ס׳איז גוט אויף זיי צו קוקן. זיין קרעפטיגע פיגור האָט זיך באוועגט פלינק און מיט גראציע. די האָר געדיכטע, בלאָנדע, דאָס פנים פריש, פון זון און ווינט פארברוינט. און די קלאָרע, בלויע אויגן און זיין ברוסטיגער, מענערשער געלעכטער האָט געמאכט די מיידלשע הערצער שטאר־קער קלאפן.

ס׳איז שוין געווען שפעט אין אָוונט און מען איז אלע אריין אין אַ רעסטאָראַן עפּעס איבערבייסן. אין דער יום־טוב׳דיגער לופט פון שבת־ביינאַכט, און צווישן דער רוישנדיגער יוגנט אומע־טום ביי טישלאַך, האָט דאָראָטי דערפילט איר בלוט רוישן שטאר־קער אין די אָדערן. אַלץ האָט איר דאָ איצט מערקווירדיג אויס־געזען. באַלויכטן פון זילבערנעם ליכט האָבן ארום איר מענטשלא־כע פיגורן זיך באַוועגט און געשווינדלט אין די שפּיגלדיגע ווענט. און בען איז געזעסן ביי איר זייט. זי האָט כסדר געפילט דעם בליק פון זיינע קלאָרע, בלויע אויגן — א „באַישער", צודרינגלא־כער בליק וואָס האָט צעמישט אירע חושים. זי האָט אויך געהאט אַן אנונג ווי די קליינע, בלאָנדע ליל קוקט אויף איר מיט שלעכטע אויגן. נאָר דאָראָטי איז איצט געווען איבערוועלטיגט מיט איר אייגענער, יונגער פרייד און עס האָט איר פאר קיין זאך ניט גע ארט:

— זאָל זיך אונז דוכטן ווי קיינער איז דאָ איצט ניטאָ, נאָר איר און איך, — האָט זי א שטיפערישע זיך א קער געטאָן צו בעני׳ן. אירע טונקעלע אויגן האָבן געלויכטן איבער איר מאַט־ווייסן פנים. די ליפן רויטע, ווי מיט זאפט אָנגעגאָסן. און די צוויי שורות בלאַנקענדיגע ציין האָבן ארויסרופנדיג געלאכט.

דאָראָטי, די שטילע, די צוריקגעהאַלטענע, איז דאָס היינט אזא געווען. אַלע פון דער „גענג" האָבן איר אָנגעקוקט און זיי האָבן זיך געוואונדערט.

— וואָס איז היינט דער מער מיט דאָראָטי׳ן?

— זי האָט זיך געמוזט אָנטרינקען שיכור.

— אָ, ניין, ניט דאָראָטי.

און די קליינע לילי, וואָס איז געווען בייז דערפאַר, וואָס דאָראָטי האָט צוגעצויגן צו זיך דעם שענסטן באָי, האָט מיט א חוזקדיגען טאָן געגעבן א זאָג:

— דאָראָטי, דו האָסט געזאָגט דיין מאַמען אז דו גייסט היינט אויס מיט באָיעס?

אויב דאָראָטי׳ן האָט פאַרדראָסן זייער געלעכטער, האָט זי עס ניט געוואָלט ארויסווייזן. נאָר בען האָט זיך געגעבן א הויב אויף. אין זיין יונגן, ענערגישן פנים האָבן זיך געביטן די קאָלירן. און זיין קרעפטיקער קערפּער האָט זיך אָנגעצויגן, ווי צו א „פאַיט".

— סטאָפּ דהאָט! — האָט ער ארויסגערעדט כמעט רואיג, ווי א פריינטלאכע עצה צו דער „גענג".

דערנאָך, אז מען איז זיך צעגאנגען אַהיים און בען האָט דאָראָטי׳ן צוגעפירט צום שטוב, האָבן זיי אויפן וועג ווייניג צווישן זיך גערעדט. און זייער שווייגן איז געווען אַן אינטימער און באַזונדער. ביים געזעגענען זיך האָט בען געוואָלט דאָראָטי׳ן קושן „גוד־ביי". דאָראָטי איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער ערנסט. און כאָטש איר הארץ האָט געצויגן צו בעני׳ן, האָט זי זיך פון אים אוועקגעריסן:

— נאָר דערפאַר ווייל איר האָט זיך היינט אָנגענומען פאַר מיר, האָט איר שוין א רעכט מיך צו קושן?

זי איז איצט געשטאַנען אנטקעגן אים א טראָציגע, א ניט־דערגרייכבאַרע. בען איז געווען באַליידיגט: — איך ווייס, אז דו ביסט פאַררייסן ביי זיך. „סטאָק־אַפּ", — האָט ער פאַרדראָסיג גערעדט.

— נאָו, סילי, אַי עם נאָט! — האָט זיך דאָראָטי שוין געמוזט צעלאַכן. די ערנסטקייט פון איר פנים איז אוועק. בעני׳ן

האָט זיך געדוכט, זי רייצט זיך מיט אים. — וואָס פאַרא סאָרט מיידל דו ביזט עס, דאָראָטי, — האָט ער ארויסגערעדט פאַר־וואונדערט און אַנטציקט. ער האָט איר ארומגעכאַפּט מיט זיינע שטאַרקע הענט און איר געקושט, און דאָראָטי׳ן איז געווען שווער אַנטקעגן אים זיך צו ווערן.

זיי זיינען נאָך לאַנג געשטאַנען אין דער שפּעטקייט פון דער נאַכט. זיי האָבן גערעדט אַלץ פון ניט קיין וויכטיגע זאַכן. נאָר די פרישע, נאַכטיגע לופט און זייער אייגענע ברויזנדיגע יוגנט האָט געמאַכט זייערע רייד אויסערסט וויכטיג.

3

וועגן דעם אַז דאָראָטי „גייט ארום מיט א באָי" האָבן די שקאָלניק׳ס זיך דערוואוסט גאָר פון זייטיגע מענטשן, פון שכנים. טאַטע־מאַמע האָבן מיט אמאָל דערפילט אי פרייד, אי שרעק. פרייד פון דעם, וואָס די צייט איז שוין געקומען צו דערלעבן נחת פון זייער קינד. און שרעק פאַר דאָראָטי׳ן: ווער ווייס וועמען זי האָט זיך אויסגעקליבן פאַר איר צוקונפטיגן מאַן? די שקאָלניק׳ס האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז מען זאָל דערווייל ביי דאָראָטי׳ן גאָרניט פרעגן:

— זי איז דען ווי אַלע קינדער? — האָבן זיי איינע צו די אַנדערע געזאָגט — מ׳דאַרף דאָך וויסן ווי מיט איר צו ריידן.

טאַטע־מאַמע האָבן עפּעס ווי פאַרלאָרענע געשמייכלט. ס׳איז געווען מאָדנע צו פילן, אַז דאָראָטי איז שוין א גאַנצער מענטש פאַר זיך און זי דאַרף זיי שוין ניט האָבן. אַז ווי לאַנג, דוכט זיך, איז זי גאָר אַ פּיצל קינד געווען . . .

אין יענעם זעלבן אָוונט איז דאָראָטי ווי אַלע מאָל געקומען אין צייט צו סאַפּער. איר „העלאָ" איז ווי אַלע מאָל געווען א פריילאַכער. די נאַכט איז געווען א ווינטערדיגע, אַ קאַלטע, און דאָראָטי׳ס פּנים איז פריש געווען מיט ווינט. ביים עסן האָבן טאַ־טע־מאַמע פאַר׳גנב׳עטערהייט נאָכגעקוקט זייער טאָכטער, ווי זי נעמט די לעפל זופּ אין מויל, ווי אזוי זי עסט מיט די גוטע מאַניערן

פונקט ווי שטענדיג. זיי האָבן נייגעריג איינע צו די אנדערע זיך איבערגעוואונקען און אויף שטום־לשון זיך דורכגערעדט:

„ס׳איז גאָרניט געמינערט געוואָרן פון זייער דאָראָטי׳ן״, — האָבן גערעדט דער מאמע׳ס לויכטנדיגע אויגן.

„דוכט זיך די זעלביגע דאָראָטי״, — האָט געמיינט דעם טאָטנ׳ס הויבן מיט די אקסלען. אוןביידע האָבן זיך אביסל אייב־גערואיגט. דער טאטע האָט באלד נאָכן עסן פארטיפט זיך אין זיין צייטונג און די מאמע האָט געפּאָרעט זיך אין קיך.

שטיל איז איצט געווען אין שטוב. דורכן פענסטער האָט זיך געלויכטן א ליכטיגע נאכט. א שניי איז אויסגעפאלן, זיך געזיפּט דורך דער צאַנקענדיגער ליכט פון די לאָמטערנעס אין גאָס. דאָראָטי איז צוגעגאנגען צום פענסטער. דער שניי האָט גע־בלישטשעט מיט טויזנטער בריליאנטן און האָט באזוימט די קאר־ניזען פון די הייזער. אָט די בלענדנדיגע ווייסקייט האָט געמאכט איר פילן ווי זי וואָלט געפונען זיך איצט אין א נייער, אומרעאַלער וועלט. א שטילע פרייד האָט איר ארומגענומען און איר האָט זיך געדוכט ווי אָט די שיינקייט פון ארום האָט א שייכות מיט איר אליין. און א פארטראָגענע, אַ פאַרוועבטע אין אירע חלומות האָט זי געטראכט פון אן אָוונט א פארבראכטן מיט בעני׳ן. פון א סך אָוונטן מיט אים. זייער לוסטיגער שפּאציר אין שניי, און זיין ברוסטיגער, מענערשער געלעכטער. זיין בארירונג איז כישופ־דיג, און וואונדערלאך זיינען די אָפּגעריסענע, גיכע קושן. דאָראָטי האָט ניט געדענקט, אז אויף דער וועלט קען זיין אזא פולע, טיפע פרייד. דורך איר שעמעוודיגן שמייכל האָט זיך איצט געלויכטן א מין עקסטאַז פאר דאָס וואונדערלאכע, וואָס דארף נאָך קומען.

דאָראָטי האָט זיך אויפגעריסן פון איר פארקלערטקייט. די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אריינגעקומען דער שכן נעכאמ־קין, דעם טאטנ׳ס אן אלטער פריינט. ער און דער טאטע האָבן באלד זיך אוועקגעזעצט שפּילן אין שאַך. די מאמע, זיצנדיג ביי א לאָמפּ און מיט אָנגעזאָטלטע ברילן, האָט געלייענט א צייטונג, באַוועגנדיג קאָמיש מיט די ליפּן, ווי אַ קינד ווען דאָס לערנט זיך לייענען.

— דו וועסט ביי מיר ניט נעמען די „קווין". דו וועסט ביי מיר די „קווין" ניט נעמען, — האָט אויסגעזונגען דער טאַטע אריינקוקנדיג טיפזיניג אין שאָך־ברעט.

דאָראָטי האָט צוגעשמייכלט: מסתמא געווינט דער טאַטע. אז ניט, וואָלט ער ניט געזונגען. א ציטערדיגע האָט זי באַלד א קלער געטאָן; ווי אזוי וועט זי זיי דערציילן פון איר ליבע. וואָס וועלן טאַטע־מאַמע אויף דעם זאָגן ,און צי זיי וועלן זי פארשטיין?

זי האָט שעמעוודיג פארבאהאלטן איר פנים איןביידע הענט און באַלד ווידער פארלאָרן זיך אין אירע מיידלשע חלומות.

4

פון א פּראָווינץ־שטעטל אין קאַנאַדע איז בען אַהער געקומען צופאָרן קיין ניו־יאָרק. די גרויסע שטאָט מיט אירע וואונדער האָט פארכאפּט זיין יונגע נייגעריגקייט, און ס'איז געווען אנט־ציקונג און וואונדער אין זיינע קלאָרע, בלויע אויגן.

בען איז גראָד געווען אן איינפאַכער בחור און קיין אויסער־געוויינלאכע מעלות האָט ער ניט פארמאָגט. ער איז געווען גוט אין ספּאָרטס און געגאנגען איז ער אָנגעטאָן עלעגאַנט מיט דער הוט אָן א זייט, הפקר'דיג אביסל, אזוי ווי אלע יונגע בחורים. נאָר בען איז געווען א מוטיגער און א שטאַרקער און אין זיין אָפענעם פנים האָט זיך יונג לעבן געלויכטן און זיין ליכטיגער שמייכל האָט אזוי ווי אלעמען דערציילט: — „סעי, לאַיף איז עי וואָנדערפול טהינג!"

בען האָט גלייך געקראָגן א דזשאָב אין א גרויסער סטאָר צו זיין א „שיפּינג קלוירק". אלץ איז ביי אים ווי א שפּיל געווען, און זיין ארבעט אויך, און איינפּאַקנדיג די וואַרע אין סטאָר, האָט ער די קעסטלאך אונטערגעוואָרפן אין דער לופטן, ווי ער וואָלט שפּילן באָל. ארום בעני'ן האָבן זיך געקליבן אָן א שיעור באָיעס, געוואָרן מיט אים פריינט, מיידלאך האָבן אין אים זיך געליבט און באַשטעלט מיט אים „דעיטס". צו בעני'ן איז דאָס אויך ווי א שפּיל געווען. ביז ער האָט באגעגנט דאָראָטי'ן, דער שטילער, דער

צוריקגעהאַלטענער, און בען אַליין איז מיט אַמאָל ערנסטער געוואָרן.

כמעט אַלע אָוונט האָבן זיך איצט דאָראָטי און בען באַגעגנט. איבער די קעפּ פון די מענטשן אין גאַס האָבן זיינע לאַכנדיקע אויגן צו איר געקוקט. דאָראָטי איז אַ לוסטיקע אים אַנטקעגן געקומען. די גאַס און די מענטשן האָבן דאַמאָלסט גאָר אַן אַנדער זינען געהאַט, אַז בען איז געווען צווישן זיי.

איינמאָל אין אָוונט האָט בען אָן שום הקדמות גענומען ריידן מיט דאָראָטי׳ן וועגן זייער חתונה. דאָס איז געווען אין אַ רעסטאָראַן. זיי זיינען געזעסן ביי אַ טישל און געטרונקען קאַווע. דורכגעזאַפּט מיט פראָסט פון זייער לאַנגן שפּאַציר, האָבן זייערע פּנים׳ער געגליט מיט פרישקייט. די פרייד פון יוגנט האָט איבער זיי געהויכט. בען איז געווען אין אַ באַזונדערן פריילאַכן מוט. ער האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טישל צו דאָראָטי׳ן און געגעבן אַ רייד אַרויס:

— דו ווייסט, דאָראָטי, מיר דאַרפן גאָר חתונה האָבן.

— דו מיינסט עס ערנסט? — האָט דאָראָטי געלאַכט.

— זיכער. כ׳האָב שוין געשריבן אין קאַנאַדע צו מיינע אייגענע, — האָט בען דערציילט צו ווייזן איר, אַז ער מיינט דאָס ערנסט.

— אָבער פון וואַנען ווייסטו, אַז איך האָב דיר אַזוי ליב? — האָט דאָראָטי ניט אויפגעהערט צו שפּאַסן. נאָר אירע טיפע, טונקעלע אויגן זיינען ערנסטער געוואָרן, דאָס פּנים בלייכער, חנ׳עוודיגער. בען האָט ליב געהאַט אָט דעם אויסזען אירן און איר ערנסטקייט. ער איז געווען מיט איר שטאָלץ.

— מיר קענען זיך נאָך אַזוי ווייניג, — האָט דאָראָטי אָנגעהויבן, נאָר בען האָט איר ניט געלאָזן ריידן. ער האָט אַליין געהאַט איצט אַ סך וואָס איר צו זאָגן:

— נו, באַטראַכט, דאָראָטי, — האָט ער זיך אַלץ מער געהיצט. ער האָט פאַרשאַרט מיט דער האַנט די בלאָנדע האָר פון שטערן און מיט יונגן ערנסט האָט ער לאַנג גערעדט:

— מיר וועלן אפשר ניט זיין רייך . . . אין אָנהויב. נאָר איך וועל אויך זיך דערשלאָגן צו מאַכן אַ פיין לעבן, צוליב דיר, — האָט ער איר אָנגעקוקט מיט טויאיגע אויגן.

דאָראָטי האָט אָנגעשפּאַרט ביידע עלנבויגנס אָן טישל, מיטן פּנים אין די הענט און געהערט, אַ שטילע, מיט צונויפגעצויגענע ברעמען. אויף איין ווײַלע זײַנען די טאַטע־מאַמע איר געקומען אויפן זינען. וואָס וועלן זיי אויף דעם זאָגן? בעת איז ניט אַזוי געלערנט ווי זי. אין קאַלעדזש ניט געגאַנגען. זי איז אומרואיק געוואָרן. נאָר דער הייסער שטראָם פון בעני׳ס רייד האָט באַלד געמאַכט אָן דעם פאַרגעסן. און דער אופן פון זײַן ריידן איז געווען ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ „פּאַיט״ מיט דער גאַנצער וועלט.

אַרום זיי אין רעסטאָראַן האָבן מענטשן געווימלט און גערוישט, נאָר צו זיי האָט זיך דאָס ניט אָנגעקערט, און זיי האָבן נאָר געזען זיך אַליין. דאָס איז געווען אַ געהויבענע מינוט. איבער דעם טישל מיט דעם אָנגעשטעלטן עסנוואַרג האָבן זיי איינע צו די אַנדערע זיך געצויגן, ביידע יונגע, שטאַרקע און פריידיגע. און דער קעלנער וואָס איז צוגעקומען צו זייער טישל האָט איילנדיק געשריבן דעם טשעק, און האָט אָפּגעשטעלט אויף זיי זײַן מידן און פאַרוואונדערטן בליק און זיך צעשמייכלט. אים איז אויך גוט געווען פון זייער ליבע.

5

אין אָט דעם וויכטיגן ענין פון טאָן אַ שידוך מיט זייער קינד, זײַנען די שקאָלניק׳ס איצט גאָר ווי פאַרלאָרענע אַרומגעגאַנגען. זיי האָבן מורא געהאַט ביי דאָראָטי׳ן עפּעס צו פרעגן, און דאָראָטי אַליין האָט זיי אויך גאָרניט דערציילט. דאָראָטי איז געשטאַנען זייער הויך ביי זיי אין די אויגן און קיינמאָל האָבן זיי איר קיין דעות ניט געזאָגט וואָס זי זאָל טאָן. נאָר דאָראָטי האָט קיינמאָל ניט געטאָן אַזוינס, וואָס זאָל זײַן דאַגעגן איר טאַטע־מאַמע.

— רייד דו מיט דאָרעלע׳ן, — האָט איינמאָל אהרן שקאָלניק געזאָגט צו זײַן ווייב, — דו ביזט דאָך אַ מאַמע?

— איך זאָל ריידן? — האָט מיסעס שקאָלניק אָן איבערגעשראָקענע זיך אַ כאַפּ געטאָן, — נו, און דו, פאַרוואָס קענסטו ניט ריידן מיט איר? דו ביזט דאָך אַ טאַטע.

אזוי האָבן זיי אַלץ דאָס אָפּגעלייגט ביז איינמאָל אין א פרימאָרגן האָט די מאמע אָפּגעמאכט ביי זיך, אז היינט מוז זי שוין מיט דאָרעלע׳ן ריידן. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זי זיך צו דעם געקליבן. ערשט, אז דאָראָטי האָט שוין אָפּגעגעסן און געהאלטן דעם מאַנטל גרייט אוועקצוגיין, האָט די מאמע זיך אָנגענומען מיט מוט:

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן, דאָרעלע? כ׳וויל ביי דיר עפּעס פרעגן.

דאָראָטי האָט גוט געוואוסט וועגן וואָס די מאמע וויל מיט איר ריידן. ס׳איז איר אליין אויך שווער געווען און זי האָט ניט־ווילנדיג אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— טאָכטער מיינע, — האָט די מאמע אָנגעהויבן מיט א ציטערדיגן קול, — ס׳איז אמת וואָס מענטשן ריידן וועגן דיר און אַ באָי?

— ס׳איז אמת, מאַ, — האָט דאָראָטי אויפגעהויבן די אויגן. זי האָט געזען דער מאמע׳ס פנים, פול מיט אַנגסט און אומבאַגרעניצטער ליבשאפט צו איר, און דאָראָטי האָט א שולדיגע אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— מיין קינד, ווער איז דער באָי? — פרעגט די מאמע.

דאָראָטי האָט געוואָלט וואָס גיכער מאכן א סוף צום געשפּרעך, האָט זי מיט א געמאכטן, גרינגן געמיט געגעבן א זאָג:

— אָ, ער איז אן איינפאכער באָי, א שיפּינג קלוירק.

— אַ שיפּינג קלוירק? — האָט די מאמע גאָרנישט פארשטאַנען.

— יע. ער פּאַקט קעסטלאַך וואַרע אין א סטאָר.

— גיי שוין גיי, טאָכטער, דו לאכסט פון דער מאמען. א פּראָסטער באָי זאָגסטו?

— פארוואָס ניט, וואָס איז דען מיט מיר אליין דער יחוס? — האָט דאָראָטי גערעדט מיט הארץ, — וואָס פאר א באָי האָסטו דען געוואָלט פאר מיר, מאַ?

— כ׳ווייס? — האָט זי אָנגעקוקט איר טאָכטער מיט פייכטע אויגן, — א דאָקטאָר, צי א לאָיער, אַ געלערנטן מענטשן כאָטש. דער טאטע האָט געדענקט . . .

זי האָט א מאך געטאָן מיט איר דארער, אָדערדיגער האנט,

ווי זי וואָלט טאַפּן אין דער פינסטער, און זיך אָפּגעדרייט אָן א זייט. דאָראָטי האָט געשוויגן. יע, בען איז ניט געווען אזוי געלערנט. נאָר ביי דאָראָטי'ן האָט דאָס קיין ווערדע ניט געהאַט. זי איז אליין געווען אויסגעשטודירט און געלייענט שטענדיג ערנסטע ביכער. אין דער היים ביי איר, האָט זי שטענדיג געהערט רעדן נאָר פון טיפע ענינים און פּילפּלען זיך. זי איז געווען שוין איבערזעטיגט מיט דעם, און איר האָט ניט געארט וואָס בען איז ניט אזוי געלערנט. נאָר בען האָט געקענט אזוי שטארק ליב האָבן און דער שמייכל פון זיינע בלויע אויגן האָט געבראכט פרייד, און די וועלט ארום איר איז ליכטיגער געוואָרן. קיינמאָל וואָלט זי דאָס ניט געקענט דערקלערן דער מאמען.

— טאָכטער מיינע, — האָט זי געהערט דער מאמע'ס קול, פול מיט צער, — אז נישט קיין געענדיגטער קאלעדזש און נישט קיין גרויסער פארדינער, איז וואָס־זשע האָסטו אזוינס געזען אין דעם באָי?

— דו מוזט אים אליין זען, מא. דו וועסט אים אָנקוקן, — האָט דאָראָטי נאָר געקענט זאָגן, און ארויסגעלאָפן פון שטוב צו־שפּילענדיג איר מאנטל אויפן וועג.

6

ביי די שקאָלניק'ס אין הויז האָט מען זיך געגרייט אויף בעני'ס וויזיט. עס איז אָפּגערעדט געווען אים צו פארבעטן אויף זונטאָג צו מיטאָג. אין יענער צייט האָט זיך גערודערט ביי די שקאָלניק'ס אין הויז. מען האָט איבערגעשטעלט די מעבל, פארדעקט די אָרעמ־קייט ווי נאָר מען האָט געקענט. דאָראָטי האָט צום לאָמפּ גע־קויפט א קאָלירטן אבאזשור, די גאנצע אלטמאָדישע אויסשטאטונג פון שטוב איז איצט אביסל אָפּגעפרישט געוואָרן.

אויפן הארצן איז דאָראָטי'ן שווער געווען צוליב בעני'ס וויזיט. „כ'וואָלט געוואָלט, אז ס'זאָל שוין זיין נאָכדעם", — האָט זי איינ־מאָל אין אָן אָוונט געזאָגט צו בעני'ן.

— פארוואָס? — האָט בעני זיך געוואונדערט. נאָר זי האָט

אים ניט געקענט זאָגן, אז איר טאטע־מאמע זיינען גאָר באזונדע־רע מענטשן, און ווער ווייסט צי בען וועט זיי געפעלן.

זונטאָג באלד אינדערפרי האָט דאָראָטי אָנגעמאָסטן איר שענסטע קלייד. מיט די האָר פארקעמט ווי ס'איז דאמאָלסט געווען די מאָדע און מיט הויכע קנאפל אין די שיך איז זי געשטאנען א ווײַלע ביים שפיגל און זי האָט א טראכט געטאָן, אז איצט וועט שוין קיינער ניט קענען זאָגן אויף איר, אז זי איז ניט געראָטן אין די היגע מיידלאך . . .

די מאמע איז אין יענעם פרימאָרגן ארומגעגאנגען שטארק צעטראָגן. זי האָט פאר היינטיגן מיטאָג אויסגעזוכט די סאַמע היימישע מאכלים, וואָס האָבן אין איר זכרון נאָך אויפגעהאלטן זיך גאַנץ, ווייל אלץ וואָס פון דער היים, איז דאָך געווען גוט . . . און וויפיל בריה'שקייט און וויפיל ליבשאפט זי האָט דאָס ארייננגעלייגט אין דעם ענין. דער טאטע האָט פון צייטונג ארויסגעקוקט אויף איר דורך די ברילן און אָפּגעלאכט כלומרשט: „זע נאָר דעם וועזן וואָס זי מאכט". נאָר אליין האָט ער אלע ווײַלע פארריכט אויף זיך דעם נייעם שניפס און אומרואיג געקוקט אויפן זייגער.

דערנאָך האָט די מאמע אָנגעטאָן איר שווארצע קלייד און מיט אירע שניי־ווייסע האָר איז איר פּנים זייער איידל געווען. זי האָט אויסגעזען עלטער ווי דער טאטע און איר פאַרמעט פּנים האָט זיך געקארבט, נאָר ביים אלטן אין די אויגן איז זי מסתמא פאר־בליבן א שיינהייט, אזא ווי זי איז געווען אין איר יוגנט.

— דו שיינסט איצט, — האָט דער אלטער געגעבן א זאָג אויפהויבנדיג די ברילן.

— אָט גיי שוין, גיי, — האָט די מאַמע אומעטיגלאך צוגע־שמייכעלט.

שטענדיג האָט דאָראָטי אָט דעם שמייכל געדענקט. זי, די מאַמע, האָט געבענקט נאָך דעם לאנד, וואו זי איז געבוירן און דערפאר איז איר שמייכל שטענדיג אומעטיג געווען.

* * *

בעני'ס ארײַנקומען האָט געמאכט א רושם מיט זיין באלעבטן אויסזען און מיט זיין הויך־געוויקסיגקייט, און עס איז געווען ווי

ער וואָלט צו גרויס זיין פאר זייער שטוב. די מאמע האָט אזש איר מויל צעעפנט פון גרויס וואונדער. נאָר דער טאטע האָט מיט א וואונק פון די אויגן באוויזן, אז זי זאָל זיך נישט לאָזן פארפירן פון א שיינעם אויסזען. זיין אייגענער פנים האָט זיך צעשטראַלט, ווען ער האָט בעני׳ן געדריקט די האנט.

דאָס עסן ביים טיש האָט זיך אָנגעהויבן זייער פריילאך. בעני האָט געלויבט יעדער מאכל באזונדער. גערעדט האָט ער מיט א טשיקאווען, צעבראָכענעם אידיש, וואָס האָט אלעמען געמאכט לאכן, און אלץ איז אוועק גוט.

יע, אלץ איז אוועק גוט. און דאָך איז בעני׳ס וויזיט געווען, קען מען זאָגן, אַ דורכפאַל. צי דערפאר, ווייל אהרן שקאָלניק האָט ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון צו פארפירן א דיספוט, אָדער אפשר גאָר פשוט, ער האָט געוואָלט „פארהערן״ זיין צוקונפטיגן איידעם אויף וויפיל ער פארמאָגט א שארפן קאָפּ און צי ער איז עפּעס געלערנט. איז געקומען צו־רייד וועגן בעני׳ס דזשאב פון א שיפּינג־קלוירק, וואָס צו דעם פאָדערט זיך נישט קיין גרויסע תורה. רופט זיך אָפּ אהרן שקאָלניק:

— אז מען וויל זאָגן איז אזא ארבעט נאָך בעסער פאר א יונגן באָי. דער קאָפּ איז פריי, דו האָסט א געלעגנהייט אין די אָוונטן צו לערנען זיך עפּעס העכערס.

דאָראָטי האָט מורא געהאט, דער טאטע זאָל ניט פארפירן בעני׳ן אין דעם ים פון טיפע רייד. א פארדראָס האָט זי דערפילט אויפן טאטן, און מיט כעס האָט זי געגעבן א רוק פון זיך דעם טע־לער און הויך א פרעג געטאָן:

— מא, וואָס האָבן מיר היינט פאר א דעזערט?

דער טאטע האָט באלד פארשטאנען, אז מען וויל אים דאָ איבערשלאָגן אין מיטן ריידן, איז ער אליין אנטשוויגן געוואָרן. ער האָט צונויפגעלייגט די הענט אויפן הארצן און זיין סארקאסטישער שמייכל האָט ווי געזאָגט:

„מיין טעכטערל האָט מורא פארן טאטנ׳ס נארישקייטן, נו גוט, גוט״.

און בעני האָט געזען ווי דאָראָטי איז מיטאמאָל געוואָרן אין

כעס אויפן טאטן, איז ער געבליבן זיצן עפּעס קאַלעמוטנע . . .

נו, האָט שוין דער מיטאָג זיך פאַרענדיגט כמעט אין שטיל־שווייגן. די מאמע האָט מורא געהאט קאַליע מאכן מיט עפּעס א וואָרט, האָט זי אויך געשוויגן. זי האָט נאָר געוואַרט ווען אַלע וועלן אוועקגיין און ס׳וועט זיך צוריק איינשטעלן אָרדנונג אין שטוב, וועט זי נעמען דעם יונגן בעני, צעגלידערן אים און אַלץ איבערטראכטן אויף איר אייגענעם, מאמעשן אופן.

7

דאָס איז געווען אויף מאָרגן באַלד אין אָוונט. מען האָט אָפּגעגעסן סאַפּער. דאָראָטי איז ביים פענסטער געשטאַנען א ברוגז׳ע און דער אַלטער שקאָלניק איז ארומגעגאַנגען איבערן שטוב און מיט הארץ גערעדט צו זיין טאָכטער:

— כ׳וואָלט א בעלן זיין וויסן וואָס ביזטו אין כעס? ס׳הייסט דו ביזט נאָך גערעכט?

ער האָט אַזוי געוואָלט צוריק גוט ווערן מיט זיין טאָכטער. נאָר דאָראָטי איז געשטאַנען ביים פענסטער א שטרענגע און א טראָציגע און פאַר׳עקשנ׳ט געשוויגן.

אהרן שקאָלניק איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. אַזא הארבער ענין וואָס ער דאַרף דאָס איצט אויפלייזן. ער האָט נישט געקענט זאָגן אָקוראַט, אַז ער האָט עפּעס צו דאָראָטי׳ס באָי. אודאי איז ער אים וואויל געפעלן. אָבער ווייטער איז וואָס? שוין ניט רעדן פון דעם וואָס ער איז אַן ארימער באָי, אָבער ער זעט דאָך גאָר אויס צו זיין צו פּראָסט! וויפיל מאָל האָט ער זיך דאָס פאָרגעשטעלט ווי ער וועט אריינקריגן פאַר אַן איידעם א געלערנטן, וואָס איז אויך אויסגעגאַנגען אַלע קאַלעדזשעס מיט א שארפן קאָפּ. ער וועט אים פרעגן פראַגן, וואָס אפשר ער אַליין, שקאָלניק, וועט דאָס ניט קענען פאַרענטפערן.

איצט איז ער ארומגעגאַנגען איבערן שטוב מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. ער האָט געפירט מיט זיך א גרויסן שטרייט. ער האָט ניט געקענט זאָגן דאָראָטי׳ן פאַרוואָס ער איז געגן איר

באַי און ס׳איז אים שווער געווען אזוי גיך צו געבן זיין וואָרט צום שידוך. האָט ער נאָך געפּרואווט מיט דאָראָטי׳ן אייב׳טענה׳ן:

— נו, יע, אַן אָרימער באַי, א שיפּינג קלוירק. וואָס איז דאָס פאַר א צוקונפט פאַר א יונגן מענטשן?

— פּאַפּאַ! — האָט דאָראָטי זיך געגעבן א קער אויס צו אים, — דו האָסט אליין א סך מאָל געזאָגט, אז געלט איז נאָך ניט דער עיקר ביים מענטשן, און אז וואָס מערער מען איז רייך, אַלץ מער ווערט פאַרגרעבט די נשמה.

דער טאטע האָט געשמייכלט אין זיך אליין. ער וואָלט וואויל געקענט ענטפערן זיין טאָכטער אזוי: „טאקע, געלט איז נאָך ניט דער גאנצער עיקר, אָבער ווען איז דאָס געוועדט געוואָרן, אז דער מענטש איז א מענטש״.

נאָר ער האָט געשוויגן שטיל, דער אַלטער שקאָלניק, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אז אין א דיספּוט קען זיין טאָכטער גאנץ פיין מיט אים זיך פאַרמעסטן, און ניט איין מאָל האָט זי שוין געכאַפּט אים ביי א ווידערשפּרוך . . .

די מאמע, די שטילע טויב, האָט געשוויגן, אזוי ווי אַלעמאָל, ווען איר מאן איז דאָ דערביי. זי האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אזוי ווי אַלץ, וואָס מען דאַרף רעדן, האָט שוין ארויסגערעדט איר קלוגער מאן.

און דאָראָטי האָט אָנגעקוקט איצט איר טאַטע־מאַמע, און זי האָט געזען זייער צער, ווי זיי זיינען אזעלכע אומבאַהאָלפענע און צווייפלענדיגע און עס האָט איר שטארק באַנג געטאָן פאַר זיי. זי האָט אָנגעטאָן איר מאנטל און הוט מיט א געפיל וואָס גיכער אוועק־גיין פון שטוב. דער מאמע׳ס ציטערנדיגער קול האָט איר באַ־גלייט: — ועסט קומען היינט שפּעט, דאָרעלע?

„די מאמע מיט איר גוטסקייט״ — האָט דאָראָטי א שמייכל געטאָן צו זיך. זי האָט איצט געטראָגן אויף זיך זייער גוטסקייט ווי מען טראָגט א שווערע משא.

א „שיפינג קלוירק", האָט איצט די מאמע כסדר צו זיך אליין געשעפטשעט, ווי זי וואָלט וועלן היימישער ווערן מיט אָט דעם טשיקאַווען וואָרט, וואָס האָט אַזוי אומגעריכט זיך ארייַנגעריסן אין זייער לעבן. איר קאָפּ איז איצט געווען פארנומען מיט א רעוויזיע אין איר באַלעבאַטישקייט. איבערשיטן די לאַנג־יעריגע בעטגעוואַנט, אייַנקויפן אַלערליי זאַכן. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל דאָראַטי האָבן איר „גאַרדעראָבע" . . .

מאַן און ווייַב האָבן וועגן דעם גאַנצן ענין ווייניג צווישן זיך גערעדט, נאָר אין הארצן ביי זיך האָבן זיי געפילט, אַז סיי־ווי וועלן זיי מוזן זיך אונטערגעבן צו דאָרעלע׳ס ווילן. און אליין האָבן זיי געפּרוּווט די זאַך רעכט מאַכן און פאַרענטפערן. אהרן שקאָלניק האָט איצט אין די געשפּרעכן מיט זייַנע פריינט כסדר ארויפגעפירט נאָר אויף איין זאַך, וועגן די אמעריקאַנער באַיעס.

— זאָגט אייך וואָס איר ווילט, — האָט ער זיך געהיצט, — מען קען די היגע קינדער ניט אוועקמאַכן מיט דער האַנט. נעמט א שטייגער זייער גבורה!

ער האָט ארויסגעשטעלט א פארשטייפטן קולאַק צו ווייַזן ווי שטאַרק די אמעריקאַנער קינדער זייַנען, און ער האָט זיך ווי באַרימט:

— אַ־האַ, זיי וועט שוין קייַנער נישט קענען בייקומען. זיי זייַנען ניט קיין שרעקעדיגע . . .

און אייַנמאָל בייַנאַכט, אז מאַן און ווייַב זייַנען שוין אריין אין זייער צימער, געקליבן זיך גיין שלאָפן, האָט אהרן שקאָלניק מיטאַמאָל זיך אָפּגערופן:

— הערסטאָך, אז זייַן טאַטע־מאַמע זייַנען אויך אמעריקאַנער, טאַקע דאָ הי געבוירן.

— זעסטו, א גרויסער יחוס מיר, — האָט מיסעס שקאָלניק אומעטיג צוגעשמייכלט.

— לאָך נישט, עס איז א גרויסע זאַך, — האָט אהרן שקאָלניק זיך גענומען אויסטאָן די זאַכן. ער האָט אויסגעזען אין די אונטערוועש מער אייַנגעבויגן, מיט די טרוקענע ביינער, וואָס האָבן

אומטעום ארויסגעסטאַרטשעט אין זיין דאַרן גוף. ער האָט גענומען ארומגיין איבערן צימער. ער האָט, ווי אַלעמאָל, געוואָלט זיך אין דער זאך דערגרונטעווען ביז צום עיקר.

— אָט וועל איך דיר באַלד דערקלערן פארוואָס דאָס איז אזוי...

נאָר צו דער מאמע׳ס הארץ זיינען נישט צוגעשטאנען קיין שום דערקלערונגען. און זיצנדיג אויפן ראַנד פון בעט מיט דער זאָק אין האַנט, האָט זי זיך צערעדט מיט א ניגון אין קול:

— און דעם גאנצן קאַלעדזש דורכגעמאכט, און פּיאנאָ לעק־סאָנס גענומען, אזא שיינע בלום, און גיי גיב איר אוועק צו א שיי־פּינג־קלוירק.

אין איר מאָנענדיג קול איז געווען די גאנצע קריוודע, די אנטוישונג, נאָך די אַלע יאָרן פון גרויסע האָפנונגען. איר מאן האָט איר איבערגעשלאָגן:

— שאָ, שריי נישט אזוי, דאָרעלע קען נאָך אָנקומען.

— מיינסט כ׳האָב מורא פאר איר? כ׳וועל דאָס איר זאָגן אין די אויגן, — האָט זי ענערגיש אָפּגערוקט פון זיך די אויסגעטאָנענע זאָק און טאקע געכאפּט א קוק אין „פּאַרלאָר״ צו מאכן זיכער, אז דאָראָטי איז דאָרט נישטאָ.

און לאנג זיינען נאָך מאן און ווייב געלעגן אין בעט און גע־שוויגן אין דער פינסטער פון דער נאכט. יעדערער פארנומען מיט זיינע באזונדערע געדאנקען.

— כ׳האָב די וואָך געזען א „סעיל״ אויף מענערשע העמדער, — האָט מיסעס שקאָלניק פּלוצלונג אָנגעהויבן רעדן ווי צו זיך אַליין, — דער באָי ווייסט דען ווי זיך צו קויפן עפּעס. מען נאַרט אים אודאי אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס.

„אָט האָסטו דיר אַ לאָגיקע״ — האָט דער אַלטער שקאָלניק אָפּגעלאכט אין זיך פון זיין ווייב, — „איז נישט צופרידן מיט דעם שידוך און קויפט שוין העמדער פארן באָי״.

ער האָט זיך אומגעקערט מיטן פּלייצע צו זיין ווייב, טראכטנ־דיג אז „א אידענע בלייבט א אידענע״, נאָר ער האָט גאָרנישט גע־זאָגט. ער האָט זיך געמאכט שלאָפנדיג.

ביי די שקאָלניק׳ס אין דער היים איז איצט נישט צו פרייליך געווען. דער טאַטע האָט זיך אָפּט באַקלאָגט, אז אין זיין שאפּ, וואו ער ארבעט, ווערט אלץ ווייניגער ארבעט, און ווי גוטע, אלטע באַלמעלאָכעס ווערן ארויסגעשטופּט פון זייערע איינגעזעסענע ער־טער, און אָנשטאָט זיי נעמט דער באַלעבאָס יונגע שיקסעס, וועלכע ארבעטן פאר העלפט געלט.

די פאר׳דאגה׳טע מאמע האָט איצט כסדר געפלאַנט און אויסגערעכנט וואו מ׳קען פארשפּאָרן און שניידן די הוצאה.

אין יענער צייט איז דאָראָטי ארומגעגאנגען אין א געדריקטן געמיט. טאַטע־מאַמע האָבן מער וועגן בעני׳ן ניט גערעדט. נאָר זי האָט געפילט, ווי זיי זיינען נאָך אלץ געגן אים. זייער שווייגן איז איר ערגער געווען ווי רייד. צי וועלן זיי ענדלאך געבן זייער וואָרט צו איר חתונה? און אויב יע, וואו וועט זי נעמען געלט איינצו־שאפן זיך א היים? בען האָט ווייניג פארדינט, און זי אליין האָט נאָך קיין שטענדיגן דזשאב אין סקול נישט געהאט; געווען א „סאָבסטיטוט״. צו האָבן אן אייגענע היים פאר איר און בעני׳ן איז געווען א ווייטער חלום. „ווי לאנג וועט זיך דאָס אזוי ציען?״ — האָט זי א פארביטערטע זיך אליין געפרעגט.

דערפאר אין די אָוונטן, אז דאָראָטי האָט זיך מיט בעני׳ן באגעגנט, איז זי אָפּט געווען צעשטרייט. נאָר בען האָט נישט געוואוסט פון צו זיין פאַרזאָרגט און אומעטיג און ער האָט נישט געלאָזן דאָראָטי׳ן זיין אזא. בען האָט געקענט פארטרייבן די זאָרג דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אליין צוגעגעבן מוט: „דאָראָטי׳ס „פאָלקס״ וועלן בעסער ווערן, זיי וועלן געבן זייער צושטימונג. ער אליין וועט קריגן א „רעיז״, עס וועט זיין גענוג געלט אויף איינצושאַפן זיך אַ היים״.

— אָ, נאָטהינג מעטערס, וויבאלד נאָר אז מיר האָבן זיך ליב, — האָט ער צערטלאך פארקוקט איר אין די אויגן.

אין די אָוונטן, אין רעסטאָראן, האָט שוין דאָראָטי אויף אים געוואַרט. בען פלעגט געבן א קום אריין, א פלינקער, א קרעפּטיגער,

מיט לאכנדיגע אויגן, זיי האָבן געגעסן אינאיינעם סאפער. ביים טרינקען קאָפע איז בען געוואָרן זייער באַלעבט און ער האָט גע־לאָזן לויפן זיין פאַנטאַזיע.

— אַט וועסטו זען, דאָראָטי, מיר וועלן האָבן א היים. שיינע צימערן, א סך פריינט וועלן צו אונז קומען. מיר וועלן האָבן פריילאכע פּאַרטיס.

— אָ, ס'איז וואונדערבאר! — האָט דאָראָטי זיך אויך צע־ווארעמט, — לאָמיר טרינקען נאָך קאָפע.

בען האָט זיך געפרייט, אז ער האָט געקענט פארטרייבן דעם אומעט פון איר מאַטאָווען פּנים. זיי האָבן זיך אזוי ליב געהאט. בען האָט זיך צו איר נאָענט צוגעבויגן איבערן טישל. בלויע, טויאיגע אויגן און טיפע טונקעלע אויגן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט באגער. די ווענט און די מענטשן ארום זיינען פארשוואונדן. איין ווײַלע אזא, וואָס האָט אויסגעזען ווי אן אייביגקייט. נאָר באלד האָבן זיי זיך געכאפּט וואו זיי זיינען, און זיי האָבן ביידע זיך צעלאכט.

גייענדיג דערנאָך אהיים, האָט דאָראָטי זייער האַפערדיג זיך געפילט. און זי האָט געזאָגט צו בעני'ן וועגן איר טאַטע־מאַמע:

— זאָלן זיי נאָר פּרואוון זיין דאגעגן אונז, וועלן מיר שוין זען . . .

איר קול איז דאמאָלסט געווען אן ארויסרופנדיגער.

אז דאָראָטי איז שפּעט ביינאַכט געקומען אהיים, איז נאָך קיינער אין שטוב נישט געשלאָפן. אַ גאַסט איז געווען אין שטוב, זעליג קאָהען. און ער און דער טאַטע זיינען געווען פארוויקלט אין א טיפן געשפּרעך. דאָראָטי האָט געוואוסט, אז זעליג קאָהען איז א גרויסער קענער אין „אידישע פראגן". און אין דיספּוט מיטן טאטן האָט זי געזען, אז אי ער האָט די אידן געשטראָפט און אי ער האָט זיי ליב געהאט:

— דו רעדסט פון די אידן וואָס זיינען פון אונז אָפּגעפרעמדט?

— האָט ער ארויסגעשטעלט צום טאטן זיין פרעגנדיגע האנט, — אזעלכע אידן זיינען פּשוט צו־מיד פון זיין אידן; ווילן ארויסגיין פון דער אייגענער הויט.

נאָר דער טאַטע איז מיט זעליג'ן נישט איינשטימיג געווען, ער האָט ארויסגעשטעלט זיין אייגענע ארגומענטירנדיגע האַנט. דעם טאַטנ'ס אויגן, אונטער די ברילן, האָבן זיך געלויכטן מיט הנאה. ער האָט פארגעסן אַלע דאגות, דעם שאפּ און דעם לענדלאָרד און די גראָסערי. און אַז דאָראָטי האָט אים אזא געזען, האָט זי נישט געוואוסט, צי זאָל זי אויף איר טאַטן זיין אין כעס, אָדער זי זאָל נאָך מערער אים ליב האָבן.

---

איינמאָל אַז דאָראָטי איז געקומען אהיים, האָט זי געזען א מאָדנע סצענע. דער טאַטע איז שוין געקומען פון שאפּ; די מאמע איז אויך געווען אין שטוב, נאָר קיין סאפּער האָט מען נאָך נישט געגעסן. וואָס איז געווען דער אָפּהאַלט? גאָרנישט. אהרן שקאָלניק איז ארומגעגאנגען איבערן שטוב מיט די הענט אויף היגטן און צו־געברומט זיך א ניגונ'דל, און זיין אויסזען איז געווען אזא, ווי ער טראָגט אין זיך עפּעס א גרויסן סוד. און די מיסעס שקאָלניק האָט זיך געצנוג צייט. זי זעט, אַז איר מאַן שווייגט און טראָגט זיך ארום מיט סודות, לאָזט זי אים שווייגן, און זי וואַרט ביז ער אַליין וועט איר אַלץ דערציילן. נאָר דאָראָטי איז שוין ארויס פון געדולד און גענומען זיי אונטעראיילן מיט דעם עסן:

— אָ, קאָם אָן! — האָט זי אליין גענומען גרייטן צום טיש.

אַז מען האָט נאָך נישט באוויזן צו נעמען די ערשטע לעפל זופּ אין מויל אריין, האָט דער טאַטע פּלוצלונג ארויסגעפּלאַצט, אַזוי ווי מיט א באָמבע:

— דאָרעלע וועט דאָך צו דער חתונה מסתמא דארפן געלט, איז אָט־אָ אַ טשעק אויף צוויי הונדערט דאָלער.

אַז מען האָט אים גענומען פארנאנדערפרעגן וואָס און ווען און וואו ער האָט געלט גענומען, האָט זיך ארויסגעוויזן גאָר א פּשוט'ע זאַך: ער האָט געקראָגן א „לאָאָן", א הלואה, אויף א לאנגן טערמין. צוויי גוטע פריינט זיינע האָבן פאר אים „גוט־געזאָגט".

ווי נאָר די מאמע האָט דאָס דערהערט, האָט זי באלד זיך געגעבן א הויב־אויף פון אָרט. זי איז אוועק אין איר שלאָפצימער

און ארויסגעבראכט פון דאָרטן א פעקעלע פּאַפּיר־געלט איינגע־
וויקעלט מיט א קניפּל אין א גרויסער נאָז־טיכל.

— און אָט איז נאָך פופציג דאָלער. וועט זיין צושטייער
אויף „פוירניטשור", אָדער כ'וויים וואָס.

אירע באַקן האָבן געברענט פלאַם־פייער. זי האָט געקוקט
אויפן טאַטן, און דער טאַטע האָט געקוקט אויף איר, און ביידע
האָבן זיי אויסגעזען ווי צוויי פארשווערער, וואָס מען האָט זיי
געכאַפּט ביי דער האַנט. און דאָראָטי אליין איז עפּעס גאָר געווען
ווי צעמישט און געוואָלט האָט זי ארומכאַפּן דעם טאַטן מיט דער
מאַמען און אוועקלאָזן זיך מיט זיי אין אַ טאַנץ. נאָר זי האָט ניט
געוואָלט זיך ארויסווייזן פאר צופיל סענטימענטאל.

— דו זעסט, טאַכטער, — האָט אהרן שקאָלניק געמאכט א
העלדישע פּאָזע, — טאַטע־מאַמע קומען אויך אמאָל צוניץ.

דאָראָטי האָט זיך געשעמט, נאָר די מאַמע האָט זיך באלד
אָפּגערופן:

— טאָכטער, ווען ברענגסטו דיין בענע'לען פאר דינער?

— יע, און דער טאַטע זאָל באלד פארפירן מיט אים טיפע
רייד, — האָט דאָראָטי זיך א רייץ־געטאָן מיטן טאַטן.

דער טאַטע האָט כלומרשט זיך געבייזערט:

— א קינד בלייבט אַ קינד.

— וואָס מיינסטו, פּאַ?

— וואָס איך מיין? בענעלע באַלאַנגט דאָך שוין איצט צו
אונזער משפחה, איז וואָס האָסטו מורא?

ביי דער מאַמען איז דאָס הארץ איצט צו־פול געווען, און זי
האָט זיך געמוזט אָפּקערן אַן א זייט, אז מען זאָל גאָרניט דער־
קענען אויף איר, ניט אין איר פּנים און ניט אין די אויגן.

# שטילע לעבנס

אין דעם רייכן, אַריסטאָקראַטישן געגנט פון שטאָט האָבן אַלע געקענט מערי׳ן. זי איז געווען אַ קליינע פרוי מיט אביסל אַן איינגעטריקנטן גוף און ליכטיג־בלויע אויגן. זי האָט געקענט טאָן אַלע סאָרטן מלאכות. און געארבעט האָט זי פון שטונדע, צי פון טאָג אָדער וואָך. און וואו מען האָט געדארפט צוואַשן אַ געוועש אָדער אין אָוונט שטיין מיט אַ קינד, אָדער פארבייטן אן אוועקגעגאַנגענע דינסט, איז מערי שטענדיג געווען אויפן אָרט.

זי האָט געוואוינט אין אַ האַלב טונקעלן קעלער פון א פּריוואַטן הויז און אַנשטאָט דירה־געלט, האָט זי געצאָלט מיט ארבעט. אירע קליידער, געשענקטע פון די רייכע ליידיס, זיינען געווען ניט פּאר זומער און ניט פאר ווינטער און מערי האָט זיי אָנגעטאָן עטלעכע פאר איין מאָל. אן אויסגעריבענעם סאַמעטענעם מאַנטל איבער אן אלטן „איוונינג־גאַון״, מיט ארומגעשאָטענע, בלישטשענדיגע פליטערלאַך. די שיך מערי׳ס, אויך געשענקטע, מיט אויסגעדרייטע קנאַפּל, זיינען געווען פון אלערליי אויסטערלישע פּאַסאַנען.

קיינער האָט ניט געוואוסט ווער מערי איז, נאָר מען האָט געשמועסט, אַז זי שטאַמט פון איירישן פאָלק מיט אַ געמיש פון אידיש בלוט. עס קאָן זיין, אַז מערי האָט געהאט אמאָל איר אייגן לעבן, ווייל צו איר אין קעלער פלעגט קומען צוגיין א זון אירער. אַ געוויקסיגער, שיינער יונג, וואָס האָט זיך געלערנט פּאַר א מעכאַניק. מערי האָט אים אונטערגערוקט אַ פּאָר צעקנייטשטע דאָלאַרס, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט פון דער וואָך ארבעט און זי האָט אים באגלייט ביז צו דער טיר מיט ליכטיגע, מאַמעשע אויגן.

מערי׳ס טאָג איז געווען ווי אַ קייט פון כסדר׳דיגע ארבעט און אומעטום איז זי געווען נויטיג. און אז זי איז געקומען אין א הויז האָט זי שוין געוואוסט וואָס צו טאָן. מיט אן עמער אָנגעזייפטן

וואַסער און מיט א האַרטער באַרשט האָט זי פּלינק זיך א לאָז געטאָן אַראָפּ אויף די קני און געריבן און געריבן דעם דיל, מיט באוועגונגען צוגעוואוינטע, געאיבטע, ווי א מאשין. א טעלער „אויטמיל" און א גלאָז שטאַרקע קאַווע אז מערי האָט געקראָגן צו איר מאָלצייט, איז געווען דאָס גרעסטע פאַרגעניגן, וואָס זי האָט געקענט פאַרלאַנגען. נאָך אזא עסן איז זי זייער צעוואַרעמט געוואָרן און ס'איז איר שוין ניט פּאסיג געווען צו דינגען זיך איבערן פּרייז און זי האָט גענומען וויפיל נאָר מען האָט איר געגעבן.

די ליידיס האָבן ליב געהאַט צו עסן מיט מערי'ן אין קיך ביי איין טיש צוליב מערי'ס וויציגע ווערטלאַך, וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען. אויך די קינדער פון הויז האָבן צו מערי'ן זיך געקלעפּט פאַר די סך מעשה'לאַך, וואָס זי האָט זיי געקענט דערציילן. מערי'ס געמיט איז געווען גרינג און דער קאָפּ לויטער, ווי ביי א קינד. נאָר אז זי איז אין אָוונט געקומען אהיים צו זיך אין קעלער, האָט א מידקייט צענומען אירע גלידער, און שווער איז איר שוין געווען צו מאכן איר אייגענע בעט. און דאמאָלט איז איר געקומען אויפן זינען א „וואַקיישאָן", ווי א ווייטער חלום. א „ביג וואקיישאָן". שפּעטער, אז דזשאַני, איר זון וועט זיך שטעלן אויף די פיס.

מערי האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט ריידן פון אירע באַהאַלטענע פּלענער. נאָר אז זי האָט זיך צערעדט מיט איר פריינדינע איירין, די דינסטמיידל פון דעם שכנות'דיגן רייכן הויז, האָט זי דאמאָלסט ליב געהאַט א שפּאס צו טאָן וועגן איר וואקיישאָן: — „וועט מען דאָס אַראָפּקומען אין דעם גרויסאַרטיגן האָטעל, וועט מען דאָס איר דערלאַנגען א פולן טעלער אויטמיל מיט שטאַרקע קאַווע און מיט פּלענטי קרים". — און איירין, די נעגער־מיידל, אז זי האָט געהערט מערי'ן אזוי ריידן, האָט זיך געבויגן אין דרייען פון גרויס געלעכטער.

עס האָט פּאַסירט אָפט, אז מערי איז צו איירינ'ען געקומען אין אָוונט אָפּשטאָטן איר א וויזיט. אין איר פאַנטאַסטישן אָנטאָן, מיט דער היטעלע, וואָס האָט דערמאָנט אָן פאַרגאַנגענע צייטן, האָט מערי אריינגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער הינטערשטער טיר:

— „זיי זיינען ניטאָ?" — מיינענדיג די באַלעבאטים פון הויז. איירין איז איר אנטקעגן געגאנגען מיט א קעסטל פאפירן און מיסט ארויסצוטראָגן. — קום, קום אריין מערי. „זיי" זיינען ניטאָ, — האָט איירין זיך דערפרייט מיט איר. מערי איז ווי א מאַמע געווען פאר דער יונגער איירין און א סך מאָל האָט זי איירינ׳ען געלערנט ווי אמבעסטן צו טאָן די ארבעט: — „דער עיקר, אז דו פארקאָכסט דעם סטאַרטש צום וועש" . . .

און אז זיי זיינען שוין ביידע געזעסן אין קיך און פארבראכט האָבן זיי כסדר געקוקט אויפן טיר, וואָס פירט צו די צימערן. און כדי צו זיין זיכער, אז קיינער איז דאָרט ניטאָ, איז נאָך מערי צו־געגאנגען אויף די שפיץ פינגער, אָן עפן געטאָן די טיר, אריינגע־קוקט אין די צימערן, ווי אין א פרעמדער וועלט: — ס׳איז דאָ זייער שיין, — האָט מערי געזאָגט מיט גרויס אָפשיי און באלד צוריק פארמאכט די טיר. דאָ צווישן די פיר ווענט פון קיך האָבן זיי ביידע געפילט זיך היימיש, פרייער. נאָר די גוטע מינוט איז ערשט געקומען, ווען איירין האָט גענומען מאכן קאווע. — די הויט פון איירינ׳ס פנים איז אויך געווען ווי פון קאַווע־קאָליר און די לאַ־דאָנעס פון אירע הענט רויט, צעפּאַרעט. אירע באַוועגונגען געלאַ־סענע, ווינקלדיגע.

מערי האָט מיטן לעפעלע געמישט איר געטראנק און זי האָט א פרעג געטאָן:

— דיינע וועט זיך ניט בייזערן אויף דעם קעיק מיט די קאווע, וואָס דו דערלאַנגסט צום טיש?

— דו האָסט געדארפט זען וואָס עס בלייבט דאָ איבער פון טיש, — האָט איירין זיך באַרימט, — גוטע טשיקן און וואָס ניט. איך וואַרף דאָס אַלץ ארויס.

מערי׳ן ווילט זיך אויך איצט מיט עפּעס בארימען און זי דער־ציילט איירינ׳ען פון אירע לײַדיס, וואָס האַלטן זיך מיט איר אזוי היימיש, אז זיי עסן מיט איר צוזאמען ביי איין טיש:

— אָט, ווי איך זיץ דאָ מיט דיר. אָנעסט.

— טאַקע? — וואונדערט זיך איירין, — און מיינע איז אזוי פּאַררייסן. קוקט ניט יענעם אין פנים אריין, אז זי זאָגט עפּעס.

— שי איז גוד פאָר נאָטהינג, — זאָגט מערי אָנגיסנדיג פאַר זיך נאָך א גלאָז קאַווע. און איירין האָט ארויסגעגראבלט א ראָזשינ־קע פון קעיק און זי האָט זיך אָפּגערופן:

— מיינע, אז זי שטייט אויף אין דער פרי איז איר פּנים אזוי פארגעלט, ווי אָט די לעפּעלע, אז מען שייערט איר ניט לאנג, — און מערי באטראכט איירינ׳ס שיינע און שלאנקע פיגור און זי זאָגט:

— בעליוו מי, איירין, ווען דו טוסט זיך אָן אין שיינע דרעסעס, וואָלסטו אויסגעקוקט נאָך שענער פון איר.

— אָ, מערי, דו האָסט אזעלכע פאָני איידיעס, — שיסט איירין ארויס א געלעכטער. און אזוי פארברענגען זיי א לאנגע צייט און מערי שיט מיט גלייכוועטלאך ווענן די ליידיס און איירין פארקייכט זיך אַזש פון לאכן. די קליינע ליכטיגע קיך איז איצט פול מיט זייער פריילאכקייט און גערײַדערײַ.

און מערי, זייער א באלעבטע, האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. זי באַקוקט דאָ אַלץ אין קיך און זי פרעגט:

— די „וואוד־וואָירק״ האָסטו אליין געוואשן? — איירין שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יע.

— און די ווען אויך דו אליין?

— שור! — ענטפערט אָפּ איירין.

— און די ווינדאָס אויך אליין? דו ווייסט, דו האָסט באדארפט ביי איר בעטן אַ „רעיז״.

איירין, שטייענדיגביים סינק מיט א גלאָז אין האנט האָט געגעבן א שטעל אוועק די גלאָז און א קער געטאָן זיך צו מערי׳ן און ביידע אביסל איבערגעשראָקענע האָבן געכאפּט א קוק צום טיר, וואָס פירט צו די צימערן, ווי פון דאָרט וואָלט געשטראָמט אַ ווילן אזא, וואָס קען איבערקערן אַלע זייערע פּלענער:

— בעליוו מי, יו אַר סמאַרט, מערי, — האָט איירין ארויס־גערעדט זייער שטיל.

— לוק היר! — האָט מערי איירינ׳ען אָנגענומען פארן ארבל — פאר אזא ארבעט וואָס דו טוסט דאָ אין הויז, האָסטו געדארפט צום ווינציגסטן קריגן מיט 5 דאָלער מערער אויפן מאָנאט.

— דו ווייסט ניט, מערי, און די לאַנגע שעה׳ן, — איז שוין איירין בייז געוואָרן, — דער דאָקטאָר קומט קיינמאָל ניט אין צייט. זיץ און ווארט אויף אים. „זי״ וועט דאָך ניט רירן זיך פון אָרט.

— אָלרייט, — פּרואווט איר מערי בארואיגן, — מאָרגן וועסטו מיט איר ריידן. — אליין שטייט זי א ווײַלע שטיל און זי פּרואווט צוקלערן א פּלאַן ווי אזוי איירין זאָל ריידן מיט איר באלעבאָסטע:

— סופּאָזינג דו וועסט איר זאָגן דו ווילסט ביי איר עפּעס פרעגן. וועט זי דאָך ענטפערן: „וועגן וואָס, איירין, ווילסטו ביי מיר פרעגן?״. — וועסטו איר זאָגן — „וועגן אַ רייז״. — וועט זי דאָך באַלד ווערן אין כעס. ווי דענקסטו, איירין? זי וועט ווערן אין כעס?״

— אַי דאָנט קער, — טוט איירין א זעץ מיטן קולאק איבערן טיש. זי איז שוין איצט אליין גוט צעקאָכט, איירין. זי האָט געקענט זיין א גוטע, און לאכן פון יעדער מינדסטער זאך. נאָר אז זי איז אריין אין כעס, האָט איר שוין קיינער ניט געקענט אָפּהאלטן. און זי האָט גענומען ווארפן און שליידערן יעדע זאך, וואָס איר איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט, ווי עפּעס א ווילדער כח וואָלט זיך אין איר צעשפּילט.

מערי האָט מיט איר פּראָסטן שכל איצט פארשטאנען, אז מיט בייזקייט וועט מען דאָ גאָרניט קענען אויפטאָן, האָט זי אָנגעכאפּט איירינ׳ען פאר די הענט און גענומען מיט איר אייג׳טענה׳ען און איינריידן און איירין האָט זיך ניט געלאָזן ריידן. אזוי צעהיצט זיינען זיי ביידע געוואָרן, אז זיי האָבן ניט געהערט ווי אין שמאָלן דורכגאַנג פון הויף האָט זיך אריינגעגליטשט אן אויטאָמאָביל. דאָס האָבן די באלעבאטים זיך אומגעקערט שוין פון ערגעץ צוריק אהיים. אז איירין האָט פון הינטער דער צוגעמאכטער טיר דערהערט די באקאנטע, דראָבנע טריטעלאַך פון איר מאַדאַם, איז זי געבליבן שטיין ווי איינגעקאָוועט אין שרעק. אזא דערנידעריגטע, קנעכטישע שרעק, שוין אן איינגעוואוינטע נאָך פון אירע אור־אור־עלטערן אפשר. ניט ווילנדיג האָט זי זיך איינגעקאָרטשעט. זי איז ווי קלענער געוואָרן און גענומען דרייען זיך ארום קיך, ווי זוכנדיג

עפּעס אָן אַרבעט צו טאָן. מערי האָט דאַמאָלסט געקוקט אויפן דיל, ניט צו באַגעגענען זיך מיט איירינ׳ס בליק.

נאָר אויף איין איינציגער מינוט האָט די טיר זיך אָן עפן גע־טאָן און די ליידי, בלישטשענדיג און באַשמינקט, האָט זיך אַ ווייז געטאָן. זי האָט מאַנערליך אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— אַ האַט וואָדער בעג, איירין, גרייט צו, — און דערבליקנ־דיג מערי׳ן, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— העלאָו מערי! — נאָר אויף קיין ענטפער האָט זי ניט גע־וואַרט און באַלד פאַרשוואונדן צוריק אין די צימערן.

איירין האָט געגלאָצט מיט די אויגן פון טיר צו מערי׳ן און צוריק צום טיר. און ביי מערי׳ן האָבן זיך געררויטלט די באַקן. זי האָט פאַרשפּיליעט איר אַלטן, סאַמעטענעם מאַנטל און געקליבן זיך שוין צו גיין אַהיים. און שוין שטייענדיג ביים טיר, האָט זי זיך אָפּערופן צו איירינ׳ען:

— אַזוי ווי איך האָב דיר געזאָגט, איירין. מאָרגן זאָלסטו מיר איר ריידן, — נאָר מערי׳ס אייגענער קול איז שוין געווען אַן אָפּגעשוואַכטער און אָן גלויבן. אַז זי איז אַרויס אין גאַס, איז זי שוין אינגאַנצן געווען מיד. מיט גיכע טריט האָט זי זיך געלאָזן גיין אַהיים, זיך וויגנדיג אויף די קרומע קנאָפּל פון אירע שיך. די שטילע נאַכט האָט אויפגעכאַפּט דעם קלאַנג פון אירע טריט און צעטראָגן עס ווייט איבער דעם שטילן, שלאָפנדיגן געגנט.

• • •

# אין אַ באָרדינג־הויז

מען האָט עס גערופן האָטעל, און אין אַ שפּאַס גרענד־האָטעל. געווען איז עס נאָר אַן אַלט, צוויי־שטאָקיק הויז, וואו מיסעס איצ־קאָוו, א פרוי א געניטע אין ביזנעס, האָט געפירט איר באָרדינג־הויז.

אַלט און אָפּגעלאָזן איז דאָס הויז געווען, מיט אָפּגעשיילטע, אומעטיג־גרויע ווענט. אינעווייניג האָבן טונקעלע קאָרידאָרן און שמאָלע, איינגעטראָטענע טרעפּ געפירט צו די סך צימערלאַך פאַר־נאַנדערגעטיילטע פאַר די באָרדערס. און אומעטום אין די ווינקלען האָבן פאַרוועבטע שפּינוועבסן זיך געצויגן מיט עפּעס אַ גרויער האָפענונגסלאָזיגקייט.

גאַנץ פרי זיינען שוין די באָרדערס פון הויז געווען אויף די פיס. מען האָט אָפּגעכאַפּט דעם עסן, וואָס מיסעס איצקאָוו האָט פאַר זיי צוגעגרייט, און זיך אַוועקגעיאָגט צו דעם טאָג ארבעט. ווער אין אַ שאַפּ און ווער האַנדלען אין ביזנעס. שטיל איז דאמאָלסט געוואָרן אין הויז. אויסער וואָס אַמאָל האָט אומגעריכט פון ערגעץ אַ ווינקל געעפנט זיך אַ טיר. א מענטש האָט זיך דאָרט אומגע־דרייט אין זיין צימערל, און קיינער האָט ניט געוואוסט צי ער איז ערשט אריין אָדער ער קלייבט זיך אין גאַס.

די דינסטמיידל מערי, א מין שווייגנדיגע, דערשראָלגענע גע־שטאַלט, מיט פלאַקסענע האָר פארקאַמט הויך איבערן קאָפּ, איז ארומגעגאנגען פון איין צימערל אין אנדערן, מיט א בינטל שליסלען, מיט „פליט" און שפריצער אין די הענט. זי האָט געראַמט, צורעכט געמאַכט די בעטן. פון שטענדיגער, אומאויפהערלאכער ארבעט האָט זי באַקומען אומזיניגע אויגן און גערעדט צו זיך אַליין. אזוי קלאַפּנ־דיג מיט דער לאַנגער באַרשט האָט זי גיך, גיך גערעדט, אויסגע־טענה'ט זיך מיט עמיצן אויף איר אומפאַרשטענדלאַכן, טשעכאָ־סלאָ־וואקישן לשון. ביז די באַלעבאָסטע האָט פון אונטערשטן שטאָק איר גערופן:

— מערי, מערי! מען דארף שוין נעמען זיך צום סאַפּער.

אליין איז מיסעס איצקאָוו געווען מיט אַן אויסזען פון ניט באַשטימטן עלטער, אַ קורצע, און מיט קורצע, קלאָציגע פיס. דאָס פנים געלבלאַך־שטויביג און די האָר אויך פון געלבלאַכן קאָליר, און זיי האָבן זיך געקרייזלט איבער דעם קורצן, געפּאָלדעוועטן האַלז. און אויגן האָט מיסעס איצקאָוו געהאט קליינינקע, גלעזערנע, און מען האָט קיינמאָל ניט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג זיי באַוועגן זיך. אזוי אויך איז געווען איר שמייכל, אַ פאַרגליווערטער, אַ שטענדיגער, ווי דער געדרוקטער אויפשריפט „טהענק־יו" אויף א היל־צערנעם שילדל. און מיט דעם־אַ שמייכל האָט מיסעס איצקאָוו באַגעגנט אירע באָרדערס און אלע, וואָס זי האָט באַטראַכט פאר צוקונפטיגע באָרדערס.

---

ס'איז אין אָוונט. אלע איינוואוינער פון באָרדינג־הויז קומען זיך צונויף צום סאַפּער אונטן אין דעם קליינעם דיינינג־רום. דער טיש איז שוין לאַנג צוגעגרייט מיט דער וואַזעלע פאַפּירענע בלומען אינמיטן, וואָס זייערע בלעטלאך זיינען צעפּרעסן פון שטויב, און מיט דער „ענטרי" פאַר יעדערן באַזונדער. מען צעזעצט זיך רויִשיג ארום טיש, בחורים און מיידלאַך. מען איז מיד פון דעם טאָג ארבעט און פון דער שטיקעניש פון סאָבוועי. נאָר מיסעס איצקאָוו וויל, אז אירע מענטשן זאָלן פריילאַך זיין. א צעהיצטע, און מיט אַ גלאַנציגער נאָז, פאָרעט זי זיך דאָ אין דיינינג־רום, דאָ אין קיך. אינאיינעם מיט דעם עסן טראָגט זי צו יעדן מאָל עפּעס א טשיקאַווע, פריילאַכע נייעס.

— עך האָט שוין געהערט וואָס ס'האָט פּאַסירט נעכטן ביי־נאַכט?

וועגן דער אינגסטער באָרדערקע פלאָרענס דערציילט זי, וואָס איז געקומען אַהיים שוין צו שפּעט ביינאַכט. און וועגן דער דינסט־מיידל מערי וואָס רעדט צו זיך אליין. נאָר פון וואָס זי האָט נעכטן גערעדט קען זי דאָ ניט דערציילן.

מיסעס איצקאָוו לאַכט אליין מיט איר פאַרזשאַווערט קול. און עס לאַכן די באָרדערס שוין אויפגעמונטערטע. זיי כאַפּן זיך אָן,

ווי קינדער, אָן יעדער נייעס און מאַכן זיך פרייליאַך אַלץ איינס צו־ליב וואָס. די ראַדיאָ שפּילט הויך. דאָ שליסט מען פרייַנטשאַפט, צייטווייליגע, אויבנאויפיגע. און דער עולם פילט זיך דאָ היימיש, מיט דער היימישקייט פון עלנטע, שווער אַרבעטנדיגע מענטשן.

דער אָפּערייטאָר הערי סטיין, אַ בחור אַ דאַרער, מיט לאַנגע הענט ווי צווייגן, פאַרגעסט די ערגערניש פון טאָג אין זיין שאָפּ. און ער וויל זיך דאָ איינקויפן ביי די מיידלאַך מיט זיינע וויצן. ער קען איבערמאַכן יענעמס וואָרט, אַז ס'זאָל אַרויסקומען אַ וויץ. די מיידלאַך לאַכן. נאָר אים שטייגט איבער זוסמאַן, דער אינשורענס־אַגענט, אַ יונגערמאַן מיט אַ ליידיגן שפּיץ קאָפּ, וואָס איז ווי אַ שפּיגעלע איינגעראַמט אין גלייכע, גרויליאַכע האָר. ער איז אַ מאַי־דים אויף דערציילן קאָמישע משעה'לאַך, אַז מ'קען פּלאַצן פון געלעכטער.

אָבער קיינער איז דאָ ניט אַזוי באַליבט, ווי דער סעילסמאַן לואי, דער שיינער יונג לואי מיט די עזות'דיגע אויגן און דעם גלאַטן, פולן פּנים. ניט קיין צו הויכער איז לואי, מיט פעסטע פּלייצעס, און גיין גייט ער אָנגעטאָן גוט. מיט דעם געפּרעסטן קנייטש אין די הויזן און דעם פינקטלאַכן שרונט אין די פאַרגלאַנצטע האָר. און מיט די לענגלאַך פאַרשאָרענע פאות, ווי עס טראָגן די אַרטיסטן.

עס קלעפּן צו לואי'ן די מיידלאַך, פאַר זיין וואונדערלאַכן אויס־זען. איינע בויגט זיך קאָקעטיש און ווייזט אים איר נייע דרעס און אַן אַנדערע וויל עפּעס דערציילן, אַז נאָר לואי זאָל הערן. און די קליינע פלאָרענס הענגט זיך אים אָן אויפן האַלז מיט איר קליין הענטל.

— לואי לואי! — הערט לואי פון אַלע זייטן אים רופן. און ער זיצט ביים טיש און טיילט אויס צו אַלעמען גלייך זיינע שמייכלען, ברייט און גוטהאַרציג. ער האָט די מיידלאַך אַלעמען גלייך ליב. און די עזות'דיגע אויגן קוקן דאַמאָלסט ווייך און פאַרנעפּלט.

אַלע מיידלאַך זיינען פאַרליבט אין לואי'ן. אַלע, נאָר ניט איינע.

רוטי איז איר נאָמען. אַ יונג מיידל פון אַ דעפּאַרטמענט סטאָר ערגעץ „דאַון־טאַון". אַז רוטי זעצט זיך צום טיש עסן, זיינען אירע באַוועגונגען איינגעהאַלטענע, און אין גאַנצן ווייעט פון איר מיט

יוגנטלאכער ערנסטקייט. איר פּנים איז אַ מאַט־ווייסער און די האָר קאַשטאַן־ברוין, און זיי ליִיגן זיך אין געדיכטע קרייזן אַנטקעגן אַ ווייס־געטאָקטן האַלז. אויף לואי׳ס צודרינגלאַכע בליקן ענטפערט רוטי מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און שטאַרק צונויפגעצויגענע ברעמען. לואי׳ן פאַרדריסט עס ביז גאָר:

— וואָס איז מיט דער־אָ דער יחוס?

ער איז ניט געוואוינט אַ מיידל זאָל זיך האַלטן מיט אים פון דערווייטנס. ער באַטראַכט איר מיט זיין מביג׳יש אויג און פאַרלירט אויף אַ ווײַלע זיין קוראַזש. כדי צו פאַרבאַהאַלטן זיין פאַרדראָס רייצט ער זיך מיט רוטי׳ן. אַז רוטי גייט פאַרביי זיין שטול פאַר־שטעלט ער איר דעם וועג מיט זיינע קני.

סערע, אַ מיידל מיט אַ פאַרעלטערט פּנים און מאַנסבילשן קול זיצט דערביי און זעט דאָס.

— דאָנ׳ט בי פרעש! — רעדט זי צו לואי׳ן מיט רוגזה.

עס טראָגן זיך קלאַנגען, אַז לואי האָט ערגעץ אַ ווייב און אַ קינד אויך, און אַז ער שיקט זיי פון צייט־צו־צייט געלט. צוליב אָט־די קלאַנגען טראָגט שטענדיק סערע אַ פאַרדראָס אויף לואי׳ן און אַז זי רעדט צו אים איז ניט אַנדערש ווי מיט רוגזה.

ביי לואי׳ן שמייכלען די אויגן שעלמיש:

— סערע, ווען שפּילן מיר אין אַ ראָמי?

— יו בעד באָי — ענטפערט סערע שוין מיט אַ ווייכן קול — אָלראַיט, לעט׳ס פּלעי נאַו.

אַלע לאַכן. מען פאַרזיצט זיך ביים טיש ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין דער אָנגעהיצטער לופט פאַלן ווערטלאַך פון אַ צווייען־דיגן מיין, און די אויגן פירן געשפּרעכן פאַר זיך באַזונדער. און רוטי הויבט זיך אויף אוועקצוגיין צו איר אין צימער. און אַז זי גייט, פילט זי ווי עס קוקן איר נאָך אַ פּאָר אויגן, לואי׳ס אויגן.

---

די צימערן אין באָרדינג־הויז פאַרבאַהאַלטן אין זיך אַ מין קאַלטע אומפּערזענלאַכע לופט. די אומפּאַרמיידלאַכע וואַזעלע מיט פּאַפּירענע בלומען אויפן טישל, די שמאָלע בעטל און דער פאַרוואָלקנ־

טער שפּיגל אויפן דרעסער — אַלץ איז דאָ צונויפגעשטעלט ווי נאָר אויף דערוויילע, פאר מענטשן, וואָס קומען און גייען אוועק...

רוטי האָט ניט געוואָלט צו איר צימער צוגעבן עפּעס פון איר אייגענעם געשמאַק. זי איז געקומען אהער אין האָטעל נאָר אויף דערוויילע, צייטווייליג, ביז עס וועט זיך מאַכן עפּעס בעסערס. אַ סך מאָל האָט שוין רוטי אָפּגעמאַכט ביי זיך ארויסצוקלייבן פון דאַנען. און איינמאָל שוין אפילו געפּאַקט אירע זאכן. נאָר דאַ־מאָלסט איז עפּעס אַ ביטערער געפיל אין איר אויפגעקומען, אַ קלוג־שאַפט אַזאַ, וואָס האָט איר עלטער געמאכט ווי אירע פיר־און־צוואנציג יאָר. און זי האָט שוין געוואוסט מיטן חוש, אז ס׳איז ניטאָ וואו צו גיין, אז אומעטום איז אַלץ איינס...

רוטי איז פרי אוועק פון איר היים. אַלץ וואָס זי געדענקט פון איר היים איז אַ שטוב מיט בלייכע, שרייענדיגע קינדער, אַ מאַ־מען איבערגעלאָדן מיט ארבעט, און אַ טאַטן אַ פאַרטראָגענעם, אַ פאַרזאָרגטן און שטענדיג דער געפיל פון באַ׳עולה׳טקייט, פון מוזן פארבויגן אַלץ, אָפּזאָגן זיך פון דאָס נויטיגסטע.

אַ פאַרביסענע, אַ שווייגנדיגע איז רוטי אויסגעוואקסן, מיט טרויעריגע, ברוינע אויגן. נאָר אַ שטאַרקערע פון אַלע קינדער. אזוי ווי אַמאָל אַ בלימל אין פעלד הויבט זיך אויף אומבאוואוסט ווי אזוי, העכער און שענער פון די אַנדערע בלימלאַך.

דאָ אין באָרדינג־הויז האַלט זיך רוטי מיט חשד און אומגלויבן צו אַלע מענטשן. און אַלע קוקן אויף איר ווי אויף אַ זייטיגער, אַ פרעמדער. עס פּאַסירט אַמאָל, ביים טיש אין „דיינינג־רום״ איז באַזונדערס פריילאַך. מען לאַכט, מען וויצלט זיך. זוסמאַן, דער אינשורענס־אַגענט האָט געקראָגן צוויי „פּעסעס״ אין אַ מואווי. נאָר קיינע פון די מיידלאַך ווילן ניט גיין מיט אים. לואי דער שייבער יונג פירט אָן מיט דער „גענג״. אין דער אייגענער צייט נעמט ער ניט אַראָפּ זיינע אויגן פון רוטי׳ן. דער עולם וויצלט זיך אביסל ניט דרייסט וועגן רוטי׳ן:

— אפשר רוטי וועט גיין היינט מיט זוסמאַנ׳ען?

— געטראָפן דעם אָרט!

— פאַרוואָס טאקע ניט?

נאָר רוטי שווייגט, עסנדיג לאַנגזאַם איר סאָפּער. שווייגט פאַר־עקשנ׳ט און מיט צונויפגעצויגענע ברעמען. עס טוט איר באַנג דאמאָלסט פארוואָס זי איז דאָ און ניט צווישן אנדערע, בעסערע און אינטערעסאנטערע מענטשן. ערגעץ וואו מוזן דאָך אַזעלכע מענטשן זיין.

אין די אָוונטן, אז רוטי איז אליין ביי זיך אין צימער, שטייט זי לאַנג אנטקעגן מוטנעם שפּיגל. זי זעט איר שלאַנקע פיגור, די טיפע, ברוינע אויגן, און איר דוכט זיך, אז עפּעס אומגעוויינלאכס, אינטערעסאנטס, וועט נאָך מיט איר פּאַסירן. פון די מיידלאַך אין סטאָר הערט רוטי, אז זי איז „סמאַרט״, אינטעליגענט. רוטי האַלט ניט שטארק פון די מיידלאַך. זיי ריידן שטענדיג אָפן פון זייערע ליבעס, מאַכן זיך ביליג... רוטי׳ן דוכט זיך ווי זיי מאכן נאָר דעם אָנשטעל, אז זיי איז פריילאַך און גוט. אין אמת׳ן פירן זיי א נאַ־רישען, פּוסטן לעבן.

אז זי וועט ליב האָבן עמיצן, וועט עס קיינער ניט וויסן. רוטי ציט צונויף די טונקעלע ברעמען: ווי אזוי וועט זיך איר אייגענער לעבן אויפלייגן? זי פאַרטראַכט זיך, און אירע געדאנקען זיינען אזוי ניט קלאָר ווי דער שפּיגל אויפן צעפּאָרענעם דרעסער. און עס איז איר זייער שווער, רוטי׳ן.

אין צימער לייכט אומעטיג דאָס מאָגערע, עלעקטרישע ליכט. פון דער פייכטער לופט האָבן אויף די ווענט נאַסע פלעקן ארויסגע־שפּארט, וואָס זיינען ווי לישאַיעס אויף א קראַנקן לייב. דער אויס־זען פון אָט די ווענט איז ווי א באליידיגונג צו רוטי׳ן געווען, נאָר זי האָט זיך אויסגעלערנט אויף דעם ניט צו קוקן.

---

די איינוואוינער פון באָרדינג־הויז האָבן ניט ליב געהאַט עמי־צער זאָל זיך מיט זיי האַלטן פון דערווייטנס, האָט מען שטילערהייט, און מיט פאַרדראָס געשושקעט זיך וועגן רוטי׳ן. און מיס בראַון, א פרוי מיט אָפּגעקראָכענע, בלאָנדע האָר, וואָס האָט אויסגעזען ווי א פרעמדער שייטל, און מיט גיכע, דורכדרינגענדיגע אויגן, האָט איינמאָל זיך אָפּגערופן צו דער באַלעבאָסטע, מיסעס איצקאָוו, וועגן רוטי׳ן:

— אַ מין בלאָזן פון זיך. ס׳איז ביי איר א רענדל א וואָרט.

און מיסעס איצקאָוו, וואָס האָט אלעמען געגעבן גערעכט, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— עץ רעדט גאַנץ ריכטיג, מיס בראון.

— צי איך רייד ריכטיג! אוי, טייערינקע, וואָס איך האָב שוין פאַרגעסן! — האָט מיס בראון אונטערגעכאַפּט מיט אַן אָנדייט, אז זי איז ניט אַבי ווער.

מיס בראון איז געווען שוין פון די לאַנג־יאָריגע איינוואוינער אין האָטעל. די הויט פון איר פּנים איז געווען פון זייער א דינעם סאָרט און צעצויגן, ווי פון צופּיל וואַשן עס. און אונטער די אויגן עפּעס אַן אונטערגעשמירטע טונקלקייט. זי אויך האָט געהאט האָפּענונגען אוועקצוגיין פון דאַנען, „זיך ארויסרייסן", און געטראכט האָט זי פון זיך ווי פון א באהאלטענעם אַנטיק, וואָס ס׳דאַרף קומען דער מבין, איר אָפּשאצן און אוועקנעמען פון דאַנען.

די ביזנעס פון פארקויפן זאַכן צו קאָסטאָמער איז ביי מיס בראון די לעצטע צייט אוועק ניט אזוי פויגלדיג. האָט זי בייטאָג ליב געהאט זיצן אין „דיינינג־רום" מיט דער מיסעס איצקאָוו ביי אַ גלעזל טיי און שמועסן. זי האָט געמישט מיטן לעפעלע דעם טיי און גערעדט. אלע סודות פון די באָרדערס זיינען פאר מיס בראון ניט געווען פארהוילן. איר קול האָט אָפּגעקלונגען, ווי איינער רעדט אין אַן אומרואיגן שלאָף. אלע פארדראָסן, אומזיסטע האָפענונגען און בענקענישן האָט זיך געפילט אין איר קול און עס האָט זיך צע־טראָגן ווייט איבער די אומהיימלאכע קאָרידאָרן פון הויז.

מיסעס איצקאָוו איז געזעסן אַנטקעגן איר, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אירע דינע ליפּן האָט זי געהאַלטן צוגעשלאָסן און די גלעזערנע אויגן האָבן אין ערגעץ ניט געקוקט.

---

עס איז רוטי׳ן איינמאָל שטאַרק דערעסן געוואָרן דאָס לעבן דאָ אין באָרדינג־הויז און זי האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך ארויסצוציען זיך פון דאַנען, איינמאָל פאר אלע מאָל. לואי׳ס צודריגלאכע בליקן

זיינען געוואָרן אָפּטער. „דהאַט פּרעש גאַי״, האָט רוטי אין געדאַנק אים אָנגערופן.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט זי לואי׳ן באַגעגנט אין טונקעלן קאָרידאָר. ער איז געגאַנגען זיך וואַשן מיט אַ האַנטוך פאַרוואָרפן אויפן אקסל און די שלייקעס הענגענדיג איבער די הויזן. ער האָט איר, ווי זיין „טריק״ איז געווען, פאַרשטעלט דעם וועג, שמייכלענדיג מיט די עזות׳דיגע אויגן: „ווהאַט׳ס די האָרי, רוטי?״

זי איז אים פאַרבייגעלאָפן, ניט אומגעקוקט זיך אויף אים, און ביי זיך אין צימער האָט זי נאָך לאַנג זיך גערעגט, און אירע דינע נאָזלעכער האָבן ציטערדיג זיך באַוועגט. זי האָט געפילט ביי זיך דאמאָלסט זייער געפאַלן:

„די נוירוו, און אין אזא פּאָזע, מיט די שלייקעס, איר אזוי צו באַגעגענען!״

אין דעם זעלבן טאָג האָט רוטי געמאָלדן דער באַלעבאָסטע, מיסעס איצקאָוו, וועגן איר באַשלוס זיך ארויסצוציען.

עס איז דאמאָלסט געווען אין אָנהויב פרילינג. אין באָרדינג־הויז איז אין יענעם טאָג געווען די „ספרינג־קלינינג״. די דינסט־מיידל מערי האָט פון באַגינען אָן זיך שוין ארומגעדרייט איבער די קאָרידאָרן, רודערנדיג מיט דער לאַנגער באַרשט. אין לואי׳ס צימערל האָט זיך מערי אָפּגעשטעלט לענגער ווי אומעטום. אויף אַ קליין טישל איז געשטאַנען לואי׳ס פאָטאָגראַפיע מיט די שמייכלענדיגע חוצפה׳דיגע אויגן. מערי האָט דעם בילד צוגעטראָגן נאָענט צום פנים, זיך איינגעגעסן אין דעם מיט איר בליק. דערנאָך עס פאָרזיכטיג אוועקגעשטעלט צוריק און זיך גענומען מיט אַלע כחות קלאַפּן און ראַמען.

אין שטוב האָט געשמעקט מיט דעם ריח פון „פליט״ און מיט אויפגערודערטן שטויב. אין קיך האָט זיך פלייסיג געגרייט דער סאַפּער. מיסעס איצקאָוו האָט צו רוטי׳ס אוועקפאָרן געפלאַנט א יום־טוב׳דיגן סאַפּער. עס קאָן זיין, אז זי האָט געהאַט דערביי אַ באַזונדערן מיין. זי האָט געבראַכט פון מאַרק א הורבע פאַר׳חלש׳טע גרינסן און גרויסע פיש מיט אָפענע, פאַרבלוטיגטע מיילער. מערי, די דינסטמיידל, האָט באַלד די פיש גענומען צעהאַקן מיט אזא אימ־

פעט, אז אירע פולע בריסט האָבן זיך צעטרייסלט און די געפעס אויפן טיש איז אונטערגעשפּרונגען.

---

אין יענעם אָוונט איז מען אין האָטעל אַלע זייער אויפגעלעבט געווען. די מיידלאַך האָבן געשיינט אין זייערע נייע פרילינג־קליי־דער, יעדע מיט א שלייף פארבונדן ביים האַלז, ווי עס האָט דאַ־מאָלסט געפאָדערט די מאָדע. מיסעס איצקאָוו האָט צוטראָגנדיג דעם עסן צום טיש פייערלאַך געמאָלדן:

— עץ האָט היינט אַ פּאַרטי, צוליב רוטי׳ס וועגן איז די פּאַר־טי.

דער עולם האָט עס ,ווי יעדע נייעס, אויפגענומען שטארק צו־פרידן. „א פּארטי? זאָל זיין א פּארטי.״

לואי, וואָס איז געזעסן לעבן דער קליינער פלאָרענס און פריי־לאַך מיט איר געפּלאַפּלט האָט זיך געגעבן א צאַפּל און אָנגעשטעלט אויף רוטי׳ן א פּאָר פרעגנדיגע אויגן.

נאָר רוטי איז געזעסן שטיל איבער איר סאַפּער. אויף איר פּנים איז היינט געווען א שאָטן פון אומעט. אפשר איז איר געווען אַ שאָד אוועקצוגיין פון דעם דאָזיגן הויז. דאָס האַרץ איז איר געווען באַשווערט מיט עפּעס א געמיש פון אַלערליי געפילן. זי האָט געפילט אויף זיך די גאַנצע צייט לואי׳ס ווארעמען בליק. איבער די קעפּ פון אַלע אָנוועזנדע האָט זי אָט דעם בליק באַגעגנט, ווען נאָר זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן. און עס איז איר פון אָט דעם בליק אי גוט געווען, אי פאַרדראָסיג.

דער עולם האָט זיך שוין באלד אָנגעהויבן ווערטלען איבער לואי׳ן און רוטי׳ן:

— עמיצער איז היינט זייער ראָמאַנטיש.

— סאָמבאַדי איז אין לאָוו וויטה סאָמבאַדי.

— איט׳ס ספּרינג, יו נאָו.

דער עולם איז געווען אין געהויבענעם מוט און איבערן גאנצן צימער האָט זיך געטראָגן א זשומעריי פון באלעבטע געשפרעכן. ביי א ווינקל טיש איז געזעסן מיס בראון און דערציילט צו איר שכנה עפּעס א פארכאפּנדיגע געשיכטע מיט איר טעמפּן קול:

— מיסטער, זאָג איך צו אים, איך ווייס דאָך וואָס איר זענט אויסן...

רוטי האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש. באַלד האָט זיך אויך לואי אויפגעהויבן, אַראָפּנעמענדיג פון זיך פלאָרענס'עס דין הענטל, וואָס איז געלעגן ארום זיין האלז. אין איין מינוט איז ער אויסגעוואַקסן לעבן רוטי'ן:

— איר מופט טאַקע אוועק פון דאַנען? — האָט ער איר שטיל געפרעגט.

— יעס, איך מוף אוועק — האָט רוטי האַרט אָפּגעענטפערט.

לואי האָט אַ ווײַלע געזוכט ווערטער. פּלוצלונג האָט ער ארויס־גערעדט:

— איך וועל אייך העלפן איינפּאַקן די זאַכן.

— ניין, צו וואָס? איך קען אַליין.

— איך וועל ארויפקומען צו אייך היינט.

— ניין! נאָו!

---

רוטי איז אַן אויפגערודערטע ארויף צו זיך אין צימער. אַלץ איז שוין בײַ איר געווען אָפּגעמאַכט. ביז זי וועט קריגן אַ ריכטיגע דירה וועט זי דערווייל וואוינען מיט אירער אַ באַקאַנטער מיידל פון סטאָר. זי האָט לאַנגזאַם גענומען צונויפלייגן די זאַכן. עפּעס אומ־ווילּיג און מיט אַ מין באַדויערן. „עס איז איר אַ שאָד אוועקצוגיין. אָט דאָס איז עס", האָט זי פון זיך אַליין געלאַכט און גענומען זיך שנעלער פּאַקן אירע זאַכן.

באַלד האָבן זיך דערהערט טריט אין קאָרידאָר, לעבן רוטי'ס צימער. „דהאָט פּרעש גאַי", האָט רוטי אַ קלער געטאָן. זי האָט ניט געקענט פאַרלייקענען פאַר זיך, אז איר איז אַנגענעם זיין קומען. און ס'האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן פאַר איר געפיל אין זיך. לואי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— קאָם אין! — האָט זי גערופן. לואי איז אריין אין צימער און מיט אַ ווייכער באַוועגונג צוגעמאַכט די טיר.

רוטי האָט צונויפגעלייגט אַ דרעס און זיך ניט אומגעקוקט צו אים. נאָר פאַר אירע אויגן האָט זיך געמיניעט די שוואַרצקייט פון

זיין אַנצוג און איר האָט זיך געדוכט ווי פון זיין גאַנצער פיגור ווייעט מיט מענלאַכקייט און קראַפט.

— איר מופט טאַקע? — האָט לואי געפרעגט, און אַזוי ווי זי האָט געשוויגן האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— ס׳וועט זיין דאָ אומעטיג אָן אייך. ס׳וועט שוין ניט זיין אַזוי אינטערעסאַנט ווי ס׳איז געווען אַז איר זענט —

רוטי האָט מיט אַמאָל זיך אַ קער געטאָן צו אים:

— צוליב וואָס זענט איר אַרויפגעקומען היינט אַהער?

— ביקאָז אַי לאָוו יו — האָט לואי אָפּגעענטפערט מיט אַ מאָד־נער רואיקקייט אין קול.

רוטי האָט צונויפגעצויגן די ברעמען: „אָט דאָס איז עס. זיינע ביליגע ווערן. גלייך אָנגעהויבן ריידן פון לאָוו, ווי אַלע „קאָמען פּיפּל״. זי האָט אַלע מאָל פיינט געהאָט אַזאַ טיפּ. אין פאַרדראָס האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אַז מסתמא ווענדט ער זיך מיט אַזעלכע רייד צו אַלע מיידלאַך גלייך. אַ מענטש קען ניט ליב האָבן שטאַרק ווען ער רעדט אַזוי גרינג״.

— אַי דאָנ׳ט בעליוו אין לאָוו — האָט רוטי געזאָגט, און פון איר קול האָט געווייעט מיט יוגנטלאַכער ערנסטקייט.

איצט זיינען זיי געשטאַנען איינע אַנטקעגן די אַנדערע. זי אַ שלאַנקע, אַ בויגעוודיגע, אין אַ טונקל גרינעם קלייד, וואָס האָט נאָך איידעלער געמאַכט איר אויסזען, און ער אַ דרייסטער, אַ שטאַרקער, אַ צודרינגלאַכער. זי האָט געפילט ווי ער האָט איצט אַ כח איבער איר. און געפילט מיט אַמאָל ווי אַ וואַרעמקייט צעשווימט איבער איר גאַנצן קערפּער.

— מען זאָגט איר האָט אַ ווייב — האָט רוטי געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטן קול. זי האָט פאַרטייעט געוואַרט, אַז ער זאָל זאָגן „ניין״. זי האָט ווידער מעכאַניש גענומען פּאַקן אירע זאַכן.

— ליסן היר, רוטי — האָט זי אים געהערט ריידן ווי אין אַ טשאַד — פאַרוואָס נעמען אַלץ אַזוי שווער, רוטי? דער לעבן איז שווער אַזוי אויך, פאַרוואָס אָפּזאָגן זיך פון ליבע? „ענדזשאָי והייל יו ליוו״.

רוטי׳ן האָט זיך איצט געדוכט ווי זי אָטעמט אַריין עפּעס אַ

נייעם סם אינאײנעם מיט זײנע הוילע, ניט פארשטעלטע רייד. ער האָט א ווייב. טאָ וואָס־זשע וויל ער פון איר? עס האָט זיך איר געדרייט דער קאָפּ. זי מוז שוין זיין זייער געפאַלן אז מען זאָל צו איר אזוי ריידן. זי האָט זיך אזש צונויפגעצויגן פון ווייטאָג. ס׳איז געוועזן דער ערשטער ווײ פון איר הארצן.

זי האָט נאָך ניט אָפּגעמאכט ביי זיך וואָס זי זאָל אים זאָגן. זי איז צוגעגאנגען צום אָפענעם פענסטער. דאָרט אין דער נאכט האָט אומבאַמערקט געוועבט זיך דער פרילינג. פון ערגעץ א וויטן פּאַרק האָט זיך דערטראָגן אַהער דער ריח פון אָפּגעשניטענעם גראָז, און זיך אויסגעמישט מיט דעם פריקרען ריח פון די מיסטקאַסטנס אונטערן פענסטער. אין גאַס האָבן די פאַרבייגייער הילכיג און האָפערדיגער צווישן זיך געשמועסט.

לואי איז צוגעגאנגען צו רוטי׳ן, איר ארומגענומען ביים טאַליע. רוטי האָט דערפילט זיין פעסטן אָרעם, ווי ארומגענומען מיט א הייסן, אייזערנעם רינג. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און מיט איינ־געהאלטענעם אָטעם זיך אָפּגעגעבן צו אָט דעם נייעם געפיל. זי האָט זיך איצט אַנטקעגן אים ניט געווערט. אין דער־אָ מינוט האָט איר פאר קיין זאַך ניט געאַרט.

* * *

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. אין גאַנצן הויז איז געווען שטיל. אונטן האָט די דינסטמיידל מערי שוין פאַר־ענדיגט איר לעצטע ארבעט — דאָס אויפראַמען אין קיך. זי האָט זיך געגרייט צו לייגן שלאָפן און גיך, גיך עפּעס גערעדט צו זיך אַליין. אונטן אין גאַס האָבן א כאַפּטע יונגוואַרג נאָך ארומגע־שפּאצירט און פאר׳חלומ׳ט געצויגן דעם ניגון פון א באקאנטער לידל:

— אָ, שאָו מי דהי וועי טו גאָ האום!

# אַ פאַרגרעבטע פרוי

אַלע אויפדערנאַכט, ווי נאָר זי לייגט די קינדער שלאָפן, וואַרפט זי אַרויף אויף זיך דעם מאַנטל, און יאָגט זיך אַרויס פון שטוב. זי לויפט דורך פאַרשלאָפענע, ביינאַכטיגע גאַסן פון די בראָנקס, ביז זי בלייבט שטיין ביי א האַלב־באַלויכטענעם הויז. זי ווייס, אַז דאָרט, אויפן דריטן שטאָק, ביי די מילמאַנ׳ס, גייט איצט אָן אַ פריילאַכע קאָרטן־שפּיל, און איר מאַן איז מיט זיי. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין קאָרטן זינט אין שאַפּ איז געוואָרן ווייניג אַרבעט.

„אים אָרט דען די היים! אַ פרייער פויגל!״ — אַזוי רעדט זי שטיל אין זיך. דער פאַרדרוס קלייבט זיך אין איר שוין לאַנג, אַ טראָפּן צו אַ טראָפּן. — „אַן אויסרייסעניש זאָל אויף אים קומען!״ — קאָכט זי זיך און שילט. אַלע מאָל ווען ס׳איז איר זייער שלעכט שילט זי, ווייל זי איז אַ פאַרגרעבטע פרוי.

זי פאַררייסט דעם קאָפּ צו די באַלויכטענע פענסטער פון די מילמאַנ׳ס, און אירע אויגן לייכטן ביז אין דער נאַכט. עס טראָגן זיך פריילאַכע שטימען און געלעכטערס פון דאָרט. זי ווייס אַקוראַט וואו עס האַלט איצט. מען האָט צעשניטן אַ הערינג, מען זעצט זיך אַרום טיש און מען בייסט צו.

„אַ כאָליערע אויף זיי אַלעמען! פאַרוואָס קומט זיי אַזאַ גוט לעבן?״ — זי איז אין כעס אויף די מילמאַנ׳ס, זיינע פריינט, די לאַנדסלייט, — „זיי זיינען ניט בעסער פון אים. קראַנק זיינען זיי אים זאָגן ער זאָל גיין אַהיים, צום אייגן ווייב, צו די קינדער!״

דער פאַרדרוס הייבט זיך איבער איר ווי אַ כוואַליע, וואָס דראָעט זי צו פאַרטרינקען. זי וועט אַמאָל עפּעס אָפּטאָן צו דעם דאָזיגן הויז, צו די מענטשן דאָרט. אַזוי קלערט זי איצט זייער אָפּט. נאָר זי טוט גאָרניט און גייט אַוועק צוריק אַהיים מיט גאָרניט, אַזוי ווי אַ געשלאָגענע פון עמיצן.

זי גייט מיט האסטיגע טריט. זי איז א הויכע און א פלינקע, מיט א פאר גוטע, שטארקע הענט, וואס קענען ראמען און פאר־ריכטן קינדערשע זאכן און צוואשן די גרעסטע ליין וועש. איר קאפ איז שטענדיק פארנומען מיט זארגן ווי אזוי בעסער צו שפייזן און קליידן איר פאמיליע. נאר די גרעסטע פון אלע זארגן איז ביי איר וועגן איר אייגענעם מאן.

איר מאן איז גראד א גוטער, אן איידעלער מענטש, מיט א שיינעם קאפ גרויע האר און יונגע, שמייכלענדיקע אויגן. אז ער קומט אהיים באפאלן אים די קינדער פון אלע זייטן. פיר קינדער, ווי טרעפלאך איינס אונטערן אנדערן. דער טאטע איז ביי זיי א גאנצער יום־טוב. פון גרויס פרייד קריכן זיי אויף אים רייטנדיק. און ביים טאטן איז דאמאלסט אזא גליקלאכער אויסזען, ווי קיין זאך גייט אים ניט אפ. נאר זיין ווייב שיסט שוין אויף אים מיט בייזע בליקן.

— דאס עסן איז שוין אייז־קאלט. פרעסט ניט! האב איך א זארג!

עס פארדריסט איר פארוואס די קינדער פאלגן אים און ניט איר און פארוואס ער איז שטענדיק גרייט אויף יעדער שפיל.

„איך וואלט אויך וועלן זיך פארגעסן. נו, ווער מיר עפעס העלפן?"

פון גרויס כעס שרייט זי אויף די קינדער און שילט: — ממזרים, איינגעזונקען זאלט איר ווערן מיט אים אינאיינעם!

איר מאן שילט ניט און שרייט ניט. ער רעדט שטיל און רופט זיך אפ צו איר מיט א ווייכער שטים:

— זעסט, בעסי, דו ווילסט נאך איך זאל אין די אוונטן פאר־בלייבן אין שטוב, אז קיין גוט ווארט הערט מען פון דיר ניט, נאר שילטן און שרייען.

בעסי ווערט אן אנגעצונדענע: דאס הייסט ער איז נאך גערעכט.

ער וועט שוין אזוי אויסדרייען מיט זיין גלאטן צונג, אז זי זאל נאך ארויסקומען די שלעכטע. זי ווייס, ערגעץ ליגט דא א פאלשקייט, אן אומרעכט, וואס ער, אן איידעלער, און טוט גראד שטענדיק וואס אים ווילט זיך, און זי מיט איר שרייען און שילטן

פירט ביי אים קיינמאָל ניט אויס.

און אָט האָט ער שוין אויסגעליידיגט דעם טעלער עסן. ער איילט זיך, קוקט אויפן זייגער און שטעלט זיך אנטקעגן שפיגל אויסבינדן דעם שניפּס. דער אויסזען איז ביי אים א יוגנטלאכער, א גרינג־הפקר׳דיגער. ער איז פון די מענטשן וואָס ווערן קיינמאָל ניט אַלט. בעסי שטעלט זיך אוועק אנטקעגן אים, א גרויסע, א שטארקע, מיט גליענדיגע אויגן:

— דו גייסט שוין ווידער, האָ?

— יע, וואָס איז דען?

— דו וועסט ביי מיר ניט אויספירן, וואָרט, — רעדט זי מיט א פארשטיקט קול — וועסט זיך אפילו שטעלן מיטן קאָפּ אראָפּ!

און ווען ער איז שוין ביי דער טיר, צעשרייט זי זיך ערשט, זידלט און שילט מיט די ערגסטע קללות.

און שפּעט ביינאַכט, אז די קינדער שלאָפן שוין, פארענדיגט זי פיבערדיג איר ארבעט פון טאָג. זי שטייט איבער דעם וואַש־ברעט און רייבט וועש מיט אזא כוח, ווי זי וואָלט עס וועלן צערייבן אויף שטיקלאך. באלד בלייבט זי שטיין, ווישט זיך די האָר פון די אויגן און קוקט א ווײַלע אין דער לופטן:

„ער וועט ביי מיר ניט אויספירן. ניין, ער זאָל זיך אפילו שטעלן מיטן קאָפּ אראָפּ!״ — רעדט זי אין זיך, און זי נעמט זיך באלד ווידער רייבן די וועש.

די שכנישע ווייבער ווייסן אלץ וואָס עס טוט זיך אָפּ צווישן בעסי׳ן און איר מאן. וועגט האָבן אויערן. אזא איידעלער מאן, א גוטער טאטע צו די קינדער, זאָל אריינפאלן אין די הענט פון אַ פארגרעבטער פרוי.

— זי שטאמט, ווייזט אויס, גאָר פון א געמיינעם סאָרט, — ריידן זיי.

עס פּאסירט אמאָל, איר מאן קומט פרי אהיים. ס׳איז פרייטאָג פאַרנאכט. ס׳פארשמעקט אים גלייך דער ריח פון א געשמאק־צוגעגרייטן עסן. אין שטוב איז צוגעקליבן. בעסי בענטשט ליכט, ווי א פרומע, היימישע ווייבל. נאָר אים אַרט דאָס ניט, כאָטש אליין איז ער א פרייער. די קינדער זיצן לייטיש ארום טיש און

קוקן מיט פינקלענדיגע אויגעלאך, ווי אזוי די מאמע טיילט אויס דעם עסן מיט געטרייע מאמעשע הענט.

— בעסי, דער עסן איז היינט אן אויסנאם, — זאָגט דער מאן א פרייליכער. א גוטער עסן מאכט אים אלעמאָל גוט אויפגעלייגט.

בעסי'ן צענעמען זיינע רייד. אז ער וואָלט נאָר זיין א מענטש, וואָלט דאָך אלץ געקענט זיין גוט. ס'ווילט זיך איר דערמאָנען אים זיינע עוולות, נאָר זי שטארקט זיך. אירע אויגן ווערן פארשוואומען מיט א טרער און זי ווישט זיי מיטן פינגער.

זי איז אָנגעטאָן אין א ליכטיג־געפּרעסט קליידל, מיט די שוואר־צע האָר פארקאמט און אירע טונקעלע אויגן קוקן שארף. זי איז בלייך פון אינעווייניגסטער אויפרעגונג. און ער שמייכלט צו איר ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך זייער חתונה.

און ביי איר איז שוין דער גאנצער כעס צעגאנגען אונטער זיין ווארימען בליק. זי וויל אים אלץ פארגעבן. זי ווייס, ער איז א וואוילער. מער ניט, ער האָט ניט קיין געשטעלטע דעה און יעדערער קען אים ציען וואוהין מען וויל. און צום ערשטן מאָל, נאָך א סך יאָרן, ווילט זיך איר א גלעט טאָן אים איבער זיין שיי־נעם קאָפּ, נאָר זי פארכאפּט זיך באלד און לויפט אוועק אין קיך אינאיינעם מיט איר פרייד.

יענער גאנצער אָוונט איז שוין א גוטער. זי דערציילט אים, ווי קונציג זי דרייט זיך אויס מיט די ווייניג געלט וואָס ער ברענגט איצט.

— די וואָך האָב איך איבערגעביטן דעם גראָסערימאן. ביי דעם אלטן גראָסער איז אלץ בראַנד־טייער.

און ער שטייט אנטקעגן איר א שולדיגער ארום און ארום. ווי זי נעמט עס אויף זיך אלע זאָרגן! ער באוואונדערט איר פאר איר איינפאל מיטן גראָסער:

— טאַקע? אזוי האָסטו געטאָן? — זי ווערט אים מיטאמאָל זייער טייער.

אזוי גייען אוועק א פּאָר טעג ווי אין חלום. בעסי גייט פון איין ארבעט צו דער אנדערער מיט א געזאנג אין הארצן. און אז

זי גייט עפּעס קויפן, אַרט איר ניט אַז מען נעמט ביי איר איבער א סענט אָדער צוויי. און אין אָוונט זיצט דער מאַן ביים טיש און לייענט פאַר איר פון צייטונג אַרויס. זי קוקט אויף אים מיט דרך ארץ, דערנאָך דערציילט זי אים פון אירע פּלענער:

— שיכעלאָך אליין די וואָך פאַררעכטן דאַרף אָפּקאָסטן א מאַיאָנטעק.

פּלוצלונג באַמערקט זי אַן אים, ווי ער ווערט אומרואיג און נערוועז. ער שטעלט זיך אויף, נעמט אַרומשפּאַנען איבערן שטוב מיט די הענט אין די קעשענעס. באַלד קוקט ער שוין אויפן זייגער און שטעלט זיך ביים שפּיגל אויסבינדן דעם שניפּס.

— שוין, ס'שטעכט אים שוין דער האָבער . . . — קוקט זי אויף אים פון דער זייט.

איר מאַן פאַרענטפערט זיך:

— כ'וועל נאָר צוגיין צו די מילמאַנ'ס, אויף איין שטונדע. זיי קענען דאָך מיינען כ'ווייס וואָס . . .

בעסי זאָגט גאָרניט. נאָר אַראָפּנעמענדיג פון טיש, וואַרפט זי מיט די טעלער און לעפל.

מיטן הוט אָנגעטאָן אָן א זייט שטייט ער שוין ביים טיר. ער איז מאָדנע באַלעבט און הפקר'דיג.

— גיי, גיי מיטן קאָפּ אין דער ערד! — רעדט זי אַרויס פאַרשטיקט.

עס איז נאָך פריער אָוונט און פון דעם שכנ'ישן אַפּאַרטמענט דערטראָגט זיך אַהער דאָס פריילאַכע רוישן פון די מענטשן ביים אָוונט־ברויט. די ראַדיאָס שפּילן. בעסי קוקט מיט זשעדנע אויגן: וואָס, איז זי דען קיין מענטש ניט? אָ, ווי דאָס פאַרדריסט . . .

זי נעמט זיך פיבערדיג אויפשטעלן די בעטלאַך, לייגן די קינדער שלאָפן. זי שלאָגט איר אינגסטן אינגעלע, וואָס פּלאָנטערט זיך איר אונטער די פיס. דאָס קינד, אַ מאָגערער, מיט א גרויסן קאָפּ און טרויעריגע, אידישע אויגן, קוקט אויף איר רחמנותדיג.

— זאָל דיין טאַטע אַזוי וויסן פון זיין לעבן, ווי איך ווייס וואָס איך טו, — רעדט זי צום קינד.

די נאַכט פאַלט צו מיט עלנטקייט אין שטוב. זי לייגט זיך אוועק אין די זאכן. זי קען ניט שלאָפן. עס שטיקט איר אין האלז. אז זי איז גרייט רייסן פון זיך שטיקער. ווי שפּעט קען דאָס איצט זיין? מיט אמאָל גיט זי זיך א ריס אָפּ פון איר געלעגער, וואַרפט אַרויף אויף זיך דעם מאנטל און יאָגט זיך ארויס פון שטוב. זי לויפט אין דער קאַלטער נאכט. דער ווינט שפּילט זיך מיט די פאָלעס פון איר מאנטל ווי מיט פליגלען. און זי לויפט און טראָגט אין זיך ביטערע שנאה און קללות.

ביים הויז פון די מילמאַנ׳ס בלייבט זי ניט שטיין ווי שטענדיג, נאָר זי פליט ארויף איבער די טרעפּ, קלאַפּט אָן אין טיר און גיט זיך א שטעל אוועק אויף דער שוועל פון צימער.

ס׳איז גראָד געווען אין מיטן פון א הייסער „געים". מען האָט געשפּילט מיט פאַרפלאַמטע פּנימ׳ער, צובויגנדיג זיך איינע צו די אנדערע האָבן זיי אויסגעזען ווי א גרופּע געהיימע פאַרשווערער. זיי זיינען געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט, ווען זיי האָבן פּלוצלונג דערזען בעסי׳ן אויסוואקסן אין טיר. און בעסי איז אויך גע־בליבן שטיין שטיל.

— אָ, אַ גאַסט, זיצט בעסי. מען זעט אייך גאָר קיינמאָל ניט.

בעסי האָט די ווערטער געהערט ווי דורך א טומאַן. זי האָט זיך איינגעקוקט אויף איר מאַן. אזא פאַרשייטן און צעוואָרפענעם האָט זי, דוכט זיך, קיינמאָל אים נאָך ניט געזען.

— אָט שוין, בעסי, נאָר דעם קאָן ענדיגן, — האָט ער געגעבן א זאָג, מיט אויגן פאַרגלאָסענע ווי פון בראַנפן.

— ווערסט שוין ביי מיר ענדיגן, — האָט בעסי ארויסגעאָטעמט שווער. און פלינק, ווי א חיה, איז זי מיט איין שפּרונג שוין געווען ביים טיש, האָט אויסגעצויגן איר לאַנגע האנט און א וויש געטאָן די קאַרטן און די קופּקעלאַך געלט, וואָס האָבן זיך מיט א קלונג צעשאָטן איבער דער ערד.

דערנאָך זיינען זיי ביידע ארויס אין גאַס, בעסי און איר מאַן. זי איז געגאַנגען מיט גרינגע טריט, ווי א באַפרייטע פון עפּעס א שווערער משא, און איר מאַן איז איר נאָכגעגאַנגען. א באַזיגטער פון א שטאַרקערן פון זיך, איז ער מיטאַמאָל געוואָרן ווייך ווי

א טייג, און בעסי האָט געפילט, אז זי קען מיט אים טאָן איצט וואָס זי וויל. ס׳איז איר געווע כמעט פריילאך.

— קום, קום! — האָט זי געזאָגט כלומר׳שט שטרענג, ווי מען רעדט צו א פארשוילדיגט קינד.

איר מאן האָט בייז געמורמלט:

— האָסט גאָר קיין חרפה ניט פאר מענטשן?

— דו שווייג איצט. דו האָסט נאָך גוט אָפגעשניטן! — האָט בעסי געענטפערט.

# אַ מתנה

דער יונגער נעגער, טאָם, וואָלט געקענט אויסלעבן זיינע אַלע יאָרן רואיג און עס זאָל אים גאָרניט פעלן, ווען ער וואָלט געטאָן נאָר זיינע אייגענע ארבעט און ער וואָלט זיך ניט פארנומען מיט זייטיגע זאַכן. טאָם האָט געוואוינט „אפטאון", אין דעם אריסטאָקריטישן געגנט. און די רייכע „ליידיס" פון די פּריוואַטע הייזער האָבן אים זייער געשעצט. ער האָט געקענט אַלץ טאָן: וואַשן די פענסטער, איבערטראָגן אַ שטיק מעבל, אויספּאַרבן אַ וועראַנדע, און ווינטער מאכן דעם פוירנעס. קיין ארבעט האָט טאָמ'ען קיינמאָל ניט געפעלט, קיין דירה־געלט האָט אים אויך ניט געקאָסט, ער האָט געוואוינט אין אַ ווינקל־קעלער פון א פּריוואטער הויז און געצאָלט דערפאַר מיט זיין ארבעט.

אַז עס איז געקומען זונטאָג, האָט טאָם זיך אָנגעטאָן אין אַ העלן אָנצוג, מיט דער הוט אָן אַ זייט און דאָס האריך אויסגעשטעלט פּאָראויס. טאָם איז געווען אַ שיינער יונג און זיין פול, בראָנזן פּנים האָט געלויכטן מיט לעבן און די מיידלאך האָבן אויף אים געוואָרפן אויגן. טאָם האָט זיך געקענט פארגינען צו נעמען זיי איז אַן „אייזקרים פּאַרלאָר" אָדער צו א מואווי, און עס האָט זיך אים גוט געלעבט.

האָט זיך איינמאָל געדאַרפט מאַכן, אז אַן אלטע ליידי פון יענעם געגנט האָט אויספארקויפט איר באלעבאטישקייט און איז אוועק וואוינען מיט אירע קינדער. טאָם האָט איר געהאָלפן איינפאקן די זאכן. פירט זי אים אריין אין קיך און זאָגט צו אים אזוי:

— טאָם, דו זעסט אָט דעם אייזבאַקס? דאָס איז א „פרידזשידעיר". איך גיב דאָס דיר אוועק אינגאנצן אומזיסט.. דו וועסט עס פארקויפן און אָפּנעמען גוטע געלט..

טאָם האָט זיך אליין ניט געגלויבט: פארוואָס קומט דאָס אים

אזא גרויסע מתנה? נאָר די אַלטע האָט אים צוגעגעבן מוט:

— נישקשה, נעם דאָס. דו האָסט זיך עס ביי מיר גוט פאַר־דינט.

איז טאָם אוועק אהיים א גליקלאכער פון זיין נייעם געווינס. איצט איז נאָר געבליבן די פראגע וועגן דעם „פרידזשידעיר" צו פארקויפן. אין אָוונט, ווען ער האָט געענדיגט זיין ארבעט, האָט טאָם זיך אוועקגעלאָזט זוכן א קונה, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף דער אַלטער מיסעס מעקאָי, א פרוי פאר וועמען טאָם האָט שוין א סך מאָל געארבעט.

אז טאָם איז צום ערשטן מאָל געקומען צו די מעקאָיס ריידן וועגן זיין סחורה, האָט מיסטער מעקאָי אין אָנהויב גאָרניט געוואָלט פון דעם הערן. ער איז געווען אַן אַלט־מאָדישער מענטש און ער האָט ניט ליב געהאט קיין נייעסן.

— מיינע עלטער־זיידעס האָבן אָפּגעלעבט אַ גאַנץ שיינעם לעבן אָן אַ פרידזשידעיר, — האָט ער זיך נאָך געוויצלט.

נאָר מיסעס מעקאָי האָט זיך גראָד געלאָזט ריידן. זי האָט געהאַט א גוטמוטיגן פּנים און שיינע ווייסע האָר און זי האָט מיט איר קלוגן ריידן שטענדיג געקענט ווירקן אויף איר מאַן:

— וויניג ווערט מען אויסגעריסן מיטן אייזמאַן; אז מען נעמט אַ שטיקל אייז, צעגייט עס באַלד.

נו, האָט מען אזוי לאַנג גערעדט, ביז עס איז געבליבן אז טאָם זאָל צושטעלן דעם פרידזשידעיר אויף פּראָבע. מען וועט אים אוועקלאָזן און זען ווי ער ארבעט.

גוט, אויף מאָרגן, באַלד אינדערפרי, האָט טאָם געבראכט צו־שלעפן דעם פרידזשידעיר צו די מעקאָיס אין שטוב. ער האָט גע־בעטן זיינעם א פריינט אים צו העלפן. מען האָט באַלד צוגע־שטעלט דעם עלעקטרישן „ווייער" און עס איז אוועק ווי עס באַ־דאַרף צו זיין: פינף מינוט גיין און פופצן מינוט שטיל, און אזוי כסדר. דער אַלטער מעקאָי אליין איז געשטאנען דערביי מיטן זייגער אין האַנט און געהיט די צייט.

טאָם האָט יענעם גאנצן טאָג ניט געארבעט. אַלע ווייַלע איז ער געקומען צולויפן צו די מעקאָיס געוואויר ווערן. עס איז אוועק

א שעה און נאָך א שעה און מיטן פרידזשידעיר איז עפּעס ניט גלאַ־טיג. עס האָט טאַקע געאַרבעט ריכטיג, נאָר וואָס דען? עס האָט ניט אָנגעפרוירן קיין אייז.

וואָס־זשע טוט מען? איז מיסעס מעקאַי געפאַלן אויף א פּלאַן: מען זאָל רופן א מעכאַניק. אויף מאָרגן איז דער מעכאַניק געקומען. ער קוקט אהין און קוקט אַהער — דעם „סוויטש" האָט מען געדאַרפט פאַרריכטן. דאָס אַלץ. איצט וועט שוין זיין גוט.

טאָם איז אוועק אויף זיין „דזשאָב" מיט א שווער האַרץ. עט־לאָכע מאָל איז ער פון דער אַרבעט געקומען צולויפן זען און יעדעס מאָל האָט ער געקראָגן אומרואיגע גרוסן פון פרידזשידעיר: אָדער עס האָט צו לאַנג געאַרבעט און ווייניג זיך אָפּגעשטעלט, אָדער פאַר־קערט. די שטילע מעקאַיס זיינען געווען צעהיצט, שכנים זיינען אָנגעקומען, זאָגן מבינות און עס איז געבליבן אז מען זאָל ווידער רופן דעם מעכאַניק. א מעכאַניק איז דאָך אזוי ווי א דאָקטאָר: באַצאָל אים פאַר יעדן וויזיט. נאָר פאַרפאַלן — מען איז שוין אריינגעקראָכן . . .

דעם מאָל האָט ער לאַנג ארומגעקוקט דעם פרידזשידעיר, ביז ער האָט אויסגעפונען, אז . . . ס'וועט גאָרניט העלפן, מען מוז האָבן א נייעם מאָטאָר. דער פרייז — 15 דאָלער. איין קליייניגקייט! די מעקאַיס און טאָם קוקן זיך אַלע איבער מיט אומרואיגע אויגן, צי עס לוינט זיך אריינצולייגן אזא סומע, און ווער זאָל אויסלייגן דאָס געלט?

טאָם האָט זיך אליין ניט געקאָנט קיין עצה געבן, איז ער אוועק צו זיין פריינט דזשאָו, דעם פּאָליסמאַן פון בלאָק, און ער האָט אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע, אזוי און אזוי — וואָס טוט מען, דזשאָו?

דזשאָו האָט לאַנג געקנייטשט דעם שטערן, ביז ער האָט זיך אָפּגערופן אזוי:

— וועט דער פרידזשידעיר אַרבעטן גוט מיטן נייעם מאָטאָר, איז דאָך גוט; טאָמער ניט, מוזטו נעמען א „טשענס", דאָס אַלץ. די פופצן דאָלער וועט דאַרפן גיין אויף דער העלפט.

אזוי איז געווען. מיטן נייעם מאָטאָר האָט דער פרידזשידעיר

געארבעט ווי א פידעלע, פונקט צו דער מינוט. ענדלאך האָט מען זיך באַדונגען מיטן פּרייז: פערציג דאָלער מזומן געלט. טאָם האָט שוין געקראָגן די האַנט־געלט. ער איז אַרויס פון די מעקאַיס ווי א זיגער, מיטן קאָפּ הויך, דאָס האַרץ אויסגעשטעלט פאָראויס. א קליינינקייט, אזא סומע געלט און גאָרניט אויף דעם געארבעט!

עס איז אוועק א שטיק צייט און אין איינעם אַן אָוונט האָט מען געקענט זען אין דעם שכנישן אייזקרים פּאַרלאָר צוויי יונגע נעגערס, א באָי און א מיידל. זיי זיינען געזעסן ביי א טישל און האָבן זייער פריילאך פארבראַכט און זייער הילכיגער געלעכטער האָט זיך געקייקלט ווייט צום גאַס אַרויס. צוויי פריילאכע נשמות. דאָס זיינען געווען טאָם מיט זיין מיידל סוזי. סוזי איז געווען א מיידל א שיינהייט און זייער מאָדיש אָנגעטאָן, די שיך מיט די העכסטע קנאַפּל און די האָר גלאַט פּאַרקאַמט און ביים עסן אייז־קרים מיטן לעפעלע האָט זי זייער איידל אויסגעבויגן די פינגער.

טאָמ׳ען איז זייער פריילאך געווען אויפן האַרצן. ער האָט שוין אָפּגענומען דאָס גאַנצע געלט פאַרן פרידזשידעיר. ער האָט גע־האַלטן די האַנט אויף דער בוזים־קעשענע, וואו דאָס געלט איז געלעגן, און ער האָט זיך פאַר זיין מיידל באַרימט:

— סוזי, זאָג, וואָס וואָלסטו איצט געוואָלט מיר זאָלן טאָן?

סוזי האָט געענטפערט, אז זי וויל ניט קיין גרויסע זאכן, נאָר דאָ, אין דער שכנישער מואַווי־הויז, שפּילט גראָד איר באַליבטער אַקטיאָר, וואָלט זי וועלן זיי זאָלן גיין אַהין. רופט זיך אָפּ טאָם, אז די שכנישע מואַווי־הויז איז ביי אים גאָרניט ווערט; אויב זי וויל קען ער איר אויסנעמען אויף בראָדוויי.

— אָ! — שרייט אויס סוזי אַנטציקט און זי קוקט צו אים אַרויף מיט אירע גלאַנציגע אויגן.

טאָם פילט, אז עס איז ניטאָ איצט אזא זאך, וואָס ער זאָל ניט קענען דערגרייכן..

סוזי איז געווען א וואויל מיידל און זי האָט געהאַלטן פון טאָמ׳ען זייער הויך און טאָם האָט שוין געטרוימט צו האָבן סוזי׳ן פאַר „סטעדי״ און מיט דער צייט אָנהויבן צו בויען מיט איר א היים. שפּעט ביינאַכט, ווען ער איז אוועק אין זיין ווינקל־קעלער

און אויסגעצויגן זיך אויפן בעטל, האָט ער פון דעם געטראַכט. אַרום אים די אָנגעשטעלטע אַלטע שטיקער מעבל און די אַש־קענס זײַנען געװען באַלויכטן פון בלײַכן לבֿנה־שײַן און אָנגענומען פאַנ־טאַסטישע פאָרמען, און טאָמ'ס געדאַנקען האָבן זיך דעמאָלט גע־טראָגן הויך, ביז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין זיסן שלאָף.

* * *

טאָם איז אָפט געקומען געװאָויר װערן צו די מעקאָיס און יעדעס מאָל האָט ער געקראָגן פרײַלאַכע גרוסן פון פרידזשידעיר. נאָר אײנמאָל, אַז טאָם איז אַהין אַרײַנגעקומען אין אָװנט, האָט ער געטראָפן די אַלטע פּאָר־פּאָלק אין אַ זײער אומרואיגן צושטאַנד. מיסטער מעקאָי איז געשטאַנען לעבן פרידזשידעיר מיטן זײגער אין האַנט און מיט אַ באַזאָרגטן פּנים, װי מען שטײט לעבן אַ קראַנקן. די אורזאַך פון דעם איז געװען, װאָס דער גאַנג פון מאָטאָר איז געװאָרן אַ פיבערדיקער, אָן אַ געשטעלטער צײַט.. דערצו האָט עס אַזוי הויך געקלאַפּט, אַז די מעקאָיס האָבן ניט געקענט שלאָפן קײן נעכט. טאָם איז פון דער נײַעס געבליבן שטײן, װי ער װאָלט געקראָגן מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ. עס איז געבליבן, אַז מען זאָל דערװײַל אויסװאַרטן און מען װעט זען װאָס װײַטער צו טאָן.

יעדן אָװנט האָט מען איצט געקענט זען טאָמ'ען גײענדיק צו די מעקאָיס. ער פלעגט אַרײַנקומען אַ שטילער, נאָר די גרויסע שװאַרצע אויגן זײַנע האָבן אויסגעדריקט אײן פראַגע: „נו, װי האַלט עס?"

בײַטאָג, אין מיטן דער אַרבעט, פלעגט איצט טאָם אַלץ קלערן פון פרידזשידעיר: אפשר גאָר אָפּגעבן די מעקאָיס צוריק דאָס געלט? האָט ער אָבער שוין מער װי אַ העלפט פון דעם צע'פּטר'ט. עס האָט זיך אים געװאָלט, אַז עס זאָל זיך מאַכן אַ פײַער און עס זאָל פאַרברענט װערן דאָס הויז צוזאַמען מיטן פרידזשידעיר, אַבי ער זאָל שוין האָבן אַ רואיגע קאָפּ.

אין די אָװנטן, אַז ער האָט געהאַט אַ „דעיט" מיט סוזי'ן, האָט ער איצט אַלע מאָל פאַרשפּעטיקט. סוזי האָט אים שוין פאַר־דעכטיגט, אַז ער ליבט איר נישט מער, אַז ער האָט אַן אַנדער מײדל.

— וואו קומסטו דאָס אהין גאנצע אָוונטן? — האָט זי ביי אים געמאָנט.

— דאָס איז ניט דיין עסק! — האָט ער איר געענטפערט מיט כעס.

אין דער אמת'ן האָט ער זיך פאר איר געשעמט און ניט געוואָלט דערציילן גאָרניט.

די מעקאָיס האָבן זיך אליין דורכגערעדט מיטן מעכאניק, וועלכער האָט זיי קורץ געענטפערט, אז פון אן אלטן חפץ איז ניטאָ קיין סך צו דערוואַרטן. פאר דער צייט האָט מען שוין געמוזט האָבן נאָך נייע טיילן צום פרידזשידעיר: דאָ א רימען, דאָ א שרייפל, און עס האָט שוין אריינגעטריבן אין א גרויסער סומע.

איינמאָל, אז טאָם איז געקומען צו די מעקאָיס, האָט דאָס אלטע פאָר־פאָלק זיך צעקריגט צווישן זיך און געוואָרפן די שולד איינער אויפן אַנדערן. טאָם איז געוואָרן אזוי נידערשלאָגן, אז ער האָט איגנאָרירט אויפגעהערט צו גיין צו די מעקאָיס. „וואַטס דהי יוז?" — האָט ער אוועקגעמאכט מיט דער האנט.

טאָם איז איצט ארומגעגאנגען שטענדיג א צע'כעס'טער. ווי לאנג איז דאָס, וואָס אים איז געווען אזוי גוט און אלע האָבן פון אים געהאלטן; האָט געדארפט קומען א מכשפה און אריינציען אים אין א ביזנעס מיט א פרידזשידעיר.

איינמאָל אין א בייטאָג, אז טאָם איז געשטאנען לעבן א הויז אויף אַ לייטער און געוואשן די פענסטער, האָט מען אים אָנגעזאָגט, אז די מעקאָיס פרעגן זיך אויף אים. טאָמ'ען איז טונקל געוואָרן פאר די אויגן. ער האָט זיך אָנגעהאלטן אָן לייטער ניט ארונטערצופאַלן.

אז ער איז געקומען צולויפן צו די מעקאָיס, האָט ער זיך דערוואוסט, אז דער מאָטאָר קלאפט שוין גאָר משוגע'נערווייז, אָן אן אָפשטעל, כאָטש נעם און אנטלויף פון שטוב. דער מעכאניק וואָס איז שוין דאָ געווען, האָט געזאָגט זיין לעצטן וואָרט:

— ס'איז „נאָ גוד". אלע ספּרונזשינעס פון פרידזשידעיר זיינען איבערגעזשאַוועט.

אין יענער נאכט האָט טאָם אין שלאָף געהאט שרעקלאכע

קאַשמארן: פּאָליציי האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים און דער אַלטער מעקאָי, א צערייצטער, האָט אָנגעוויזן אויף אים מיטן פינגער.

אויף מאָרגן האָט טאָם געפילט, אז פאר אים איז פארבליבן נאָר איין זאך: אנטלויפן פון דאנען, וואו נאָר די אויגן וועלן אים טראָגן, ווייל קיין געלט אומצוקערן די מעקאָיס האָט ער ניט, און סוזי, אז זי וועט זיך דערוויסן פון דער גאנצער געשיכטע, וועט זי אָפּלאכן פון אים און זי וועט אים שוין ניט וועלן.

און אין א שיינעם פארטאָג האָט טאָם זיך אויפגעהויבן און פארלאָזן יענעם געגנט אויף אַלע מאָל.

און לאַנג נאָך, נאָך דער געשיכטע, אז אימיצער פון יענער שכנה׳שאפט אָהט זיך נאָכגעפרעגט אויף טאָמ׳ען, האָט קיינער ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן: פארפאלן, ווי אין וואסער אריין.

# די וואונדערלעכע מינוט

אין איינעם אן אומעטיקן פֿאַרנאַכט איז מיס חפץ געזעסן ביי זיך אין צימער אויף איר וויג־שטול און זיך שטיל געוויגט. נאָך א דולן, טומלדיקן טאָג אין שאַפּ, האָט מיס חפץ ליב געהאַט איר צי־מער, אירע אייגענע פיר ווענט, דאָ, וואו עס איז אַלעמאָל אזוי ריין און פּינקטלאַך צוגעקליבן. מיס חפץ האָט באַשלאָסן, זי וועט היינט גיין שלאָפן פאר פרי. זי האָט נאָר ניט געקענט באַשליסן, צי זאָל זי די האָר אירע וואשן היינט, אָדער אָפּלייגן עס אויף מאָרגן.

אין גאַנצן שטוב איז געווען שטיל. די באַלעבאַטים פון הויז זיינען ערגעץ אוועק, מסתמא אין די מואַוויס, האָט מיס חפץ גע־געבן א קלער. זי האָט זיך איבערגעטאָן אין איר קימאָנע מיט די גרויסע קווייטן, וואָס זיינען ענלאַך געווען אויף אויסטערלישע פויגל. די קימאָנע האָט צוגעדעקט איר שאַרף־ביינערדיקן גוף, נאָר ניט געקענט צודעקן אירע לאַנגע פיס, וואָס האָבן זיך פאַרמירט ווינקלדיק און פלאַך. מיס חפץ האָט אירע האָר איינגעדרייט מיט בלעכענע שפּילקעס, וואָס האָבן ווי הערנערלאַך ארומגעשטאַנען אומעטום איבערן קאָפּ. וואַשן די האָר וועט זי שוין אָפּלייגן אויף מאָרגן. זי האָט שוין געהאַט גענומען זיך צו איר באַלעבאַטישקייט — איבערקוקן די זאָקן, אירע קליידער, — פּלוצלינג דוכט זיך איר, מען האָט אָנגעקלונגען אין טיר.

מיס חפץ האָט באַלד זיך א לאָז געטאָן דורך דער גאַנצער לענג פון קאָרידאָר, וויקלענדיק זיך אין איר קימאָנע. פון גרויס נייגעריקייט האָט זי פארגעסן פרעגן: „הו איז איט?". זי האָט אויפגעעפנט די טיר, וואָס איז געווען אי פאַרקייטלט, אי פאַר־שלאָסן. זי גיט א קוק — א מאַן מיט א וואַליז פאַרנויגט זיך פאַר איר און דערלאַנגט איר א קאַרטל:

„הערי פיין, סעילסמאַן פון דער סילווער ראַדזשערס קאָמפּאַני".

מיס חפץ האָט שוין געוואָלט פאַרהאַקן די טיר גלייך אים אונטערן נאָז. נאָר ס׳איז ניט אזוי גרינג געווען צו פאַרמאַכן א טיר פאַר דעם באַוואוסטן סעילסמאַן, הערי פיין. מיט איין טראָט איז ער געווען אויף א העלפט אינעווייניג און באַלד אָנגעהויבן מיט זיין צודרינגלאַכן כלומרשט איידעלן קול:

— מעי בי יו אַר אינטערעסטעד.

— נאָו, נאָו! — האָט מיס חפץ זיך אוועקגעמאַכט פון אים, ווי פון א בייזער אָנשיקעניש, פאָכענדיג מיט די הענט אין דער לופטן, און אויף איר גאַנצער ביינערדיגער געשטאַלט איז געווען אָנגעשריבן אומצוטרוי און האַס צום באַצווינגער.

נאָר דער סעילסמאַן האָט אַראָפּגעשלונגען אין זיך די באַליי־דיגונג און נאָך געענטפערט מיט א געלעכטערל:

— סעי, ליסן, איר מוזט ניט קויפן. איך צווינג קיינעם ניט. אָבער אויסהערן מיר מעגט איר דאָך, — און דערנאָך שוין צוגע־געבן מיט הארץ:

— ליידי, יו דאָנט נאָו מי יעט.

מיס הפץ איז אביסל גערירט געוואָרן פון זיינע רייד. זי האָט אים איצט באַקוקט פון אויבן ביז אראָפּ. זיין אָנטאָן איז געווען געַנוג רעספּעקטפול, און די גרויסע, שווארצע אידישע אויגן האָבן ארויסגערופן מיטגעפיל צו זיך. מיס חפץ איז בטבע געווען א ווייכ־הארציגע פרוי. האָט רחמנות געהאַט אויף יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר צו איר געווענדט, האָט זי איצט, ווי ניט ווילנדיג, א זאָג געטאָן:

— נו, קומט שוין אריין, א סוף.

זי האָט אים אריינגעפירט אין „ליווינג רום״, נאָר אוועקגעשטעלט האָט זי זיך אנטקעגן אים א שטרענגע, ווי ארומגעצאַמט מיט שטע־כיגע דראָטן, און מיט א פארלאנג אין הארצן, אז ער זאָל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן פון דאנען

דער סעילסמאַן הערי האָט זיך א ווײַלע פארלאָרן. ער האָט געקוקט אויף די בלעכענע הערנערלאַך אירע און אויף די שטרענ־גע קנייטשן פון איר פאַרמעט פנים, און האָט צוגעטראַכט: מיט וואָס קען מען אָט דער נעמען?

— איך האָב דאָ א פיינעם סעט לעפל, גאָפל און מעסער . . .
— האָט ער געפּרואווט אָנהויבן ניט דרייסט.

ביי מיס חפץ האָבן איצט די קליינע, שארפע אויגן געשמייכלט מיט חוזק. זי קען די סעילסלייטע. זיי קריכן אויף די גלייכע ווענט. אלץ איז גאָר פעיק און פעיק.

— איך דארף ניט גאָרניט, אומזיסט אייער מי.

— וואָס הייסט איר דארפט ניט? — איז ער שיעור ניט ארויס פון געדולד. דער גאנצער טאָג פון אומזיסטן ארומגיין, קלאפּן אין די טירן און אוועקגיין מיט גאָרנישט, האָט זיך איצט צונויפגעקליבן ביי אים אין איין גרויסן פארדראָס און געשטיקט אים ווי א קנויל צום האלז. נאָר ער האָט באלד זיך איינגעצאמט, ער וועט דאָך ניט איבערפירן קיין סעיל.

— אזא סעט זילבער קומט צונוץ אין יעדער פאמיליע.

— איך האָב ניט קיין פאמיליע, — האָט מיס חפץ זיך געגעבן א גלייך אויס ווי מיט ארויסרוף, — פאר וועמען דארף איך א סעט, פאר די ווענט?!

— נו, אז מען איז אליין איז וואָס? — האָט הערי פיין באלד אונטערגעכאפּט.

— איך ווייס, וואָס דאָס מיינט צו זיין אליין, בעליוו מי, — האָט ער אָנגעהויבן, — טאָקע דערפאר איז גוט צו האָבן אלץ אייגענע. איר ווייסט ס'איז אייערס. קיינער קריכט אייך ניט אין דער נשמה.

ער האָט געזען ,ווי זי האָט זיך א קרים געטאָן, ווי פון ווייטאָג. ניין, דאָס טויג ניט. האָט ער אָנגעהויבן פון אן אנדער זייט:

— אזא סעט, אייגנטלאך, האָט א צווייענדיגן נוצן. איר נעמט אראָפּ וואָס איר דארפט פאר זיך, דאָס איבעריגע קען נוצן פאר א פּרעזענט, אז איר קומט צו א פריינט, א שטייגער. מען נעמט אייך אויף גאָר אנדערש . . .

מיס חפץ, אָן אָנגע׳ברוגז׳טע, האָט געמאכט א באוועגונג צו דערווידערן, נאָר הערי פיין האָט איר באלד אָפּגעשטעלט:

— נעוועך מיינד, איך זע, אז איר קענט ניט די וועלט. מענטשן

פאַרלאַנגען מען זאָל זיי נאָר געבן, אָפּנעמען פון אייך אַלץ, דאַ־מאָלסט זיינען זיי אייך פריינט.

ער איז דרייסטער געוואָרן, דערפילט מיטן חוש, ער האָט אָנ־געריִרט א מענטשלאכע סטרונע, האָט ער שוין דעם פונקט ניט אָפּ־געלאָזן:

— קיינער וועט זיך פאר אייך ניט זאָרגן אין אונזער צייט . . .

— איז ער שוין געגאנגען איצט אויף א זיכערן באָדן. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם וואַליז אָן א זייט. יע א סעיל, ניט א סעיל, דאָ האנדלט זיך וועגן מענטשלאכקייט.

מיס חפץ, שוין אָן אָפּגעשוואכטע פון איר אויפרעגונג, איז געשטאַנען איצט אָנגעשפּאַרט אָן א ווענטל פון א שטול און גע־לאָזן אים רעדן. און הערי פיין האָט שוין מער ניט באדאַרפט. אַלע זיינע כחות האָט ער איצט געלאָזן אין גאַנג. איצט איז די מינוט אויף אָנדריקן שטאַרקער, פעסטער. ער איז ארומגעגאַנגען איבערן שטוב א גאַלאַנטער, א צודרינגלאכער, שטאַרק געמאכט מיט די הענט און זיך אַליין באגייסטערט:

— וואָס איז דען זיין אייגענער לעבן, ווי איר קוקט אים אָן, וואָס ער איז שוין אדורך, — און ווער זאָרגט זיך דען וועגן אים, אויב ער מאכט עפּעס אָדער נישט? מענטשן האָבן נאָר זייערע אייגענע אינטערעסן אין זינען . . .

ער האָט אויסגעטאָן דעם הוט, געגלעט זיך די שווארצע קרייז־לאָך פון קאָפּ. מיס חפץ האָט אים איצט אָנגעקוקט אָן איבער־וועלטיגטע. זיינע רייד זיינען דערגאַנגען איר טיף צום האַרצן. זי האָט זיך אויסגעמאָלן אין איר געדאנק זיין לעבן פול מיט שטרויכ־לונגען און געפּאַרן און געוואונדערט זיך ווי אזוי איז ער דאָס ארויס־געקומען פון דאָס אַלץ, און נאָך א שיינער מאַנספּארשוין, אזא־אָ.

— פון וואַנען קענט איר דאָס אזוי גוט די וועלט? — האָט זי ניט דרייסט אים א פרעג געטאָן, — איר האָט אודאי א סך געלערנט אין א קאַלעדזש אפשר?

— אָ, דער לעבן אַליין לערנט אויס, — האָט ער געזאָגט, און דורכגענומען איר מיט דער וואַרעמקייט פון זיין אויג.

מיס חפץ, וואָס איז ניט געוואוינט געווען מען זאָל איר אזוי

פיל אויפמערקזאַמקייט שענקען, האָט זיך אזש דערפילט ניט באַ־קוועם.

— אַנטשולדיגט, — האָט זי געזאָגט און איז א ווײַלע אַרײַן צו זיך אין צימער. הערי פײַן האָט דערווײַל אַרויסגענומען זײַן סחורה פון וואַליז און צעלייגט עס ברייט אויפן טיש. וואונדערלאַ־כע זילבערנע טעלער אײַנגעפּאַסט אין גלאָז. א „טי־סעט" מיטן קורץ־האַלזיגן טשאַיניק, וואָס אין זײַן קײַלעכדיגן בויך האָט מען זיך געקענט שפּיגלען. און צווישן דעם אַלעמען די שײַנענדיגע לעפל־גאָפּל־מעסער.

אז מיס חפץ איז אַרײַנגעקומען צוריק, איז זי געווען שוין אַן אַנגעטאָנענע. איר נעט טונקל קלייד האָט איר צוגעגעבן א סך ווירדע, און די האָר אירע אָן די שפּילקעס, האָט איר פּנים ווייכער געמאַכט. הערי פײַן האָט פאַרגעסן אָן זײַן סעיל, אַז ער האָט איר דערזען.

— איך זע שוין מיט וועמען איך האָב צוטאָן, — האָט ער אָנ־געהויבן היימיש ריידן,—איר זענט ניט די אַמעריקאַנער מיידל, וואָס איז „קאָק־שור" און „פרעש". איר זענט „דיסענט" און צוריקגע־צויגן. האַ, בין איך גערעכט, צי ניין?

ביי מיס חפץ האָט דאָס פּנים זיך פאַרצויגן מיט א רויטלאַך פּיאַלעטעווען קאָליר: — אָ, וועל . . .

— אָבער אין אונזער צײַט דאַרף מען קענען זײַן „ראָף", אַנ־דערש קענט איר ניט אָנגיין אין לעבן.

— אָי עם באָרן דהאָט ווײַ. — פון איר האָט איצט גערעדט א מין גע׳ירשנ׳טער היימישער שטאָלץ. אײַנע, וואָס קען זיך נישט שטופּן פאָראויס און וועט בעסער אָפּטרעטן דעם וועג צו אַנדערע. — דערפאַר זעט מען אַזוי אויס, — האָט זי אומעטיגלאַך פאַרענ־דיגט.

— וואָס איז דער מער מיט אײַער אויסזען? — האָט הערי פײַן געפאָדערט צו וויסן. מיס חפץ האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט אירע הענט. ער געפעלט איר, פּאָזיטיוו. ווער וואָלט זיך דאָס געקענט ריכטן. ווען ער וואָלט נאָר ניט ווידער אָנהויבן ריידן וועגן

זיינע ביזנעס. נאָר זיין וואויל־קלינגענדיגע ברוסטיגע שטימע איז סיי־ווי גוט געווען צו הערן.

הערי פיין האָט אָנגעשפּארט זיין עלנבויגן אָן טיש, שטייענדיג אנטקעגן איר און מיט א טאָן כמעט אינטים האָט ער איר פאַרטרויט זיינע „טראָבעלס”. פאראן קאָסטאָמער, וואָס מען דאַרף מיט זיי זיך אויסעסן די לונגען, ביז מען פארקויפט זיי עפּעס, — דהעי עקספּעקט מי טו דו אָל דהיי טאָקינג.

— ווער? — האָט מיס חפץ געפרעגט צעשטרייט.

— די קאָסטאָמער, — אָט די רייד האָט זיך ביי הערי׳ן ארויסגעכאפּט ניט ווילנדיג, נאָר ער האָט עס באלד פארטושט מיט א פראגע.

— ביי וואָס ארבעט איר, מעג איך פרעגן?

— אין א שאפּ. נאָך אלעמען, די ארבעט איז דאָך ניט אלץ.

ער האָט מיט איר איינגעשטימט. — סעילסליידי, — האָט ער אָנגעהויבן, — פארוואָס איז זי אין כעס אויף די סעילסליידי?

מיס חפץ האָט איצט געשמייכלט, און פון דעם איז איר פלאַכער פּנים אויסגערונדיגט געוואָרן. זי איז נאָר געוואוינט צו די מענטשן, וואָס אָ וואָרט איז ביי זיי א וואָרט. זי מוז טאקע זיין זייער „אָלד־פעשאָן”, — האָט זי געשמייכלט איראָניש. זי האָט אָנגענומען דעם זילבערנעם טשאַיניק פארן העלזל, זיך געשפּיגלט אין דעם און ווי ניט ווילנדיג ארויסגערעדט:

— כ׳וועל אפשר טאקע קויפן עפּעס. איר קענט דאָך איבעררעדן א שטיין.

— אז איר ווילט! — איז ער געווען קאלטבלוטיג, — אָט דעם טי־סעט? . . . כ׳האָב א שענערן סעמפּל. — און ער האָט גענומען ארויסלייגן נאָך סחורה. — אָט דעם טשאַיניק, א טי־סעט מיט דער טאץ צוזאמען. יענע וואָך האָט איינע באשטעלט ביי מיר אזא. דער פּרייז איז, לעט מי סי . . .

— אָ, וועגן פּרייז . . .

— פאַרגעסט ניט, אז ס׳איז אויף אויסצאָלן. די קאָמפּאני דערלויבט אייך צאָלן יעדע וואָך אזא קליינע סומע ווי . . .

— זעט! — האָט מיס חפץ זיך מיטאמאל געכאפּט, — א פּיי־

נער מענטש בין איך. איר זיצט אזוי לאנג און עפּעס צובייסן אייך אפילו ניט פאַרגעלייגט.

— אָ, נאָו, צו וואָס אייך באמיען?

— א קאָפּע וועט איר ביי מיר טרינקען, — האָט זי אים פריינטלאך איינגערעדט. זי האָט באלד ארויסגעבראכט פון איר צימער א טישטוך מיט „נעפּקינס צו מעטשן". אירע פינגער מיט די פיין־פארשפּיצטע נעגל האָבן מיט ליבשאַפט אויסגעלייגט אויפן טיש דעם זעלטענעם לייוונט.

— דאָס איז מיין אייגענער פארמעגן, — האָט זי מיט שטאָלץ ארויסגערעדט.

הערי פיין איז זייער אומגעדולדיג שוין געוואָרן און ארומגע־טאַנצט איבערן שטוב ווי אויף ספּרונזשינעס. געוואָלט האָט ער איר זאָגן, אז ער האָט שוין אזוי אויך פארשפּעטיגט דעם אָפיס און אז אים איז שוין צייט צו גיין אהיים. וויפיל איז דער שיעור? נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער באוואונדערט די אויסערגעוויינלאכע נעט־קייט און בריה'שקייט אירע:

— מאַי גאָד, וואו זעט מען דאָס היינטיגע צייטן? און א פרוי אליין.

איצט זיינען זיי געזעסן ביים טיש, געטרונקען קאווע מיט ביסק־וויטן.

— די בעסטע קאָפּי, וואָס כ'האָב ווען עס איז געטרונקען אין ניו־יאָרק, — האָט ער געזאָגט א צעשטרייטער.

— ווי געפעלט אייך די שטאָט ניו־יאָרק? — האָט מיס חפץ געפרעגט.

— וואונדערלאך!

— שוידערלאך! — האָט זי זיך אזש צונויפגעצויגן, כדי צו באווייזן ווי זי האָסט די דאָזיגע שטאָט.

— הא, שוידערלאך? יע, ס'הייסט . . . ס'ווענדט זיך . . .

נאָר באלד האָט ער צוריקגעכאפּט דעם פּליסיגן טאָן פון ריידן: זיי, די אמעריקאנער יוגנט, זיי ווייסן דען דעם פארגעניגן פון פארברענגען מיט די ריכטיגע מענטשן? ער קען א היגע מיידל,

גייט ארום מיט א באָי, האָט זי זיך איינמאָל פאַר אים באַקלאָגט וועגן אָט דעם באָי:

„אַלץ וואָס ער ווייס איז אריינגיין נאָך אמאָל אין א מוּאווי מיט איר. עסן נאָך א סאַפּער ערגעץ אין א רעסטאָראַן".

— זי איז סיק ענד טייערד!

מיס חפץ האָט געלאַכט. א פאַרשטיקטער געלעכטער איז דאָס געווען און אָפּגעהאַקט זיך אַלע ווײַלע אין געדיכטע שטיקער. ס׳איז געווען ביי איר ווי א דערמאָנונג אָן אירע אינגערע יאָרן און געוועקט אין איר עפּעס א ווייטע האָפנונג. און זי האָט זיך ניט ווילנדיג פאַרקלערט, האַלטנדיג א ביסקוויט אין אירע צוויי פּאָדערשטע פינגער.

הערי פיין איז אויך אָנטשוויגן געוואָרן. ער איז נאָך ניט געווען זיכער וואו ער האַלט מיט זיין סעיל, האָט ער מורא געהאַט איצט ארויסריידן אָן איבעריגן וואָרט. ער האָט זיך גענומען צו־נויפרעכענען עפּעס און אריינשרייבן אין א ביכעלע, אָנבויגנדיג נידעריג דעם קאָפּ מיט די שווארצע קרייזלאָך.

מיס חפץ האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. זי האָט אזוי גוט פאַרבראַכט איצט. זי האָט זיך אזוי ווי אויסגעוויקלט פון אַלע זיבן שלייערן און איר האַרץ איז איבערגעקוואָלן פון גוטסקייט.

„זי וועט פּאָזיטיוו עפּעס קויפן פון אים. זאָל ער איר אַליין זאָגן וואָס? אפשר טאַקע אָט דעם גאַנג לעפל־מעסער" . . .

איר קול איז געווען האַרציג, אינטים, ווי די באַרירונג פון א פריינטלאַכער האַנט. און איר אויסזען איז געווען אזא, אז זי איז גרייט צו טאָן פאַר אים אַלץ אין דער וועלט.

הערי פיין איז געוואָרן זייער באַלעבט און א פריילאַכער אויפ־געשפּרונגען: — גאַנץ ריכטיג, אָט דאָס נעמט. איר וועט ניט חרטה האָבן. איך גאַראַנטיר. איר דאַרפט נאָר געבן א דעפּאָזיט.

איצט איז אַלץ צוגעגאַנגען זייער שנעל. מיס חפץ איז אויף א ווײַלע אריין צו זיך אין צימער, אריינגעבראַכט א טשעק־ביכעלע. הערי פיין האָט איר דערלאַנגט זיין פען און זי האָט אויסגעשריבן א טשעק. נעט און דייטלאַך איז איר האַנטשריפט געווען.

— אָט אזוי, פינף דאָלער דעפּאָזיט? גוט, מאָרגן קריגט איר

אייער אָרדער צוגעשיקט פון אָפּיס, — ער האָט זיך געווישט דעם שטערן און צוגעמאכט די אויגן פון מידקייט: דאנקען גאָט, ס׳איז שוין נאָך אַלעמען.

ער איז איצט מאָדנע פריילאך געוואָרן, געקוקט אויפן טשעק און זיך אפילו געוויצלט:

— איין זאך איז זיכער, אייער טשעק איז ראַיעל.

ער האָט נאָך עפּעס גערעדט, נאָר שוין אָן דער פריערדיגער היץ. זיין קול איז ווי אויסגעוועפּט געוואָרן, און די אויגן האָבן איצט כסדר געוואנדערט צום טיר. מיטאמאָל האָט ער ארויסגע־כאפּט דעם זייגער.

— אר־וואָ! שוין האלב נאָך זיבן, ווי שפּעט. איך מוז שוין גיין.

ער איז איצט געשטאנען פאר איר ווי א שולדיגער.

און מיט חפץ איז דאמאָלסט געזעסן א צוגעשטילטע אין טיפן שטול מיטביידע הענט אויף די פארענטשעס אָנגעלענט, און אירע אויגן האָבן געקוקט אין פוסטן רוים. איר אויער האָט אויפגע־כאפּט דעם טאָן פון זיין קול, אַן אָפּגעקילטער, פרעמדער טאָן. גע־פילן אַלערליי זיינען אָפּגעשוואומען און צוגעשוואומען צו איר הארצן, ווי כוואַליעס צום ברעג פון ים. א חשד איז איר באפאלן: זי איז אַן אָפּגענארטע איצט? ניין, אזוי פירט זיך דאָך די וועלט. זי איז צו קלוג צו איינרעדן זיך עפּעס אילוזיעס. זי האָט ביטער געשמייכלט און ווי איינע, וואָס איז געוואוינט צו פארבאהאלטן אירע געפילן, האָט זי מוטיג אים א פרעג געטאָן:

— איר האָט שווער געארבעט, יע?

ער האָט ניט געקענט פארטראָגן דעם פאָרוואורף פון אירע שטרענגע, ערלאכע אויגן, האָט ער זיך שוין פאר איר מודה געווען:

— יע, שווער היינטיגע צייטן צו מאכן א סעיל.

זי האָט איצט געזען די גאנצע קאָמעדיע פאר זיך קלאָר. דאָך האָט זי געוואָלט אים נאָך אויף א ווייל פארהאַלטן. אזוי טרעפט אמאָל ווען מען זיצט אין טעאטער ביי א שיינער פאָרשטעלונג. מען ווייסט — ס׳איז אַלץ אויסגעטראכט, דאָך ווילט זיך פאר־לענגערן דעם אויסגעטראכטן חלום, די וואונדערלאכע מינוט . . .

* * *

דערנאָך איז איבערן גאנצן הויז ווידער געוואָרן שטיל. מיס חפץ איז אריין צו זיך אין צימער. אין איר האנט איז נאָך געווען דער „רעסיט", וואָס זי האָט פון אים באקומען. זי וועט דעם סעט זילבער אימיצן אוועקגעבן ביי א געלעגנהייט, אָדער זי וועט עס פאררוקן ווייט אין א שופלאָד, כדי אָן דעם זיך צו פארגעסן. נאָר דערווייל איז זי נאָך אינגאנצן געווען איבערוועלטיגט פון דאָס גע־שעענע היינטיגן אָוונט. אין די אויערן האָט נאָך געקלונגען זיין מענערשע ברוסט־שטימע, מיט זיין געשווינדטן רעדן, און איבער די גלידער איז נאָך געשוואומען א זיסע, אויפגערודערטע ווארימקייט.

הינטערן טיר פון איר צימער האָבן פריילאכע שטימען זיך צעקלונגען. דאָס האָבן די באלעבאטים זיך אומגעקערט שוין פון דער מואווי. מיס חפץ איז ניט ארויס צו זיי, כדי א פרעמד אויג זאָל ניט דערקענען עפעס אָן ענדערונג אויף איר פנים. זי האָט זיך גענומען מאכן איר בעט, אויסגלעטן דעם ליילאך מיט אירע דינע פינגער. נאָר זי האָט געוואוסט, אז אנטשלאָפן ווערן וועט זי אזוי גיך ניט קענען. האָט זי זיך געזעצט אין איר וויגשטול, זיך שטיל אָנגעהויבן וויגן און אין געדאנק נאָכאמאָל דורכגעגאנגען יעדע פאַזע פון דעם היינטיגן, וואונדערלאכן אָוונט.

# אַ טרוימער

ער איז געווען דער לאַנדרי־מאַן פון „וועסט סטריט", אַ פאַר־לאָזענע גאַס אזא אין ברוקלין. און אין די שפעטע אָוונטן, ווען פון זיין סטאָר האָבן פאַסן ליכט זיך געצויגן איבער דער פאַרשלאָ־פענער גאַס, האָט מען געקענט זען, ווי ער שטייט איבערגעבויגן איבער אַ פּאַק פון ברודיגע וועש מיט אַ פּאַפּיראָס אין ווינקל פון מויל און ציילט און סאָרטירט די שטיקער. זיין אויסזען איז דאמאָלסט געווען ווי ער איז אריינגעטאָן ניט אין דער ארבעט, נאָר אין זיך אליין.

לייב מינסקי איז זיין נאָמען געווען. אמאָל, אין דער ווייטער ליטע, האָט ער דורכגעלעבט אַ שטורעמדיגע יוגנט. ער איז גלייך פון דער ישיבה־באַנק אַנגעקומען אין דער פּאַרטיי פון „בונד" און העראָאיש דורכגעפירט די געפערלאכסטע אונטערערדישע ארבעטן פאַר דער רעוואָלוציע. און ער איז אין טורמע געזעסן און אין סיביר געווען. איצט זיינען אים די האָר שטאַרק־גרוי, ווי מיט אַ פרעסטל פאַרצויגן, און די באַקן בלייך און איינגעפאַלן, נאָר אין די אויגן האָט זיך אַ לויטערקייט נאָך געהאַלטן, ווי ער וואָלט נאָך איצט געווען באַהויכט מיט דעם אידעאַל פון זיין יוגנט.

די קאַסטימער פון גאַס האָבן אים גערופן „שלימאזל" און „פי־לאָזאָף". אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג איז ביי אים פאַרפאַלן גע־וואָרן אַ שטיק וועש. דעם האָט ער פאַרביטן אַ מענערשע העמד און אַן אַנדערן האָט געפעלט אַ פאַרהאַנגל צום פּאָר. ווייבער זיינען געקומען אין סטאָר שרייען. ער האָט זיי געענטפערט מיט אַ פאַר־טראַגענעם אויסזען:

— שאַ, וואָס איז דאָ אזוינס? מ׳עט אייך אומקערן דעם היזק.

ער, וואָס האָט אין זיין יוגנט שוין געוואוסט פון העכערע און וויכטיגערע ענינים, האָט זיך ניט געקענט שטעלן אויף קליי־ניגקייטן. זעלטן ווען אַ קאַסטימער האָט אים ארויסגעבראַכט פון

געדולד. סיידן אמאָל א אידענע א קריגערקע, איז אים שוין צו־פיל דערגאנגען די יאָרן. דאמאָלסט האָט ער זיך צעשריען אויף איר, געזאָגט וואָס ער דענקט וועגן איר און אז ער דאַרף איר ניט האָבן פאר א קאָסטאָמער. זיין בלייך פּנים איז דאמאָלסט באַ־לעבט געוואָרן און אין די אויגן האָט דער אמאָליגער, עקשנות־דיגער פייערל פון זיין יוגנט זיך באוויזן. אין גאס איז דאמאָלסט געוואָרן א ליארעם און מענטשן זיינען אָנגעלאָפן ווי אויף א בייז־וואונדער, ביז זיין ווייב האָט זיך דערוואוסט, איז געקומען צולויפן פון זייער דירה, וואָס איז איבער דער סטאָר געווען. זי האָט איינ־געשטילט די שרייענדיגע און געמאכט א טאָלק.

צילי, זיין ווייב, זיין חבר׳טע, האָט אינאיינעם מיט אים געטראָגן דעם יאָך פון זייער אָרעם לעבן, געהאָדעוועט די קינדער און אַרויסגעהאָלפן איר מאן אין סטאָר. אין דער יוגנט איז זי אינאיינעם מיט אים אין דער פּארטיי פון „בונד" געווען און נאָכ־געגאנגען מיט אים לעבן אין סיביר. נאָר צילי איז דאמאָלסט נאָר א „מאָסאָווע" געווען און קיין ערנסטע ארבעט אין דער באווע־גונג האָט מען איר ניט פארטרויט. איצט זיינען ביי איר אין קאָפּ פארבליבן נאָך שטיקלאך געדאנקען וועגן רעוואָלוציע אויסגעמישט אינאיינעם מיט אביסל פארבליבענע פרומקייט. און אז זי כאפּט זיך אמאָל ארויס מיט א „גאָט צו דאנקען", פארשעמט זי זיך באַלד פאר איר אויפגעקלערטן מאן.

אויף צילי׳ס שווארץ־חנ׳עווודיג פּנים ליגט דער שטעמפּל פון אַ שווער דורכגעגאנגענעם לעבן, נאָר איר שמייכל איז שטענדיג א הארציגער און א ווארימער. זי אויך, אזוי ווי איר מאן, שעפּט אירע כחות פון זייער אמאָל. און גאנץ אָפט האָט מען געקענט זען, ווי מאן און ווייב, ער פארטאָן מיט עפּעס ביים קאָונטער, און זי, שטייענדיג ביים פּרעס־ברעט, זינגען ביידע שטילערהייט דאָס ליד פון דער באוועגונג:

„אָ, ליבער, מיר האָבן געשלאָסן אויף לעבן און טויט א פּאר־באנד" . . .

פון פריען פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאכט איז זייער סטאָר אָפן געווען פאר די באַקוועמלאכקייטן פון גאס. אימיצער קומט

אריין איבערלייענען א ציימונג, אן אנדערער קומט באַרגן קליינגעלט. נאָך איינער קומט איבערלאָזן א פּעקל „נאַר אויף א ווײַלע". קינ־דער האָבן ליב צו שפּילן באַל גראַד ביי די פענסטער פון זיין סטאָר. אים וועט דאָס ניט אַרן. ער וועט זיצן ביים קאָונטער פאַרטיפט אין א צייטונג אָדער אין אן ערנסטן בוך. אז א קונה וועט דאָ־מאָלסט צו אים פאַרבלאָנדזשען, וועט ער אים ענטפערן ניט גערן, ווי מען וואָלט אים געשטערט אין זיינע געדאנקען, און ער וועט זען אים אָפּ׳פּטר׳ן אויף גיך.

זייער היים, די צוויי קליינע צימערלאך, וואָס איבער דער סטאָר, איז צונויפגעשטעלט ווי נאַר אויף דערווייַלע. ציליע, זיין ווייב, פירט דאָרט א שטענדיגע מלחמה מיט דער ענגשאפט און אומאָר־דענונג. זי וואָלט וועלן איר הויז זאָל האָבן א פּנים ווי ביי לייטן. זי וויל אויך איר חלק וואָס איר קומט אין לעבן. און אמאָל, שטייענ־דיג מיטן מאַן אין זייער סטאָר, פּרואווט זי פאַרוואַרפן א וואָרט:

— מ׳עט זיך שוין אויך געדאַרפט ארויפאַרבעטן אויף א גרע־סערע דירה. די קינדער וואַקסן אונטער. ס׳איז נישט קיין תכלית אזוי.

ער ענטפערט איר א פאַרטראָגענער, מיטן פּאַפּיראָס אין ווינקל פון מויל:

— ארויפאַרבעטן זיך, האָ?

עס קלינגט צו אים ווי א חוזק. ער, וואָס ער האָט קיינמאָל צוליב געלט ניט פאַרבויגן קיין פּרינציפּ, און ער האָט דורך די אַלע יאָרן אויפגעהאַלטן די ריינקייט פון זיין געוויסן, וועט זיך אין דאָלאַר־לאַנד ניט בייטן. און ער צערעדט זיך דאמאָלסט וועגן דעם, וואָס מען איז גייסטיג ניט שטאַרק גענוג און מען גיט זיך אונטער צו אַלע ווינטן פון דער צייט. ער רעדט מיט א ניגון, און זיין קול קלינגט ווי אמאָל אין דער יוגנט, ווען ער האָט אין א קרייזל גע־לערנט סאָציאַליזם. ציליע, זיין ווייב, פאַרשטייט דעם טיפן זינען פון זיינע רייד. זי שעמט זיך פאַר איר מאַן פאַרוואָס זי האָט זיך ארויסגעוויזן אזוי קליינלאך.

אז א קינד זייערס קומט צו לויפן אין סטאָר פון סקול צע־שיינט זיך ביים טאַטן דאָס פּנים באַזונדערס. ער רעדט צום קינד

ווי צו זיינעם אַ חבר. די קינדער וואקסן ביי די מינסקי׳ס פריי ווי די פויגלען אין פעלד. טאַטע־מאַמע שפּאָרן א סענט צו א סענט, אז דער עלטסטער זון, היימי, זאָל קענען זיך לערנען אין קאלעדזש, אז זייער קינד זאָל געניסן פון דאָס אלץ, וואָס זיי אליין האָט אין דער יוגנט געפעלט. די קינדער וויסן, אז ווען דער טאַטע איז דאָ אין דער היים, דארף מען אָנשטעלן אין ראַדיאָ נאָר סימפאָניעס, און דעם טאַטנ׳ס מעשה׳לאך פון זיין וואַנדערן אין קאלטן סיביר איז פאר זיי נאָך שענער ווי אלע „דעטעקטיוו סטאָריס״.

היימי, דער עלטסטער זון, האָט דרך ארץ פארן טאַטן און פאר די „ביג וואָירדס״, וואָס ער באנוצט. היימי איז הויך און גרויס צעוואַקסן ווי א ריז, און פון זיין זונ׳ס פירונגען, פון זיין ברויזנדיגער יוגנט פילט זיך דער טאטע אביסל ניט באקוועם. ער וואָלט וועלן זיך אמאָל גוט דורכריידן מיט זיין זון ,צו וויסן זיינע געדאנקען און אויף וויפיל ער איז געלערנט. נאָר אז ער הויבט אָן מיט אים ריידן קריגט ער באלד ספקות וועגן זונ׳ס גייסטיגן „באַגאַזש״.

— אַי נאָו עוועריטהינג, פּאַ. עסק מי קוועסטשאָנס, — באַ־רימט זיך היימי. נאָר דער טאַטע שאָקלט מיטן קאָפּ אומעטיגלאך, און ער באדויערט אין הארצן זיין זון, וואָס ער איז געבאָרן געוואָרן אין אזא לאנד, וואו נאָר וואָכעדיגע אינטערעסן האָבן די אויבער־האנט איבערן מענטשן.

גוט איז לייב מינסקי׳ן ווען אמאָל, אין אָן אָוונט קומען זיך אויף צו אים אין סטאָר זיינע אלטע פריינט פון אמאָליגן היימישן שטעטל. יאָשע דער אנארכיסט, אָסטראָווסקי, דער געוועזענער „עס־ער״ און משה׳ל פון די פּועלי־ציון. אמאָל זיינען זיי אלע גע־ווען מענטשן פון פיינטלאכע לאגערן, און מינסקי איז דעמאָלט אויף דער שטעטלשער „בירזשע״ געשטאנען מיט זיי אין קריג. איצט איז די שארפקייט פון קריג שוין אָפּגעטעמפּט געוואָרן. יאָשע, דער אנארכיסט, איז איצט אין אלץ אן אנטוישטער, און ער איז שטארק אָפּגעלאָזן ביי זיך, און זיין פּנים איז פארוואָקסן, ווי ער וואָלט זיך קיינמאָל ניט געשאָרן. אָסטראָווסקי פון די „עס־ער״ האָט דאָ אין לאנד פארנומען זיך גאָר צו מאכן געלט. ער האָט

געקראָגן אַ זעלבסטצופרידענעם שמייכל, און די ציין זיינען ביי אים אַלע גאָלדענע, און משה'ל דער פּועלי־ציון איז גאָר געבליבן הענגען אין דער לופטן, און אָט איז ער אַן אייגנטימער פון אַ סטאָר און אָט איז ער גאָר אַן ארבעטער אין אַ שאָפּ.

אַז זיי קומען זיך אַלע צונויף צו מינסקי'ן אין סטאָר, לעבט אויף דאָס ווייטע, היימישע לעבן, וואָס איז שוין לאַנג דורך מלחמה צעשטערט און פאַרוויסט. נאָר אַ בענקשאַפט איז ביי יעדערן געבליבן טיף אין האַרצן פאַרשטיקט. דער אַמאָליגער גלויבן אין אַ בעסערער וועלט איז שוין אָפּגעריבן געוואָרן ביי זיי. אָנשטאָט דעם זיינען די רייד דורכגעזאַפּט מיט ביטערקייט און צווייפל. נאָר איין מינסקי ווייס ניט פון קיין צווייפל, און ער זעט קלאָר דעם גאַנג פון דער געשיכטע, ווי אַלץ פירט נאָר צו איין זאַך, צו אַ גערעכטער וועלט. ער איז פאַרבליבן אַ גלויביגער.

זיינע חברים האָבן ליב אויף אים זיך צו פאַררופן און אַז זיי שפּאַרן זיך וועגן עפּעס אַ טיפן ענין, זאָגן זיי:

— שאַ, מירן פרעגן ביי מינסקי'ן.

און מינסקי קען אויסטייטשן אַ שטיקעלע מאַרקס'ן מיט דער זעלבע אמונה ווי אַמאָל. אין זיינע אויגן באַווייזט זיך דאַמאָלסט אַ פאַנאַטיש פייערל. ער האָט הנאה פון ריידן, און די קנייטשן אין זיין בלייך פּנים לעבן אויף. זיינע חברים צעוואַרימען זיך אויך. מען זיצט אין סטאָר צווישן די בערגלאַך וועש און אויפן קאָונטער. מען רויכערט, מען שפּאַרט זיך און מען מאַכט מיט די הענט.

צילליע, די ווייב מינסקי'ס, שטייט דערביי מיט די הענט פאַרלייגט אויפן האַרצן. פון אַלע שטימעס קלייבט זי נאָר אויס איר מאַנ'ס קול און זי שמייכלט איר חנ'עוודיג שמייכל, און אַז אַ קאַסטאָמער קומט דאַמאָלסט אַריין מיט אַ פּעקל ברודיגע וועש שטייט ער, דער קאַסטאָמער, אָן אַ זייט און קוקט און הערט און פילט זיך ווי אַ שולדיגער.

# איידע און דזשעק

איר נאָמען איז געווען איידע, און זיין נאָמען דזשעיק. און באַגעגנט האָבן זיי זיך אין א זומער־קעמפּ אין די בערג, אויף א „וויק־ענד". אין קעמפּ האָבן דאַמאָלט דורכגעוואָרפן זיך אַלערליי סאָרטן מענטשן, וואָס זיינען איינע צו די אנדערע גאָר פרעמד געווען, האָט זיך אזוי געדאַרפט מאכן, אז מען זאָל זייביידן, איי־דע'ן און דזשעיק'ן צונויפפאָרן מיטאָג־עסן ביי איין טישל. אין אָנהויב האָט איידע אויף אים א קוק געגעבן און באַלד אוועקגענומען צוריק אירע אויגן. זיין פּנים איז געווען טרוקן און פאַרברענט, ווי אויסגעשטעלט שטענדיג צום ווינט און דער זון. דער שפּיץ קאָפּ, הויל און גלאַנציג, איז ווי א שפּיגעלע געווען איינגעפּאַסט אין ברוין־געלבלאכע האָר, און די פּיס פון אונטער די קורצע הויז־לאַך, האָריגע און אויסגעבויגענע.

„ניט קיין וויכטיגע פּערזאָן", האָט איידע ביי זיך א טראַכט געטאָן. נאָר אין דעם גאַנג פון עסן האָט זי געמוזט בייטן איר מיינונג. געווען איז דאָס אזוי: איידע האָט געהאט אין זיך ווע־געטאַרישע נייגונגען, און א העלפט פון די דערלאַנגטע מאכלים ביים טיש האָט זי פאַרבראַקירט. זי האָט געקוקט אויף די געסט ווי זיי פּאַסמאַקעווען זיך מיט די פעטע פליישיגע עסנס, און זי האָט איראָניש געשמייכלט. און דאַמאָלט האָט זיך איר בליק באַ־געגנט מיט דזשעיק'ס בליק. ער האָט פריינטלאַך צוגעשמייכלט צו איר, ווי צו אן אייגענעם מענטשן. עס איז געווען קלאָר, אז אין דעם ענין פון עסן שטימט ער מיט איר איין. זיי האָבן זיך ווי פאַרשטאַנען אָן רייד. שפּעטער האָבן זיי זיך שוין דורכגעוואָרפן מיט א פּאָר ווערטער, און צוריק פון עסן זיינען זיי שוין געגאַנגען אינאיינעם ווי צוויי פריינט. רעדנדיג אזוי, האָבן זיי באַרירט אַ פּאָר וועגעטאַרישע פראַגן, אין וועלכע דזשעיק איז געווען א גרוי־סער אויטאָריטעט. איידע איז געוואָרן אויסערסט באַלעבט, און

זי האָט געזאָגט: „ס'איז מאָדנע ווי אומגעריכט מיר האָבן זיך דערקענט".

און דזשעיק האָט געענטפערט, אז „אַלע גרויסע זאכן פאסירן אומגעריכט".

ביידע האָבן באלד אוועקגעשפאצירט צום וואלד. איידע האָט געשפאנט מיט געמאָסטענע טריט, דעם קאָפּ אויפגעהויבן צו דער זון. אירע טרוקענע גלידער מיט דער לאַנגער טאליע, די דינע אָרעמס און דער שפיציגער קין, אלץ האָט זיך געצויגן ארויף צו דער זון. דזשעיק האָט געקוקט אויף איר פון דער זייט מיט זיין שארף, מבינ'יש אויג. ער איז געווען פון איר אנטציקט. „מען זעט גלייך, אז איר האָט דורכגעמאכט א גוטע שולע פון פיזישע איבונגען", האָט ער געזאָגט, און איידע האָט צופרידן געשמייכלט וואָס מען שאַצט איר אָפּ.

ענדלאך קלייבן זיי זיך אויס אן אלטן, שאָטנדיגן בוים און זעצן זיך איין באקוועם. און דאָ צערעדט זיך דזשעיק וועגן אלע וואונדערלאכע וועגעטארישע עסנס.

אזוי זיצן זיי לאַנג און פארברענגען, און אין יעדן פונקט שטימען זיי איין. נאָר אין איין זאך האָבן זיי איינשטימען ניט געקענט און עס האָט שיעור ניט געבראכט צו א ריס אין זייער פריינטשאַפט. עס איז ארויפגעשוואומען די פראגע וועגן נוצן שפייז רויע אָדער געקאָכטע. דזשעיק האָט דערוויזן, אז אין דעם זינען האָבן מענטשן א סך איבערטריבן, און אין א סך פאלן האָט רויע שפייז געטאָן אפילו שאָדן. נאָר איידע איז באשטאנען דורכ־אויס אויף נוצן וואָס מער רויע שפייזן. זי האָט רעדנדיג זיך צע־קאָכט, און איר שטימע האָט געקלונגען גרילצנדיג און בייז.

— וואָס איז דער מער מיט אייך, איידע? — האָט איר דזשעיק דערמאָנט, — איר קענט גאָר ניט דעבאָטירן רואיג?

האָט זיך איידע פארשעמט און איז אנטשוויגן געוואָרן, כאָטש אין הארצן האָט זי געפילט, אז גערעכט איז זי און ניט דזשעיק.

דערווייל זיינען שעה'ן געלאָפן, און א מילדער פאַרנאַכט האָט זיך אראָפּגעלאָזן איבער די בערג מיט א וואונדערלאכן שפיל פון ליכט און שאָטנס.

— לאָמיר אָנקוקן דעם זון־אונטערגאַנג, — האָט איידע גע־זאָגט שוין מיט א ווייכן קול, אין גאנצן א באַרואיגטע.

דזשעיק האָט געמיטלאַך זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז. ער איז געווען זייער גערירט פון גאנצן גוטן טאָג, און ער האָט אויס־געצויגן זיין האנט און געפּרואווט א נעם טאָן איידע'ס דינעם אָרעם. זי אָבער האָט מיט יונג מיידלשער באַוועגונג אַרויסגעכאַפּט איר האנט צוריק, און נאָר א לאַך געטאָן. דזשעיק האָט א קוק געטאָן אויף זיין האנט־זייגערל, געגעבן זיך א הויב־אויף: „ס'איז שוין שפּעט, באַלד וועט מען שוין רופן אונז צום סאַפּער". און זיי זיינען ביידע אַוועק צוריק צום הויז.

נאָך סאַפּער זיינען זיי אַוועק צום קאַסינאָ. געקוקט א ווײַלע אויף די טאַנצנדיגע פּאָרלאַך, און זיי האָבן באַשלאָסן בעסער צו פאַרבלייבן אויף דער פרייער לופט, אַרויסלאָזן זיך אויף א גרויסן שפּאַציר. די נאַכט איז גראָד געווען א ליכטיגע. ביידע זיינען געווען גוטע האַיקערס, און איידע'ן איז איינגעפאַלן, זיי זאָלן מאָרגן בייטאָג אונטערנעמען א האַיק אין די בערג. נאָר דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דזשעיק מוז מאָרגן באַלד נאָך פרישטיק, שוין פאָרן צוריק אין שטאָט. פאַר איידע'ן איז דאָס געווען א גרויסער קלאַפּ:

— אזוי גיך מוזט איר שוין פאָרן? — האָט זי א צעטראָגענע אים געפרעגט.

און דזשעיק האָט איר געטרייסט, אז זיי האָבן נאָך מאָרגן א גאנצן האַלבן טאָג.

איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן זיי, אז מאָרגן באַגינען זאָלן זיי זיך טרעפן אויף א באַשטימטן פּלאַץ, און צוזאַמען דורכפירן די טעגלאַכע פיזישע איבונגען אויף דער פרייער לופט. גוט. האָט דזשעיק צוגעפירט איידע'ן ביז צו דער טיר פון איר קאַטעדזש, וואו איר צימער איז געווען, און דאָ, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, האָט דזשעיק איידע'ן געוואַלט אַרומנעמען, א קוש טאָן אפשר, נאָר איידע האָט אים א קוק געגעבן גלייך אין די אויגן, און דער קוק האָט געמיינט, אז זי וויל ניט ער זאָל זיין ווי אַלע געוויינלאַכע באָיעס. זי וויל, אז ער זאָל זיך שטעלן העכער איבער זיינע גע־

פילן. האָט דזשעיק קאַלטלאַך זיך אָפּגערוקט פון איר: „אַז נײן, איז נײן".

— איז פאַרגעסט ניט מאָרגן אינדערפרי, זעקס דעם זײגער!

— האָט זי אים נאָכגעשריען, װען דזשעיק האָט א שװײגנדיגער זיך פון איר דערװײטערט.

און אײדע, שױן בײ זיך אין צימער, איז געװען שטאַרק אױפ־געװעט פון גאַנצן געשעענעם טאָג. נאָר זי האָט באַלד צונױפ־גענומען אירע געדאַנקען, און זי האָט דערזען, אַז זי האָט איצט געמאַכט א גרױסן פעלער װאָס זי איז מיט דזשעיק'ן געװען אַזױ שטרענג און אים אָפּגעשטױסן פון זיך. „זײ זיך מודה", האָט זי צו זיך אַפּן גערעדט, „ער געפעלט דאָך דיר, איז צו װאָס אַזױ האַנד־לען?"

און לאַנג איז זי נאָך געלעגן אין בעט און ניט געקענט אײנ־שלאָפן. די מענער זײַנען אַזױ אַנדערש . . . װיפיל זי האָט זײ ניט שטודירט, זײַנען זײ נאָך אַלץ א פּראָבלעם. עס פאַרדריסט איר אױף זיך אַלײן. זי װעט מאָרגן, אין א געשפּרעך, געבן אים אָנצוהערן, אַז ער געפעלט איר. זי דערמאָנט זיך װי א סך פראַגן האָבן זײ נאָך ניט באַרירט. עס איז אינטערעסאַנט זײַן מײנונג װעגן ליבע, װעגן פאַרהײראַטן לעבן. נאָר זײַנע רײד װעגן די געקאָכטע שפּײַזן זײַנען קאָמיש, אין דעם פּונקט קען זי מיט אים ניט אײַנשטימען. און איצט מוז זי אַרײַנבעמען א ביסל שלאָף. זי האָט ליב, אַז װען זי רעדט אָפּ צו קומען, זאָל זי זײַן פּינקטלאַך אין צײַט.

אױף מאָרגן, באַלד פאַרטאָג, איז אײדע געלאָפן איבערן פײַכטן גראָז צום אָפּגערעדטן אָרט. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי האָט פאַרשפּעטיגט. נאָר דזשעיק איז אױך איצט אָנגעקומען א פאַר־סאָפּעטער, און קוקנדיג אױף זײַן האַנט־זײגערל האָט ער זיך אָפּגע־רופן:

— אינגאַנצן זײַנען מיר א זיבן מינוט שפּעט.

אײדע האָט זיך דערמאָנט װאָס זי װיל מיט אים רעדן, אַז אפשר קען ער נאָך בלײַבן זײַן באַשלוס, אָפּשטעלן זיך אױף נאָך א טאָג. זײ האָבן דאָך נאָך אַזױ פיל צו רײדן. נאָר אַז זי האָט דער־

זען זיין ערנסט פּנים איצט, האָט איר א נאָג געטאָן ביים הארצן, און זי האָט צוגעשוויגן.

— נו, מיר קענען אָנהויבן איצט! — האָט דזשעיק געטאָן א וואָרף אַראָפּ פון זיך דעם כאַלאַט און געבליבן שטיין מיט די האָריגע, אויסגעבייגענע פיס פון אונטער די קורצע הויזלאַך. און באַלד האָבן זיך ביידע א שטעל געטאָן, שטייף אָנגעצויגן, און ערנסט אָנגעהויבן זייערע פיזישע איבונגען, ווי די זעלנער אין פּאַראַד:

— איינס, צוויי, דריי; איינס, צוויי, דריי.

דאָס גלעקל האָט זיך צעקלונגען און גערופן אלע געסט אין עס־צימער. דזשעיק האָט א קוק געגעבן אויף זיין זייגערל: „מיר וועלן אָנקומען פונקט אין צייט", האָט ער א זאָג געטאָן. און באַלעבטע פון די איבונגען און צופרידענע האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צום עס־זאַל, ווי מענטשן וואָס האָבן דערפילט זייער פליכט.

# א ברוגז

אין דער פרי, אַז ער איז אויפגעשטאַנען און זיך געגרייט גיין צו זיין אַרבעט אין אָפיס, האָט אַ מאָדנע שטילקייט געפילט זיך איבערן הויז. פון די גרויסע צימערן מיט דער עלעגאַנטער אויס־שטאַטונג האָט אויף אים געווייעט מיט פרעמדקייט און קעלט. ער האָט געוואוסט, אַז נאָך דעם איבעררייד, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין ווייב נעכטן ביינאַכט, וועט זיך צעוואַקסן אַ ברוגז. טעג און וואָכן גאַנצע וועלן זיך ציען און זי וועט נישטריידן. ביז ער אַליין וועט נישט מאַכן דעם ערשטן טראָט צום שלום.

זי, די ווייב זיינע, האָט דעם ברוגז אָנגעהויבן. איצט ליגט זי אין איר בעט, דער שלאַנקער געצערטלטער קערפּער איינגע־וויקלט אין אַ דינעם צודעק. זי וועט זיך געוויס מאַכן שלאָפנדיק, אַז זי זאָל ניט דאַרפן ענטפערן אים אויף זיין „גוד־באַי״.

„האָב איך אַ זאָרג, זאָל זי זיין ברוגז״, גיט ער פאַרדריסלאַך אַ טראַכט, שפּרייזנדיק מיט גרויסע טריט צום סאָבוועי. „וואָס פעלט איר ביי מיר?״ — וואונדערט ער זיך. איר נאַטור צו ווערן ברוגז פאַר יעדער קלייניקייט און אויפהערן ריידן, דאָס איז אים שווער צו פאַרשטיין. זי מיינט אודאי, אַז אים אַרט ניט פאַר איר, און אַז ער האָט איר ניט ליב. ניט געדאַרפט אפשר פרעגן קיין רעכע־נונג פונם געלט, וואָס זי גיט אויס. אָבער אַזוי זיך וואַרפן מיט געלט? ער קען דאָס ניט צוזען. ער אַרבעט שווער, דעם גאַנצן לעבן זיינעם און ער ווייס דעם ווערט פון אַ דאָלער.

אין די יונגע יאָרן איז ער געווען דער פלינקסטער באַלמעלאָכע אין זיין פאַך. די באַלעבאַטים האָבן זיך פאַר אים געריסן, און ביי דער אַרבעט האָט ער אָנגעשטעקט אַלעמען מיט זיין אימפּעט. איצט איז ער אַליין דער באַלעבאָס פון אַ גרויסן שאַפּ און אין אָפיס זיצן מענטשן און פירן די ביכער. אין מאַרקעט, צווישן זיי־נע קאָנקורענטן, איז ער אַ וויכטיגע פיגור און ער קען מיטן חוש

נאָר דערפילן דעם אָנקום פון א גוטן סעזאָן. זיין ענערגיע און אימפעט איז נישט געמינערט. ער איז אליין דער פירער פון זיין שאפ און זיינע מענטשן הערן זיך צו צו זיין וואָרט.

אָבער צופרידן איז ער ניט. און אָפטמאָל, אז קיינער איז אין אָפיס ניטאָ, זיצט ער א פארקלערטער, מיטביידע הענט דעם קאָפ אָנגעשפארט; זיין געמיט איז אים שווער און ער פרעגט ביי זיך אליין: דו האָסט אויסגעפירט דיינס. דו ביסט א מענטש פאר זיך אליין אין ביזנעס, די שענסטע פרוי וואָס דו האָסט ווען געזען — איז דיין ווייב, איז וואָס ווילסטו איצט?

אז זיין ווייב קומט אַמאָל צו גיין פארשיינט זי דעם פלאץ. אַן עלעגאנטע, א שלאַנקע, מיט א העל־דורכזיכטיג פנים, א ליידי. אז ער זעט ווי די מענטשן אין אָפיס באוואונדערן איר, קוקן איר נאָך, ווערט זי אים נאָך טייערער. ער וואָלט וועלן, זי זאָל זיך אמאָל פארנאנדערפרעגן וועגן זיינע ביזנעס. ער וואָלט איר אלץ דערקלערט — ווי אזוי ער פירט זיין געשעפט, ווי אזוי עס ארבעט. זאָל זי זיך פרייען מיט זיין דערפאָלג. עס איז דאָך אלץ פאר איר...

פון זיין פריסטער יוגנט נאָך האָט ער איר געקענט. אמאָל, אין דעם היימישן שטעטל. אין די זומערדיגע פארנאכטן, ווען די יוגנטוואַרג איז ארויס אונטערן שטאָט שפאצירן, דאָרט וואו דער שאָסיי איז געלאָפן צווישן גרינע וועלדער, האָט ער איר געזען. פון אלע אירע חבר׳טעס איז זי די שענסטע געווען. א דינע, אַן איידעלע, מיט ליכטיג־בלאָנדע האָר און אויגן בלויע, פארצויגענע מיט טוי. די בחורים האָבן שפאצירט באזונדער און די מיידלאך באזונדער. און ער, א לוסטיגער, א געוואגטער, האָט נאָר געקענט זיך דורכווארפן מיט א פאָר ווערטער צו איר. זיין הארץ איז אויסגעגאנגען נאָך איר, נאָר ער האָט אפילו ניט גע׳חלום׳ט אז זי זאָל אים וועלן. זי האָט געשטאמט פון א רייכער, יחוס׳דיגער היים און ער איז נאָר געווען א פראָסטער באַלמעלאָכע, א שניידער. דערנאָך איז ער אין אמעריקע אוועק און זי איז פארבליבן אין שטעטל.

ערשט, אז אירע עלטערן זיינען דאָרט פאַראָרעמט געוואָרן און קיין חתן האָט זיך ניט געמאכט, האָט איר טאטע אליין, דער

יחסן, צו אים א בריוו געשריבן וועגן אריבערנעמען איר אהער אין לאנד, און, אז אויב ער וועל, קען דאָס זיין א שידוך.

ער האָט נאָך דאמאָלסט קיין אנדערע פרויען ניט געקענט. ער האָט זיי אויך ניט שטארק געזוכט. אפשר האָט ער שטיל אין הארצן ביי זיך געהאָפט, אז זי וועט נאָך אמאָל צו אים קומען . . .

איר אויסזען, אז זי איז אראָפּגעקומען קיין אמעריקע, האָט אים נאָך מער גערירט ווי אין דער היים. זי איז געווען אזא אויס־געבלייכטע, א צארטע. און ער אזא קרעפטיגער, א שטארקער. ער וועט איר אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אויף די הענט וועט ער איר טראָגן.

יאָרן זיינען אוועק. איצט האָט ער א שיינע, איינגעפונדעוועטע היים, א זון, וואָס גייט אין קאָלעדזש. זיין ווייב איז אלץ אזא איידעלע, א געהויבענע. זי רעדט שטענדיג מיט א שטילן טאָן און זי פירט זיך אריסטאָקראטיש. ער גרויסט זיך מיט איר און קוקט צו איר ארויף.

אלץ וואָלט געווען גוט, ווען נישט אירע מאָדנע שטימונגען, וואָס בייטן זיך פון גוט צו שלעכט און פארקערט. עס טרעפט, אז ווען ער קומט פון אָפּיס אהיים, זעט ער זי ליגט אויפן אָטאָמאנע איינגעוויקלט אין איר געבלומטן שאַל. אירע אויגן, גרויסע, אר־מעטיגע, קוקן ערגעץ אין דער וועלט אריין. זי זעט דאמאָלט אויס ווי א פויגל מיט געבונדענע פליגלען. „וואָס איז מיט איר דער מער?“, ווערט ער פארציטערט. אז ער נעמט איר פרעגן, שווייגט זי. ער האָט ליב, אז מען רעדט ארויס אלצדינג אָפן — נישט טראָגן אויפן הארצן. אים דוכט זיך אלעמאָל אז עפּעס ניט דערזאָגטס ליגט אין איר גאנצן האלטן זיך. אז עס דערגייט אים שוין גוט צום הארצן, ווערט ער אין כעס. „האָב איך א זאָרג, זאָל זי שווייגן“ — גיט ער א זאָג צו זיך אליין.

א סך מאָל טראכט ער, אז עס איז נאָר זיין שולד. ער איז טאקע איר ניט ווערט. זיינע מאניערן זיינען נאָך גוט פארגרעבט. ביז היינטיגן טאָג האָט ער נאָך ניט אויסגעלערנט זיך ווי צו האלטן זיך ביים טיש. און אז געסט קומען, האַלט ער אין איין ריידן פון זיינע אייגענע דערפאָלגן אין ביזנעס. אויף דער מינוט פילט ער

ניט ווי דאָס איז קעגן טאַקט. ער כאַפּט זיך באַלד, אַז ער האָט גע־טאָן שלעכט, נאָר עס איז שוין פאַרפאַלן. זיין ווייב קוקט שוין נישט אין זיין זייט. און די שווייגעניש הויבט זיך אָן.

אַז זי איז נישט ברוגז איז זי אַזוי ליב. איר שמייכל איז פול מיט חן. און אָנגעטאָן איז זי שיין און מיט געשמאַק און אַלעמאָל איז זי פאַר אים אַן אַנדערע. ער קען נאָך איצט אויך אַ צי טאָן איר צו זיך מיט זיינע שטאַרקע הענט, און גלעטן און קושן איר. ער איזליידנשאַפטלאַך און שעמעוודיג, כאָטש זיין קערפּער איז שוין שווער מיט יאָרן און די געדיכטע קוטשמע האָר איז שוין מער ווי אַ העלפט גרוי.

ער וואָלט וועלן פאַרקוקן אַ סך זאַכן. אַ שטייגער פאַרנאַכט צו סאַפּער. די דינסט דרייט זיך אַרום טיש אין איר ווייסער יו־ניפאָרם, מיט אַ פּנים איינגעצויגן שטייף און אומפּערזענלאַך. ניטאָ די היימישקייט פון אָפּקאָכן אַליין אַן עסן און דערלאַנגען עס צום טיש, ווי אַמאָל זיין מאַמע האָט עס געטאָן. דער זון זיינער איז צעלאָזן, צעבאַלעוועט, די מאַמע קוקט אים אין די אויגן, גרייט נאָכ־צוגעבן זיין יעדן פאַרלאַנג. ער טראַכט זיך: „אַ פּרינץ האָדעווע איך! אים קומט אַלץ. ביי אים אין שאַפּ הערט מען זיך צו צו זיין וואָרט. און דאָ, ביי אים אין הויז האָט ער קיין דעה ניט, ניט ביי זיין זון און ניט ביי זיי ווייב. דאָס פּאַדדריסט אים. און עס טרעפט טאַקע אַמאָל, אַז ער כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ גראָב וואָרט וועגן דעם „אָפּגעפּיינטן" טאַטן איר:

— יחוס? — טוט ער זיך אַ בייזער.

— ווער דאַרף האָבן יחוס? עס איז אַמעריקע און אַלע זיינען דאָ גלייך . . .

ער זעט דאַמאָלסט ווי די ווייב הויבט זיך אויף פון טיש, אַ שטאָלצע, מיט פאַרשלאָסענע ליפּן. איינגעוויקלט אין איר שאַל שטעלט זי זיך ביים פענסטער און קוקט אַרויס צום גאַס. און ער איז שוין פול מיט חרטה. ער האָט דאָך ניט געוואָלט טאָן איר קיין שלעכטס. עס איז אים שווער צו זען, אַז זי זאָל פון אים ליידן. ער קען איר אָבער גאָרניט זאָגן. ער געפינט ניט די ריכטיגע רייד אין דער מינוט. די שטילקייט, וואָס שפרייט זיך אין צימער

גליוורט זיינע בלוטן. אין אזא אָוונט איז ער זייער עלנט. ער מוז אוועק פון שטוב. ער גיט א טו אָן דעם מאנטל און לאָזט זיך גיין איבער די גאסן אָן א זינען און אָן א טאָלק.

אמאָל פארבלאָנדזשעט ער אין א דערבייאיגער מואווי. ער זיצט אין טעאטער א פאַרטראָגענער און ער קוקט אויפן לייוונט. דאָרט שפילן זיך אָפּ טשיקאווע זאכן, וואונדערליכע זאכן. און אז ער קוקט זיך איין דוכט זיך אים גאָר, אז ער זעט דעם וויטן שטעטלדיגן שאָסיי זיך ציען צווישן גרינע וועלדער. ער הערט דאָס פרייליכע רוישן פון די בחורים און מיידלאך אויף זייער שפאציר. צווישן די אלע מיידלאך איז נאָר איינע פאראן, וואָס אלע בחורים ציען זיך צו איר. א בלוי־אויגיגע איז זי. א דינע, אן איידעלע...

„אפשר האָט זי דאָרט אין דער היים געהאט א געליבטן, צי וואָס?“ — גיט אים מיטאמאָל א זעץ אין קאָפּ. ער רייסט זיך אָפּ פון אָרט און ער פילט, אז אין זיין מוח איז ביי אים איצט אלץ איבערגעמישט.

ער גייט ארויס פון דער מואווי, ער שפאנט איבער די גאסן מיט גרויסע טריט.

„וועמען אַרט עס?“ — פרואווט ער זיך אליין בארואיגן, ווען ער איז שוין אויפן וועג צו זיך אהיים.

# ער וואַרט אויף אַ בריוו

ער וואוינט מיט זיין עלטערער טאָכטער אין א באזונדער צימערל, וואָס איז פאר אים אָפּגעטיילט געוואָרן אין דעם גרויסן הויז. די טאָכטער זיינע, מיסעס שאָר איז שוין א מיטל־יאָריגע פרוי, אַ מאַמע פון פינף קינדער, און דעם גאַנצן טאָג איז זי פאַר־טאָן און פאַרהאַוועט מיט איר ארבעט אין הויז.

ער איז שוין זייער אַלט, דער זיידע, און שטארק אָפּגעשוואכט, שוין א סך יאָרן ווי ער קאָן ניט גיין אין שול דאווענען. די פיס דינען אים שוין ניט און די מערסטע גלידער פון זיין גוף זיינען ווי געליימט. ער זיצט אין בעט און קוקט אריין אין א ספר, ער זאָגט די ווערטער מערער שוין אויף אויסווייניג און ער ברומט אונטער שטיל עפּעס אַן אַלטן ניגון, אָדער ער ליגט אָנגעשפּארט אָן קישן און דרעמלט איין. ער טראָגט א יארמולקע אויפן סיווען קאָפּ. די צעוואקסענע ברעמען הענגען איבער זיינע אויגן ווי צוויי פאר־שנייטע דעכלאַך. און זיין בלייך, געלבלאך פנים זעט אויס דאַ־מאָלסט רואיג, ווי פארגליווערט.

ארום אים, איבערן גאַנצן הויז גייט אָן דאָס לעבן פון דער גרויסער משפּחה. יונגע, אימפּעטיגע טריט יאָגן זיך ארום איבער אלע צימערן. די קינדער, באַיעס און מיידלאַך, ריידן הויך אויפן קול, רוישן, לאכן. צו דעם זיידן דערטראָגן זיך די אלע קלאנגען נאָר נעפּלדיג. ווי א ווייטע עכאָ פון אַן אָפּגעפרעמדט לעבן, ניט זיינעם. נאָר אז ער דערהערט א שטארקן קלונג ביי דער טיר, גיט ער זיך א כאַפּ אויף און אלע חושים ווערן ביי אים מיט אמאָל וואַד, ווייל ער וואַרט אויף א בריוול, דער זיידע. אויף א גרוס פון זיין איינציגן זון. ער האָט א זון, וואָס איז צוליב דער מלחמה פארבליבן דאָרט, אויף יענער זייט ים. משה׳לע איז זיין נאָמען. און דער זיידע טרייסט זיך און ער האָפט, אז ווען ער וועט שטאַר־בן, וועט דער זון זיינער געדענקען קדיש זאָגן נאָך אים. שוין

לאַנג אַז ער האָט פון זיין זון קיין גרוס ניט געקראָגן. קיין בריוול ניט. ליגט ער און וואכט, מיט זיין געהער אָנגעשטרענגט צו יעדן קלונג פון טיר.

דעם זיידנס צימער איז קליין און אָפּגעזונדערט מיט די פענס־טער צוגעמאכט, אַז קיין צוג זאָל אויף אים ניט א ווייע טאָן. ביים בעט שטייט א טישל מיט ספרים. דאָס איז די וועלט אין וועל־כער דער זיידע לעבט איצט. אַז זיין טאָכטער, מיסעס שאָר, ברענגט אים אריין דאָס עסן, האָט זי זעלטן ווען צייט צו אוועקזעצן זיך און אַ שמועס טאָן מיטן טאטן. מיסעס שאָר איז א פארטראָגענע און אַן אומרואיגע פרוי און שטענדיג איילט זי זיך ערגעץ. איר מאַן איז פארנומען אין זייגע ביזנעס און ווייניג וואָס מען זעט אים אין דער היים. מוז זי אליין אויף זיך טראָגן דעם יאָך פון הויז און פון די קינדער. אין הויז האָט מען שוין צום אַלטן זיידן זיך צוגעוואוינט און גאנץ אָפּט שוין אָן אים פארגעסן. אימיצער פון די קינדער גיט אמאָל א גיי אריין צום זיידן אין צימער, בייגעריג צו וויסן: — האַ איז די אַלד מען? — דער זיידע שמייכלט צו זיי מיט גוטמוטיגע אַלטע אויגן, נאָר קיינער פון די אייניקלאך איז אים ניט אזוי ליב ווי דער אינגסטער, דזשעקי, א אינגל פון א יאָר צוועלף. דעם זיידן דוכט זיך, אַז יאַנקעלע (דזשעקי) איז אין זיין זון געראָטן, אין משה׳לען. דערזעלבער הויכער שטערן און די גרויסע טיפע אויגן. דער זיידע וואָלט וועלן אָט דעם אייניקל זיינעם וואָס לענגער לעבן זיך פארהאלטן. א שמועס טאָן מיט אים, גלעטן אים איבער דעם שווארצן, געקרייזלטן קעפל.

מיסעס שאָר, אַז זי דערזעט דזשעיקי׳ן ביים זיידנס בעט, וויל זי דאָס ניט פארליידן. דאָס קינד זעט אויס צו בלייך. זאָל ער בע־סער גיין אין גאַס, שפילן זיך אויפן זון. נאָר דער זיידע קען זיין איינגעשפארט:

— גיי, גיי, טאָכטער, געזונטערהייט, — מאכט ער איר אוועק מיט זיין ביינערדיגער האנט און צו דזשעיקי׳ן שמייכלט ער מיט אַ פריילאך אויג, ווי ער וואָלט אים זאָגן: „האָב קיין מורא ניט. קענסט פארבלייבן דאָ אַז דו ווילסט". און מיטן חוש דערפילט שוין דזשעיקי, אַז דער זיידע איז זיין פריינט. ער זיצט ביים זיידן

אויפן בעט און דער זיידע, א צופרידענער, נעמט זיך באלד דער־ציילן אלערליי מעשות, אויסגעשפּונענע און פאַרבליבענע אין זכרון פון זיין לאַנגן לעבן. מעשות פון חומש וועגן גרויסע, שטאַרקע אידן און זייערע העלדישקייטן. און דזשעיקי מיט זיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע זאַפּט דאָס אַלץ אין זיך אריין. דער זיידע אליין איז דאַמאָלסט זייער באַלעבט און זיינע אויגן שיינען.

אזוי אויך ווערט דער זיידע באַלעבט אמאָל אין אַן אָוונט. ס׳קומט זיין אלטער פריינט און לאַנדסמאַן, קלמן, דער שמש פון שול, א איד מיט א קליינעם און דאַרן גוף און א פּנים ווייס, ווי איבער־געשראָקן פון עפּעס. דער זיידע גיט זיך א זעץ אויף אין בעט: — א גוטן אָוונט דיר קלמן! — זיי שמועסן א ווײַלע און דער זיידע בייגט זיך באלד איין צום טישל און נעמט ארויס פון שופלאַד שרייב־געצייג. ער וויל קלמן זאָל אים ארויסהעלפן א בריוול שרייבן צו משה׳לען, זיין זון, ווייל זיינע אייגענע אויגן דינען אים שוין ניט אזוי גוט. קלמן טונקט די פּען אינם טינט און דער זיידע דיקטירט: — „און שרייב אים ער זאָל גאָרניט זאָרגן. מיר איז דאָ גוט און מיר פעלט חלילה ניט קיין זאַך״ . . . נאָר איין בקשה האָט דער זיידע צום זון, א פאַרזאָג: ער זאָל פאַרבלייבן א גוטער איד און ער זאָל געדענקען קדיש זאָגן נאָכן אלטן טאַטן.

אז דאָס בריוול איז אָנגעשריבן, נעמט זיך דער זיידע אויסרע־כענען דעם מאַרשרוט וואָס דער בריוול דאַרף דורכמאַכן. ער ציילט אויף די פינגער, וויפיל צייט עס נעמט ביז עס קומט צום שיף, דער־נאָך דער וועג איבערן ים, דערנאָך דאָס דערגרייכן צום וויטן היימישן שטעטל. דער זיידע ווערט מיטאמאָל שטאַרק אומרואיג: שוין לאַנג געדאַרפט זיין אן ענטפער אויפן פריערדיגן בריוו. „וואָס האָט געקענט פּאַסירן, אז זיין בריוול זאָל זיך פאַרהאַלטן?״

— וואָס שווייגסטו, קלמן? — גיט דער זיידע פּלוצלונג א פרעג. אין זיינע אויגן געווענדט צו זיין פריינט, איז דאָ א שטור־מער געבעט, קלמן זאָל אים העלפן גלויבן, אז קיין זאַך האָט מיט זיין זון ניט פּאַסירט. קלמנ׳ס דאַרער רוקן איז איצט איינגעבויגן מער ווי אלעמאָל. ער ווייס שלעכטע נייעס פאַרן זיידן. אזוינס וואָס ער קען גאָר פאַרן מויל ניט ברענגען. האלט ער די ליפּן פאַר־

שלאָסן. ווי איבערגוואלד מונטערט ער זיך אליין אויף און ער צערעדט זיך מיטן זיידן פון איצטיגער גרוילאכער צייט: — שלעכ־טע צייטן אָנגעקומען אויף אונז, ר׳ הערש, — זאָגט ער צום זיידן, — ס׳איז אויפגעשטאנען א רשע, אידן ווערן אומעטום גע׳רודפ׳ט.

אויפן זיידן מאכן אָט די רייד ניט קיין שטארקן איינדרוק. אזוי גרויס איז זיין בטחון, אז אידן וועלן איבערלעבן אלע שונאים. באַלד צערעדט זיך דער זיידע מיט קלמנ׳ען וועגן זייערע אייגענע צייטן, פון די יונגע יאָרן אמאָל אין דער ווייטער אלטער היים. דער זיידע האָט אין יענע צייטן געוואוינט אין א דאָרף, א שענק גע־האלטן. גויאים האָבן זיך אָנגע׳שיכור׳ט, געמאכט סקאנדאלן. דער זיידע האָט געקענט א נעם טאָן עטלאכע זייערע פאר איין מאָל, ארויסשטופן זיי פון שטוב, אָן שום שרעק:

— און אז ס׳איז געקומען א שבת, צי א יום־טוב, — האָט דער זיידע זיך ווייטער דערמאָנט, — איז מען געגאנגען צופוס דורך פאָליעסער וואלד ביז צום שטעטל צום מנין דאווענען. געדענקסט קלמן?

און קלמן האָט געדענקט גוט. אָט ווי איצטער ערשט האָט עס פאסירט. און לאנג נאָך האָבן דיביידע פריינט געשמועסט פון דעם וואונדערלאכן אמאָליגן לעבן. זיצנדיג צוגעבויגן איינע צו די אנדערע און דערמאָנענדיג זיך אלע ווייזלע אנדערע פאסירונגען און אָנקוקנדיג זיך מיט אלטע, פארבענקטע אויגן. און אז קלמן איז אוועק, איז דער זיידע א פאָל געטאָן צוריק אויפן קישן און גע־בליבן ליגן איינגאנצן אָן אויסגעשעפּטער.

און אין שטוב, ווייט פון דעם זיידנס טיר, איז נאָך לאנג קלמן געזעסן מיט דער מיסעס שאָר און געשושקעט זיך און לאנג אי־בערגערעדט זיך וועגן א וויכטיגן ענין: צי מען זאָל דעם זיידן לאָזן וויסן, אז דער זון זיינער, משה׳לע, איז שוין לאַנג צווישן די לעבעדיגע ניטאָ. און עס איז ביי זיי געבליבן, אז ניין. ניט אויס־זאָגן דעם זיידן די שרעקלאכע נייעס. זאָל ער אויסלעבן די גע־ציילטע טעג זיינע אין האָפענונג, אין רו. און אין שטוב האָט מען אָנגעזאָגט אלע קינדער, אז זיי זאָלן שטרענג דעם סוד אָפּהיטן.

אין שטוב איז דאָס לעבן פון דער משפחה געגאנגען מיט זיין

געוויינלאכן גאַנג. די קינדער זיינען געוואקסן און געהאט זייערע פריידן און אויך זייערע זאָרגן. און אין מיטן פון אַט דעם איינ־געשטעלטן לעבן פון הויז האָט אלץ מער איצט אריינגעדרונגען די אומרו פון דער צייט, די שרעקן פאר מלחמה און די גזירות אויף אידן אין אלע לענדער. מיסעס שאָר, וואָס איז פון אידישקייט שוין דערווייטערט געוואָרן זינט איר מאן איז אוועק גוט אין זיינע ביזנעס, האָט זיך איצט אומגעקערט צוריק צו אירע אמאָליגע גע־וואוינהייטן, ווי זאלצן פלייש און אויך ליכט־בענטשן. און וועגן אלטן טאטן אירן, וואָס זי האָט שוין לאַנג געטראכט צו אריינגעבן אים אין אַן אַנשטאלט, האָט זי באשלאָסן, אז זי וועט אים ניט רירן פון אָרט. זי האָט אים גענומען איצט נאָך מער אָפּהיטן, ווייל זי האָט אין הארצן איצט געגלויבט, אז דורך דעם זכות פון איר טאַטן וועט אפשר צו איר גאנצע משפחה ניט צושטיין קיין שלעכטס.

איבערהויפּט האָט מיסעס שאָר אזוי געפילט ווען זי האָט גע־זען דעם טאַטן אירן זיצנדיג אין בעט און דאוונען, אָדער ווען ער האָט אריינגעקוקט אין א ספר און עפּעס פון דאָרט געזאָגט מיט זיין באַקאַנטן, אלטן ניגון. אינמיטן פון זיין זאָגן האָט ער זיך אָפּט צעוואָרעמט, געשאָקלט זיך איבערן ספר, און מיט א געהעכערטן קול זיך צעזונגען. און ס'איז געווען אין זיין קול אי טרויער, אי טרייסט. און ס'האָט זיך דער ניגון זיינער צעטראָגן ווייט איבער די ווענט פון שטוב.

נאָר מערערע מאָל איז דער זיידע איצט געלעגן אָנגעשפּאַרט אַן קישן, דאָס פּנים פארגליווערט און געל ווי וואקס און אלע גלידער פון זיין גוף געליימט. מיסעס שאָר האָט שוין דעמאָלסט געמיינט אז זיינע שעה'ן זיינען געציילטע, נאָר אז מען איז אריינ־געקומען צו אים אין צימער און געשטעלט זיך לעבן זיין בעט, האָט דער זיידע אויף יענעם אָנגעשטעלט א פּאָר מאָדנע, שיינענדיגע אויגן. אפשר האָט ער אויף א ווייל געמיינט, אז דאָס האָט מען אים געבראכט א גוטע בשורה פון זיין זון. באַלד האָט זיך א שווערער זיפץ ארויסגעריסן פון זיין הארצן און א טיפער צער האָט זיך געטוקט אין זיין בליק. אָט די אויגן זיינע האָבן זיך ניט געקענט צומאַכן. ער האָט נאָך אלץ געלעבט, דער זיידע. אזוי אויך האָט נאָך געלעבט אין אים דער גלויבן, אז ער מוז קריגן די גוטע בשורה, ווי מען ווארט אויף א נס, וואָס מוז געשען.

# דער דיש־וואַשער דזשאַן

באַלד אין אָנהויב זומער האָט מען אין האָטעל — מיסעס ליב־מאַנ׳ס ווילאַ — גענומען גרייטן זיך פאַר די געסט פון שטאָט.

די גרויסאַרטיגע הויז, מיט וועראַנדעס און פיין־געשניצטע ציילן, האָט זיך שוין יום־טוב׳דיג געווייסט צווישן די צעבליטע בוימער, געטונקט זיך אין אַ ים פון מאַיאָווע גרינסן. פון הויז האָבן זיך סטעזשקעס געצויגן איבערן באַגרינטן פעלד, ווי העלע סטענגעס. און ווייטער אַביסל האָט זיך שוין אָנגעזען אַ פרישער, אויפגעלעבטער וואַלד.

מיסעס ליבמאַן, די באַלעבאָסטע פון האָטעל, איז אויך געווען וואַך מיט אַלע חושים. זי איז געווען קליינגעוויקסיג און יוגנטלאַך אויפן אויסזען, און זי האָט דורכגענומען מיט דער וואַרעמקייט פון איר געשווינטן קוק אונטער די ברילן. און זי איז שטענדיג געווען צעטראָגן, ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַ סך זאַכן אויפן קאָפּ צו באַזאָרגן.

מען איז אויפגעשטאַנען אין האָטעל באַגינען. רויטע פאַסן האָבן זיך געצויגן איבערן הימל, און פון די גראָז האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרע, און אַז מען איז אַרויס אין דרויסן, האָט אַ שאַרפער ווינטל אַ שנייד געגעבן איבערן פנים. פריער פון אַלע ארבעטן איז געווען דאָס עסן אָנבייסן.

אין קיך איז גראָם און ליכטיג, און דער טיש איז געגרייט לויט דער אייגענער פאָרמע, ווי מען גיט די געסט: פיין־צעלייגטער זילבער אויפן ווייסן טישטוך און מיט אַ סך מאַכלים. און די אַר־בעטער — סעם דער שאָפער, דזשאַן, דער דיש־וואַשער און די קאַ־מער־מיידל, איירין, זיצן זיך געמיטלאַך אַרום טיש. דזשאַן, דער ריזיגער יונג, מיטן שייטל פלאַקסענע האָר, וואָס פאַלט אים ביז צו די אויגן, שמייכלט אונטער יעדעס מאָל, בשעת ער ציט אויס די

מגושמ׳דיגע הענט זיינע נאָכן טעלער מיט עסן, ווי ער וואָלט זיך וואונדערן, צי דאָס מיינט מען אים טאַקע אזוי אָנצוקאָרמענען.

מיסעס ליבמאַן האָט אים גענומען, קען מען זאָגן, פון גאַס, אויפן אַרבעטס־מאַרק, וואו זומער־צייט קומען מענטשן פון אַלע עקן שטאָט. זי האָט אים דערזען, דזשאַנען, מיט זיינע מגושמ׳דיגע גלי־דער זיך שאַרנדיג איבערן ברוק מיט אַ צעוואָרפענעם גאַנג, מיט די הענט פאַררוקט טיף אין די הויזן־קעשענעס, און די אויגן פאַר־גאָסענע, שכור׳דיגע. און עס האָט אין איר א ליבשאפט זיך דערוועקט צום געפאַלענעם מענטשן. „דוקא אים וועט זי נעמען פאר דער קיך ארבעט״ — איז איר דאַמאָלט איינגעפאלן. און אָט האָלט זי איצט אויף אים אַן אויג און רעדט צו אים באַלערנדיג און געטריי, ווי אַ מאַמע:

— דזשאַני, דיין אָראַנדזש האָסטו ניט געגעסן. ווייסטו ניט, אַז פרוכט דאַרף מען עסן פריער פון אַלע שפייזן?

ווי נאָר מיסעס ליבמאַן טרעט אָפּ פון טיש, אזוי ווינקט מען זיך שוין איבער חוזק׳דיג אויף דער מיסעס. די נעגער־מיידל, איירין, מיטן פּנים פון קאַווע־קאָליר, קערעוועט קאָמיש מיט די אויגן־ווייס־לאַך, ביז זי שיסט אויס אין אַ גרויס געלעכטער:

— אַ גרינג לעבן, האַ?

נאָר דזשאַנען אליין איז איצט זייער ניט באַקוועם, און ער ווייס ניט, וואו צו קוקן מיט זיינע בלויל‌אָבע, נאַרעשעוואַטע אויגן, ווייל צייט ער געדענקט, האָט אים קיינער ניט אזוי געפּיעשטשעט. אפילו ניט זיין מאַמע, נאָך גאָר אַמאָל, בשעת זי האָט נאָך געלעבט, דאָרטן ווייט, אויף יענער זייט ים. דזשאַן איז נאָך גאָר יונג, אינ־גאַנצן אַ דריי־און־צוואַנציג יאָר. און אַ קאָפּ האָט ער אַ שווערן, אומעטום, וואו ער איז נאָר אויסגעווען, האָט מען זיך מיט אים ניט געניאַנטשעט. האָט ער עפּעס איצט־אָ גאָרניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, און עס איז אים זייער פריקרע אַלץ אויסגעקומען.

נאָר אַז מ׳עסט אָפּ, קריכט דזשאַן אריין אין זיינע אָווערא‌ָלס, וואָס ער איז פון זיי ווי אויסגעוואַקסן. אויף דער רעכטער האַנט איז ביי אים אַ בלויער מאַטראָז־שטעמפּל, ווי אַ צייכן, אַז ער וועט שוין ניט פאַרלאָרן גיין אויף דער וועלט. ער גיט זיך אַ נעם צו

דער ארבעט. פון וואַשן דאָס געפעס, איז ניטאָ וואָס צו ריידן; דאָס טוט ער אָפּ איינס און צוויי. גייט ער ארויס אין רדויסן, די לופט איז מחיה׳דיג קיל. ער נעמט עמערס מיט וואַסער און וואשט די טירן און גאַניקעס, שייערט אַראָפּ אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן פון לאַנגן ווינטער, ביז אַלצדינג בלאַנקט פון פרישקייט.

דערנאָך קריכט ער ארויף אויפן דאַך פון העכסטן גאַניק, מייסטרעוועט דאָרט מיט אַ האַמער אין האַנט. דזשאַן איז א גרויסער מייסטער אויף קריכן אין דער הויך. ער זיצט רייטנדיג אויפן דאַך. עס הילכן אין דער לופט די קלעפּ פונם האַמער. דער ווינט צעיאָגט זיין פלאַקסענעם שייטל האָר, און פאַר די אויגן גיט אים אַ שוועב דער ווייסער טישטוך מיטן שמעקנדיגן עסן. פאַר גרויס הנאה לאָזט דזשאַן ארויס פון זיך משונה׳דיגע קולות, ענלאַך צו אַ געזאַנג.

איירין קומט אַרויס פון שטוב מיטן באַרשט און וואשטיכל אין האַנט. שטייט זי דאָ אַ ווײַלע לענגער, כלומרשט בעסער נאָך אויסטרייסלען די באַרשט. דזשאַן שפּרינגט אַראָפּ פון ברעט, און מיט איין שפּרייז איז ער שוין לעבן איר, וויל איר ארומכאַפּן, לאָזט זי ארויס אַ הילכיגן קוויטש, אז ער ווערט אַזש אַ צעדולטער.

— איירין, טייוול איינער, וואָס קוויטשעסטו? — פרעגט ער ביי איר. און זי אַנטלויפט מיט גרויס געלעכטער.

אַז מיסעס ליבמאַן זעט, וואָס פאַר אַ טייערער יונג דזשאַני איז, ווערט ער ביי איר איצט די רעכטע האַנט. פּשוט, מען קען זיך שוין אָן אים ניט באַגיין.

— דזשאַני, די פאַרהאַנגען וועסטו מיר העלפן אָנציען.

— דזשאני, די ליילעכער געדענק איך ניט, וואו כ׳האָב געלייגט.

און דזשאַן לויפט פייל פון בויגן, געפינט וואָס מ׳באַדאַרף, און ער שמייכלט נאָך צו מיט די אָפענע, קינדישע אויגן, און ס׳איז אים זייער גוט.

מיסעס ליבמאַן איז איצט כסדר געזעסן ארום איר ביוראָ מיט אַ באַרג פּאַפּירן, וואָס די בויטיגסטע פון זיי זיינען שטענדיג פאַרפאַלן געוואָרן אונטערן האַנט. זי איז געווען שטאַרק אָנגעשטרענגט מיטן וואַרטן אויף די געסט, וואָס האָבן שוין באַלד באדארפט אָנ־

הויבן קומען. און איר קאָפּ איז פול געווען מיט אַלערליי פּלענער, ווי ביי אַ גענעראַל פאַר אַ שלאַכט.

באַלד אין דער פרי, האָט דזשאָן שוין געהאַט אָפּגעטאָן אַלע זיינע ארבעטן, שוין אָפּגעקערט דעם ווייטן פּלאַץ אַרום הויז, איז ער געשטאַנען אויפן סטעזשקע, מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן בעזים און פויל געגענעצט. דעם אמת געזאָגט, איז אים שוין דאָ מיאוס געוואָרן דאָס צו־גלאָטע לעבן, מיט די אַלע גוטסקייטן. דזשאָן האָט שוין אַ סומע. וויפל, אַן ערך? פינף־און־דרייסיג דאָלער, אז ער וועט פאַרענדיגן דעם חודש. מיט אזוי פיל געלט אין קעשענע, האָט מען געקענט אין שטאָט שוין באַקומען די בעסטע עסנס. ער האָט זיך שוין געזען, ווי ער קומט אַראָפּ אין שטאָט, אין זיין נייעם אָנצוג, וואָס מיסעס ליבמאַן האָט אים געשענקט. קומט ער אזוי אַריין אין רעסטאָראַן אויף עווענין „סי". דערלאַנגט מען אים גלייך א גלאָז וויין, פון דעם שטאַרקסטן. עס בריט אַזש אויפן גומען און די גלידער צעוואַרעמען זיך. דערנאָך גייט דאָס צובייסן. ער נעמט אַרויס אַ פּאַק מיט געלט, און אַלע קוקן אויף אים און וואונדערן זיך: אָט דאָס רופט זיך טאַקע געלעבט! דזשאָן גיט אַזש א זעץ מיטן בעזים אָן דער ערד פון גרויס געפיל. ער פאַרקוקט זיך אין דער וועלט אריין. ארום אויפן פעלד, איז זייער שטיל. די לופט איז קלאָר און לויטער. אויפן הימל שווימען שיפן ארום. ערגעץ פון דער אַנדער זייט וואַלד האָט זיך דורכגעיאָגט אַ באַן, הילכט עס אָפּ אין דער לופט. ס'האָט דזשאַנען אַ צי געטאָן ביים האַרצן. ער וועט אַוועק פון דאַנען. וואָס וועט ער דאָ אויסזיצן אין דער פאַרצאַמעניש, ווי אין א טורמע? ס'איז ניט קיין אָרט דאָ פאַר אים אין דער ווייבערשער מלוכה. יע, און די מענטשן דאָ זיינען זייער געמיין. א שטייגער, דער סעם. רק ער בלאָזט פון זיך. און פון אַן ארבעט דרייט ער זיך אַרויס. ס'איז טאקע אַ פּלאַן אים גוט אָנבויקערן די ביינער, סעמע'ן, פארן אוועקגיין, גיט ער א טראַכט.

פאַרנאַכט איז שוין דזשאַני געשטאַנען לעבן זיין מיסעס מיטן היטל אין האַנט און מיט נאַרעשעוואַטע אויגן, נאָר ארויסריידן א וואָרט האָט ער ניט געקענט, כאָטש צעהאַק אים אויף שטיקער.

— וואָס איז, דזשאַני, — האָט מיסעס ליבמאַן געפרעגט.

— גאָרניט. ער שווייגט.

אַז זי האָט נאָר אַ קוק געגעבן אויף אים דורך אירע ברילן, האָט שוין דזשאָן געוואוסט, אַז ס'טויג ניט. זי וועט שוין באַלד אָנהויבן מיט איר גוטסקייט. ער קען דאָס ניט פאַרטראָגן, אָט די גוטסקייט אירע. שטייט ער אַזוי מיטן היטל אין האַנט און בויגט זיך אונטערטעניק.

— דו האָסט עפּעס געוואָלט, דזשאָן? — פרעגט אים מיסעס ליבמאַן.

— ניין, גאָרניט, אַ דאַנק פאַר אַלץ — זאָגט ער פּלוצלונג.

— אָ, דזשאָני, דו פאַרדינסט דיין ברויט — בארואיגט זי אים. און ווייל זי איז פון קליינעם געוואוקס, שטעלט זי זיך אויף די שפּיץ פינגער און גיט אים אַ גלעט איבערן אַקסל.

דזשאָן לאָזט זיך פון שטוב אַרויס, שפּאַנט איבערן פעלד אַ פאַרלאָרענער און אַ כעס'דיגער.

— אַ רוח אין איר! נו, איצט וועט ער איר שוין ניט קענען זאָגן וועגן אַוועקגיין. און נאָך געבויגן זיך פאַר איר. ער האָט גע־שפּרייזט איבערן אָפענעם פעלד, אויפגעהויבן שטיינדלאַך פון סטעזשקע און מיט האַסט געוואָרפן זיי אין דער לופט, אַזוי אין כעס איז ער געווען.

---

זיי זיינען זיך אָנגעקומען, די געסט פון שטאָט אַ סך פאַר־איינמאָל, צוליב די גרויסע היצן, וואָס זיינען פּלוצלונג אָנגעשטאַ־נען. סעם דער שאָפער האָט זיי אַראָפּגעבראַכט פון באַן־סטאַנציע. סעם האָט דעמאָלט אויסגעקוקט זייער וויכטיג, מיט די גלאַטיגע און גלאַנציג־צוגעקעמטע האָר, בשעת ער האָט די געסט אויסגעלאָדן פון זיין אָטאָמאָביל.

דזשאָן האָט זיי אַלעמען באַדינט, און דאָס איז אים געווען זייער טשיקאַווע. פאַר אים זיינען דורכגעגאַנגען אַלע מאָל אַנדערע מענטשן מיט זייער אָנטאָן, מיטןריידן, וואונדערלאַך, ווי אין אַ מואווי.

— ביי גאָלי! — האָט ער דערנאָך אָפּגעדערציילט אין קיך, און איבערגעמאַכט יעדערנס תנועות אויפן האָר. אין קיך האָט מען געקייכט פון געלעכטער. און די קאַמער־מיידל, איירין, האָט זיך

אַזש איינגעבויגן אין דרייען, און פון איר האָט געשפּריצט מיט געלעכטער, ווי פון אַ פֿאָנטאַן:

— אוי, דזשאַני, האָט זי געשריען אַנטציקט — ביזט שוין איינמאָל אַ באָי!

אין קיך זיינען איצט נאָך צוויי מענטשן צוגעקומען: די קעכין, בעסי, און מערי די סאָרווערין, אַ יונג, דין מיידל, שטענדיג אין ווייסען אָנגעטאָן. די ארבעט אין קיך האָט זיך צעברענט. מיטן עסן אין דער פרי האָט מען שוין קיין שהיות ניט געמאַכט. אָפּגעכאַפּט עפּעס אויף איין פוס. מיסעס ליבמאַן איז אין דער פרי אריינגעלאָפן אין קיך מיט אַ פּאַרטראָגענעם אויסזען. די קעכין, בעסי, אַ פרוי מיט מורא׳דיגע היפּטן, איז געווען א קריגערקע אַ גרויסע. דאָס פנים רויט, ווי פונק, האָט זי געקריגט זיך מיטן קרעמער פאַר ניט ברענגען די פּראָדוקטן אין צייט.

די נייע סאָרווערין האָט זיך אין דער ארבעט ניט אויסגעטויגט. און ווען ניט דאָס וואָס מיסעס ליבמאַנ׳ס אַ פריינט האָט איר אַהער געשיקט, וואָלט מען איר גאָר באַדאַרפט אָפּזאָגן. ס׳איז דאָ געווען מיט איר אַ צרה. נאָר ס׳איז געווען דזשאַן, אין וועמענס מגושמ׳דיגע הענט און גוף עס זיינען נאָך געלעגן אַ סך מעגלאַכקייטן, האָט די מיסעס ליבמאַן צו אים אזוי געזאָגט:

— דזשאַני טייערינקער, וועסט ארויסהעלפן מערי׳ן אין עססצימער, מיט דעם סערווירן.

אַ יונג, וואָס איז אַלע זיינע יאָרן געוואוינט געווען צו לעבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַז מען גיט איבער צו אים אין די הענט אַזאַ גרויסאַרטיגע ארבעט, האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ פון גרויס גוטסקייט און דאָ האָט ער זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר די מענטשן פון קיך, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן מיט דער גאַנצער גבורה, און געשלעפּט די אָנגעלאָדענע טאַצן אין עס־צימער און אויף צוריק, אַז די קעכין האָט קוים צייט געהאַט אויסצוטיילן דאָס עסן. און מערי׳ן איז שוין גאָר אויסגעקומען צו זיין דזשאַנ׳ס ארויסהעלפערין.

דזשאַני האָט איצט ממש באַוויזן וואונדער. ער האָט געקענט אין איין האַנט, מיט א קונציג אויסגעבויגענער דלאָניע, טראָגן צוויי גלעזער טיי מיט איינמאָל.

— אַט־אַזוי־אַ — האָט ער געוויזן מערי'ן, ווי אזוי ער טוט עס. און מערי האָט זיך פון אים געלערנט. און זי האָט אים דער־פאַר אַנטקעגן שטענדיג געשמייכלט:

— איך ווייס גאָר ניט, ווי אייך צו דאַנקען, דזשאַני.

דזשאַן האָט פאר איר גרויס דרך ארץ געהאַט. אַ סך מאָל איז זי אים אויסגעקומען מאָדנע, מיט אירע פיצלאַך הענטלאַך, און דין און לופטיג, ווי נאָר אוועקצופליען.

אינגיכן איז דזשאַן דערהויבן געוואָרן צו דעם אַמט פון א הויפּט־סאַרווער אין גרויסן עס־צימער. אָנגעטאָן אין א בלויער העמד, די פלאַקסענע האָר פאַרקעמט אין אַ זייט־שרונט, האָט ער זייער לייטיש אויסגעזען. נאָר דער נאָמען „דיש־וואַשער" איז אים נאָך אַלץ פאַרבליבן.

מען האָט אָנגעגרייט בערג עסנס. אין קיך האָט מען אַלץ אָפּ־געלאָכט פון די געסט: „וואו וועלן זיי דאָס אַהינטאָן?"

סעם, דער שאָפער, האָט געבראַכט צופירן קאַסטנס גאַנצע מיט שפּייז, א שטעל אוועק געגעבן זיי אין מיטן קיך, און אַן אָנגעבלאָ־זענער פון טראָגן די שווערע משא, ארויסגעברומט:

— גאַש! — און אַלע האָבן זיך געוואונדערט.

פרייטאָג איז געווען גאָר א באזונדערער טאָג. מיט צוויי גרויסע מאָלצייטן. פון קיך האָט זיך פאנאנדערגעטראָגן דער ריח פונם זיסן געבעקס, ווי אַמאָל אין דער היים צו אַ גרויסן יום־טוב. נאָכן אָוונט־ברויט איז איינע פון די געסט, מיסעס שפּיגל, אריינגעקומען אין קיך, און פון אירע אויגן האָבן נאָך ארויסגעשיינט די וואונדערלאָכע געפילטע קנישעס. זי האָט געווענדט זיך צו דער מיסעס ליבמאַן: „זי מוז איר זאָגן דעם אמת, קיינמאָל האָט זי נאָך ניט הנאה געהאט אזוי פון אן עסן. נאָך אַלעמען, אַ מענטש לעבט דאָך ניט מער ווי איין מאָל".

און דעם גאַנצן אָוונט איז נאָך אַלץ געווען יום־טוב. אין אַ ווינקל אין גרויסן זאַל האָט אַ גרופּע געסט געזונגען אידישע לידער מיט גרויס באַגייסטערונג, און זיך צורוקנדיג נאָענט איינער צום אַנדערן אין אַ קרייזל, געזונגען געשמאַק, ווי אַראָפּריידנדיג זיך

עפּעס פון האַרצן. און זייער געזאַנג האָט זיך דורך די אָפענע פענס־טער צעטראָגן איבערן ווייטן פעלד.

מיסטער פּערל, זייער אַן אָנגעזעענער גאַסט, איז געזעסן אין אַ האַלב־טונקעלן ווינקל אויף דער ווערענדע, עס האָבן די לידער אין אים עפּעס שטאַרקע געפילן געוועקט. אַז איינער פון די געסט איז צו אים צוגעגאַנגען רעדן וועגן קאָרטן, האָט מיסטער פּערל מיט גרויס ווירדע זיך געגעבן אַ גלייך אויס:

— ניין, — האָט ער אָפּגעענטפערט, — ניט היינט.

אין קיך זיינען די מענטשן אויך זייער געהויבן געזעסן ארום טיש, כאָטש מען איז געווען פאַרמאַטערט און עסן האָט זיך ניט גע־וואָלט. דזשאַן איז געווען זייער צעהיצט. ער האָט דאָ דערציילט עפּעס גאָר אַ פאַנטאַסטישע געשיכטע, וואָס מיט אים אַליין האָט פּאַסירט, ווען ער איז אַ מאַטראָז געווען. ווי אַזוי ער האָט גע־ראַטעוועט אַ מענטשן פון אַ זיכערן טויט. עס קאָן זיין, אַז ער האָט די מעשה אַליין אויסגעטראַכט. מען האָט אים דאָ יאָ גע־גלויבט און ניט געגלויבט. נאָר ער האָט גערעדט מיט אַזוי פיל היץ און מיט אַזעלכע איינצלהייטן, אַז ס׳איז סיי ווי גוט געווען צו הערן. און מערי, זיין ארויסהעלפערין, איז דאָ אויך געזעסן, אין ווייסן, לופטיגן קלייד, און האָט אַנטקעגן צו דזשאַנ׳ען, געשמייכלט.

---

ס׳האָבן זיך איינגעשטעלט וואונדערלאַכע, מיטן־זומערדיגע טעג. טעג, ווי אַ געשאַנק פאַרן מענטשן. די בוימער און גראָזן האָבן זיך גערייפט אויף דער זון. און די לופט איז שטארק געווען, ווי ריי־פייער, איינגעשטעלטער ווייַן. און אָט די לופט האָט די מענטשן ווי שיכור געמאַכט, און צוגעברוינטע פון זון האָבן זיי מאָדנע, לוס־טיג און האָפערדיג אויסגעקוקט.

נאָכמיטאָג.

אויף אַלץ אַרום איז אויסגעשפּרייט אַ שטילקייט. דער האָטעל רוט. אין קילן זאַל זיצן עטלאַכע ווייבער, אָטעמען זיך אָפּ שווער, מיד פון דער היץ און פון עסן, מיט די פיס ווייט פאַנאַנדערגעוואָרפן און אַפּאַטיש. און פּ.ויל און שלעפעריג וואַרפט מען זיך דורך מיט אַ וואָרט. עס שלייכט דורך פאַרביי זיי דורכן זאַל די יונגע ווייבל

פעני שור, די פרוי פון אַ באַוואוסטן טוער — שור. ווייבערשע אויגן שטעלן זיך אָן אויף איר, ווי דורכצולעכערן. דערנאָך קוקן זיי זיך איבער צווישן זיך אין אַ שטומען שמועס:

— זאָל מען דאָס זען אויף שונאים, וואָס מען זעט אויף איר.

— זעסטאָך! מען דאַרף האָבן מזל.

— אייסעך! ניט כדאַי צו ריידן.

אין דרויסן, אויפן לאָנקע, שפּילט זיך דזשאַן מיט אַ גרופּע קינדער. ער מאַכט משונה׳דיגע האַוואַיעס און טאַנצט אַרום ווי אַ האַלב־ווילדער. אין אָוונט, אַז אַלע ארבעטן וועלן זיין אָפּגעטאָן, וועט דזשאַן אַוועקגיין איןביידל צו מערי׳ן זיך צעטיילן מיט די „טיפּס”. אזוי טוט ער איצט אַלע נאַכט. מערי זיצט דאַמאָלסט אַ פאַרמאַטערטע אויפן שטול, מיט די הענט אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד. און אז זי דערזעט אים, צעשמייכלט זיך איר קליין, חנ׳עוודיג פּנים מיט די רויט־באַפאַרבטע ליפּן:

— דזשאַני, ביזט אַ טייערער יונג.

דזשאַן טראַכט איצט וועגן זיך שוין צופּיל. ער קומט זיך שוין פאָר ווי זייער אַ גרויסער מאַן, וואָס אלע דארפן צו אים אָנקומען. און מערי אויך. ער איז אזוי ווי אַ קעניג און מערי איז די קעניגין. פאַרוואָס ניט? אַלץ קען דאָך טרעפן. פאַר גרויס שמחה לאָזט ער ארויס אַ קוויטש און שפּרינגט אונטער, דערנאָך קוקט ער זיך אום אויב קיינער זעט אים ניט.

און האַרט ביים וואַלד, אויפן שמעקנדיגן גראָז, זיצן עטלאַכע פון די געקליבענע געסט און מיסעס ליבמאַן איז אויך מיט זיי. נאָר זי איז זייער מיד און די אויגן־דעקלאַך לאָזן זיך איר שווער אַראָפּ.

אָט דער דזשאַני, דאַרט אויף דער לאָנקע, ס׳וואָלט געווען גוט ער זאָל עפּעס פאָרשטעלן פאַר די געסט. זינגען אָדער טאַנצן, דאָס וואָלט געווען אָריגינעל צווישן די אַלע פאַרוויילונגען וואָס זי גיט די געסט פון צייט־צו־צייט. זי האָט שוין אפילו אַ טראַכט געטאָן באַלד וועגן אַ רוסישן קאָסטיום פאַר אים, אויב עס וועט זיין נויטיג.

---

צוליב אַ גרויסן יום־טוב איז דער האָטעל געווען געפּאַקט מיט געסט. באַלד אין דער פרי, ווען די געסט שלאָפן נאָך, גרייט דזשאַן

צו די טישן אין עס־צימער. מערי, זיין ארויסהעלפערין, איז מיט אים. דזשאַן באַוועגט זיך גרינג. רירט קוים אָן דעם דיל מיט זיין גאַנג. און די ווענט פון עס־צימער זינגען צו אים ניגונים.

און מערי איז אויך לוסטיג. און עס ארבעט זיך איר זייער געשיקט. ווייל עס איז גוט צו ווערן פון עמיצן באַוואונדערט, כאָטש אפילו פון דזשאַנ'ען, וואָס ער איז נאָך גאָר ניט אזא שיינער מאַנס־פאַרשוין.

אין קיך פלאַקערט די אַרבעט. אַלע הענט זיינען פאַרנומען אין צוגרייטן דאָס עסן. דאָס געררויש פון טעפּ און טעלער מישט זיך מיט אָן איינגעהאַלטענער גערײידעריי. די אַרבעט גייט פון האַנט־צו־האַנט פּינקטלאַך, ווי אין א פאַבריק. מיסעס ליבמאַן, אויפגעלעבטער און יוגנטלאַכער, איז דער אינסטרוקטאָר פון דער פאַבריק. די קעכין, בעסי, אַ צעפלאַמטע פון ברענענדיגן אויוון, שטייט און טיילט אויס דאָס עסן פון ריזיגע טעפּ אין די טעלער אריין. פון אָנשטרענגונג, אַז די חלקים זאָלן ארויסקומען שיינע, קנייטשט זיך ביי איר דער שטערן. דזשאַן שטייט דערביי, שאָקלט זיך פון אומגעדולד. דערנאָך כאַפּט ער אונטער די אָנגעלאָדענע טאַץ און לאָזט זיך אין עס־צימער אַריין. אפריער מערי מיט אַ טאַץ און דערנאָך ער, ווי אין א פייערלאַכער פּראָצעסיע.

דזשאַן איז אויסגעפּוצט ווי אַ חתן מיטן געפּרעסטן העמד און הויכן קראַכמאַלנעם קאָלנער. און דער שווייס רינט אים מיט גרויסע טראָפּנס ביי ביידע זייטן אויערן. ער זעט אויס אַביסל קאָמיש אזוי אריינגעשפּאַנט אין אַ הויכן קאָלנער. אין קיך ווינקט מען זיך איבער וועגן אים. און סעם, דער שאָפער, גיט זיך אַ זאָג אין דער וועלט אריין, אויספאַקנדיג אַ קאַסטן מיט פרוכט:

— עמיצער זעט היינט אויס זייער גרויסאַרטיג.

נאָר איירין, די נעגער־מיידל, שווייגט שטיל. זי ווייס גוט — ניט פאַר איר האָט זיך דזשאַני אזוי אָנגעטאָן. אין דער פרי, אַז זי האָט אים זיין העמד געפּרעסט, האָט זי מיט ליבשאַפט יעדן זוים, יעדן קנייטש אויסגעגלייכט, נאָר איר האַרץ האָט געקלעמט. ניט פאַר איר וויל דאָס דזשאַני זיך אזוי אויספּוצן. דאָס ווייס זי גוט.

אין אָוונט האָט מען אין האָטעל זיך געגרייט צו דער פאַר־

שטעלונג. צווישן די סך נומערן איז געווען דערמאָנט דאָס זינגען פון דזשאן, אונטערגעשטראָכן „דעם דיש־וואַשער". אזוי האָט מי־סעס ליבמאן געוואָלט.

צווישן די געסט איז געווען אַ גרויסער גערודער. דאָס פּלאַץ אין דרויסן איז געווען באַלויכטן מיט קאָלירטע לעמפּלאַך און אי־בערן סטעזשקע האָבן זיך פאַרלאַך געצויגן צום קאָנצערט־הויז. מיס־טער פערל, וואָס האָט נאָך אמאָל זיך אראָפּגעכאפּט אהער אויף די פּאָר טעג יום־טוב, האָט געפירט אונטערן האַנט זיין דאַמע, א יונ־גע, ברונעטע פרוי, וואָס ער האָט ערשט היינט מיט איר געשלאָסן באַקאַנטשאפט. זיין געראַמער אָנצוג האָט געפלאַטערט אויף זיין דינעם גוף און אויפן פּנים איז געווען אָנגעשריבן אן ארויסרוף צו דער וועלט:

„זאָל מען אים משפּט'ן, אויב מען קען!"

דזשאן איז געגאנגען הינטער זייאיינער אליין איבערן סטעזש־קע. ער איז געווען זייער פאַרקלערט: „עס מוז זיין זייער גוט, אַזוי־אַ צו שפּאַצירן מיטן מיידל, וואָס מען האָט ליב", האָט ער געקלערט. ער איז ארויף אויפן סצענע. אָפּגעוואַרט ביז עס וועט קומען צו זיין ריי.

דאָס זינגען איז אים צוגעגאַנגען זייער שווער. ער האָט געקענט א פּאָר לידער אָנגעהערטע פון אמאָל נאָך אין גאַס, האָט ער זיי געזונגען מיט זיין ברומענדיגן קול. נאָר דעם עולם איז געווען זייער געפעלן. אפילו דאָס וואָס דזשאן האָט אויסגעקוקט ווי פאַרמאַטערט, איז אויך געווען גוט. אַלץ איז געווען גוט. ס'האָט שוין אזוי דער־עסן די פריערדיגע „נומערן". און דאָס איז געווען עכט. נאַטור.

דזשאן איז אראָפּגעגאנגען פון סצענע. און פאר זיינע אויגן האָט עפּעס געשוואומען א ווייסער פלעק, ווי אַ וואָלקנדל קליין און דורכזיכטיג. ער האָט געזען מערי'ן זיך מינענדיג צווישן עולם. נעכטן ביים טיילן זיך מיט די געלט, האָט ער איר א כאַפּ געטאָן ביים האַנט, געוואָלט איר ארומנעמען. האָט זי אים אָפּגעשטופּט פון זיך:

— גיי, פון דיין רעקל שמעקט מיטן ריח פון קיך.

נו, היינט האָט ער זיך אָנגעטאָן אין נייע זאכן, און געוואַשן זיך עטלאַכע מאָל מיט שמעקעדיגע זייף.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. דזשאן איז אריין אין קיך. די מענטשן האָבן שוין געהאט אָפּגעגעסן און מערי איז דאָרט ניט געווען. האָט ער זיך געלאָזט גיין צו אירביידל. אין דער פינסטער האָט עמיצער גערופן זיין נאָמען: דזשאן, דזשאני! ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס איז געווען מיסעס ליבמאַן, אַ פאַר־טראָגענע, מיט אַ בינטל שליסלען אין האַנט:

— דזשאן, טייערער, נעם פּאַס־צו אַ שליסל צום וועש־שאַפע. זיי האָבן שוין ווידער יענעם שליסל אָנגעוואָרן. מען וועט מיר נאָך צעטראָגן די גאַנצע וועש.

דזשאן נעמט דעם בינטל שליסלען. נו, גוט. איצט לאָזט ער זיך שוין לויפן צום ביידל, אַזש די שטיינדלאַך פון סטעזשקע שפּרינגען אָפּ אָן אַ זייט. מערי זיצט אויפן שטול אַ מידע, מיט די הענט אראָפּגעלאָזן צו דער ערד, ווי איר שטייגער איז, זי שמייכלט צו אים אנטקעגן. דזשאן זעצט זיך אויפן שטול. עס איז צו שווער פאר אים שוין געווען דער גאנצער טאָג און אלץ, זיצט ער און שווייגט. צווישן די בוימער ארום ביידל דערהערט זיך אַ גערויש פון שטימען. עטלאכע יונגע בחורים קומען אָן. דאָס זיינען מערי׳ס פריינט פון שטאָט. איינער, זייער אַ לוסטיגער יונג אין ווייסע הויזן און פראַנטיש צוגעקאמטע האָר, בויגט זיך איין און פארקוקט דזשאַ־נע׳ן גלייך אין פּנים אריין:

— לוק הו איז היר! — וואונדערט ער זיך. און אלע לאכן.

— סאָם ספּאָרט! — זאָגט נאָך איינער און זיי לאכן ווידער.

פאר דזשאנ׳ען איז דאָס געווען פון די גרינגע זאכן צו אַ לאָז טאָן זיך אין אַ געשלעג מיט זיי אלעמען פאר איין מאָל און זיי בייקומען. אז ניט האָט ער געקענט זיי אַ נעם טאָן איינציגווייז אין זיינע הענט און אָפּשליידערן זיי פאר אַ וויאָרסט ווייט. נאָר אין דער ערשטער מינוט איז אים עפּעס ווי פאַרטונקלט געוואָרן זיין פאַרשטאַנד. און אלץ האָט זיך צונויפגעפלאָנטערט, צונויפגעמישט פאַר זיינע אויגן.

מערי האָט געשמייכלט, אַזוי ווי מיידלאַך שמייכלען בשעת זיי זייַנען אין אַ פאַרלעגנהייט. דערנאָך האָט זי זיך אָפּגערופן:

— דזשאַני, פליז. אַן אַנדערש מאָל.

אַז דזשאַני איז אַוועק צוריק מיטן סטעזשקע האָט ער דערפילט אַ טריקעניש אין האַלז, אַזוי ווי אין אים וואָלט זיך עפּעס אויסגע־וועפּט. אַרום איז געווען שטאַרק פינסטער. ער האָט זיך אָנגע־שלאָגן אָן אַ בוים, זיך אָפּגעשטעלט.

— גוט אַזוי, גוט — האָט ער געמורמלט צום בוים.

לעבן הויז האָט נאָך איין איינציגע לאָמטערנע געברענט און אין דעם שיין זייַנען די זומער־פליגעלאַך געגאַנגען אַ קאַראַהאָד.

* * *

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען דזשאַני׳ען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. די גאַנצע אַרבעט אין קיך האָט זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ. מ׳האָט ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן. אַלץ איז געווען אין דזשאַני׳ס הענט און די שליסל אויך.

ווייט אין טאָג אַריין האָט מען דזשאַני׳ן געפונען אין אַ ווינקל אין וואַלד אַ שיכור׳ן. אַז מען האָט אים פאַנאַנדערגעוועקט האָט זיך פון אים אַ גאַס געגעבן אַ ים מיט אומאָנשטענדיגע רייד און ער האָט געסטראשעט צו ממית׳ן יעדערן ווער עס וועט נאָר צוגיין צו אים נאָענט.

# קאָנקורענטן

סעם רובין, פון קענדי־סטאָר, וואָלט גאָרניט געוואוסט אז ער האָט אַ קראַנק האַרץ, ווען ער וואָלט ניט פארפירט קיין קריגעריי מיט דעם גראָסערי־מאַן, דזשייקאָבסאָן, און פאָרגעקומען איז צווישן זיי דער קריג צוליב דעם, וואָס סעמ׳ען האָט זיך פארגלוסט אריינ־צונעמען אין סטאָר אַן ארטיקל וואָס האָט ניט באַלאַנגט צו קיין קענדי־סטאָר.

די גאַנצע געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס סעם האָט זיך געלאָזט איינריידן פון עפּעס א פיפיגן סיילסמאַן. דאָס איז געווען אין איינעם א זוניגן פרימאָרגן, ווען קיין קונים זיינען ביי סעמ׳ען אין סטאָר גראָד ניט געווען, איז אריינגעקומע א יונ־גערמאַן א סיילסמאַן, אָנגעטאָן פראַנטיש, און מיט זיין גלאַטן צונג האָט ער באַלד גענומען אין סעמ׳ען ארייַנ׳טענה׳ען. ער האָט פון זיין וואַליז ארויסגענומען קעסטלאך וואָרע און צעלייגט זיי אויפן קאָנטער. ס׳איז געווען א נייער סאָרט ארטיקל, וואָס האָט אויסגע־זען ניט קיין קענדי און ניט קיין קעיק.

— די סטאָר־קיפּערס מאכן פון דעם גאָלד, — האָט ער סעמ׳ען דערקלערט, — מען צעכאַפּט עס פון די הענט.

— אויב ס׳איז קעיק, איז דאָס ניט פאר מיר, — האָט זיך סעם קאַלטבלוטיג געשמייכלט, — אָט דאָרט איז פאראַן א גראָסערי־מאַן, ער וועט דאָס ביי אייך קויפן.

נאָר דער סיילסמאַן איז ניט געווען פון די מענטשן וואָס טרעטן באַלד אָפּ. האָט ער זיך איבערגעבויגן איבערן קאָנטער, און ריידנדיג מיט גרויס היץ, האָט ער אים פארקוקט אין די אויגן מיט אזא ליבשאפט, ווי ער וואָלט געווען סעמ׳ס בעסטער פריינט. סעם האָט געזען, אז ס׳איז שוין פארפאַלן, ער וועט זיך שוין פון דעם מענטשן ניט ארויסדרייען, האָט ער געגעבן זיין וואָרט: „גוט, ער וועט פּרואוון".

דאָס איז געווען באַלד אינדערפרי. אין א ווײַלע ארום האָט שוין סעם אָן דעם גאַנצן עסק פארגעסן. דער טאָג האָט זיך גע־שטעלט פאר סעמ׳ען ווי אלע מאָל מיט אָן א שיעור ארבעט. ס׳איז שוין דעמאָלט געווען אָנהויב זומער, און קונים האָבן זיך שוין גע־וויזן. א סך קינדער פון אלע זייטן האָבן זיך געצויגן אַהער אײַנ־קויפן זיך באַשווארג, נאָך א פּעני און נאָך א פּעני. פארן גאַס, ביים צייטונג־געשטעל האָבן זיך שוין ארומגעקליבן באָיעס, און דער האָט געוואָלט א „מאָלטעד" און דער א „סאָדע". ביי סעמ׳ען האָבן ניט געסטאַיעט קיין הענט. דאָס ווייב איז אראָפּגעקומען פון הויז אים העלפן, דער זון, קומענדיג פון סקול, האָט אויך צוגע־לייגט א האַנט. סעם אליין האָט ארומגעטאַנצט פון איין אָרט צום אנדערן, זיינע אויגן האָבן אומרואיג געפלאַטערט און אויף די שפּיץ באַקן האָט זיך אָפּגעשטעלט א פארגעסענע רויטקייט. אָפּט־מאָל האָט זיך אים געדוכט, אז ער האָט דערפילט ארום הארצן ווי אַ שטאָך מיט א נאָדל. ס׳האָט אים פארכאַפּט דער אָטעם און ער איז געבליבן שטיין א ווײַלע, נאָר ער האָט באַלד אָן דעם פארגעסן און ווייטער זיך ארייַנגעדרייט אין זיין ארבעט ווי אין א פאר־כשוף׳טן ראָד, ווי געטריבן פון עפּעס אן אומגעזעענער האַנט.

און שפּעט בייַנאַכט, אז די גאַס איז שוין געשלאָפן און סעם האָט נאָך געהאַלטן אָפן זיין סטאָר און אויסגעקוקט אויף א פאר־שפּעטיגטן קונה, האָט ער דערווייל ארייַנגעקוקט אין דעם לאַנגן רעכן־בוך, און ער האָט גע׳חשבונ׳ט און אויסגערעכנט אויפן קאָפּ וועלכע חובות עס זייַנען זיכערע, און וועלכע ס׳איז שוין פארפאַלן. מיט אמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם סיילסמאַן, און אָן דעם נייעם ארטיקל וואָס ער האָט אייַנגעהאַנדלט פארן סטאָר. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין ווייב, וואָס האָט געדרעמלט זיצנדיג פארן גאַס אויף א ליידיגן קאַסטן, און ער האָט איר באַלד פון דעם דערציילט.

סעמ׳ס ווייב איז געווען שטענדיג א פּאַריאָגטע פון איר אַר־בעט אין הויז און אין סטאָר, נאָר א קאָפּ האָט זי געהאַט א גוטן, מיט א גלייַכן שכל. און ניט איינמאָל האָט זי שוין אָפּגערעדט סעמ׳ען פון א סך קרומע פּלענער.

— טו דאָס ניט, סעם, — האָט זי זיך איצט ביי אים גע־

בעטן. — איך וויל זיך ניט איינרייסן מיטן גראָסערי־מאַן. דו קענסט ניט דזשייקאָבסלען? הויב זיך בעסער מיט אים ניט אָן.

נאָר סעמ׳ען איז שוין דאָס אריין אין נצחון: — וואָס האָב איך פאר אים מורא? ער מאכט געגוג געלט, נישקשה.

סעם איז געווען א היך־קאָפּ, און זיין פאנטאזיע האָט זיך איצט צעשפּילט אז ער האָט געטראכט פון דעם נייעם ארטיקל, וואָס איז ניט קיין קענדי און ניט קיין קעיק. ער האָט שוין געזען ווי עס קומען מענטשן זיך אויף דעם נאָכפרעגן, און די נייע קויפער ציען צו נאָך קויפער.

איין גוטער געדאנק ברענגט צו אן אנדערן; סעם האָט זיך ארומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער, ארויסרייסן זיך פון דער ענג־שאפט, פארגרעסערן זיינע ביזנעס אין א נייער גרויסער סטאָר, מיט א „לאָנטש־רום״, מיט אלץ מיט אנאנדער. ער פלעגט זיך צעווארימען, אז ער האָט פון דעם געגעבן אַ טראַכט. ער איז איצט ארומגעגאנגען פארביי זיין סטאָר הין און צוריק מיט א בליק א פאר׳חלומ׳טן און א ווייטן:

— ווען איך האָב איצט איינע פינף הונדערט דאָלער . . .

אין אַ נייעם געגנט זיינען אנדערע קאָסטימער, בעסערע. ער האָט איצט גענומען אויס׳חשבונ׳ען אין געדאנק וויפיל זיי וואָלטן געלייזט דורכן טאָג און וויפיל ס׳וואָלט זיך אָפּגעשטעלט פּראָפיטן. אלץ איז ביי אים געווען קלאָר ווי אויף דער לאָדאָניע, און ער האָט געשמייכלט מיט אביסל א פאר׳שכור׳טן בליק, ווען ער האָט וועגן דעם גערעדט צו זיין ווייב.

סעמ׳ס ווייב האָט אים אָנגעקוקט דאמאָלסט. זיין לאנגן דארן האַלז, די גרויע שטעכעלקעס פון זיין ניט־ראַזירטן פּנים, און די רויטע ניט דערשלאָפענע אויגן, וואָס האָבן אָפּגעשיינט מיט א גלעזערנעם בליאַסק, און ס׳איז איר יעדעס מאָל איינגעפאלן אין הארצן: „פאָכעט מיט דער נשמה״, האָט זי ביי זיך געגעבן א טראכט און זי האָט זיך אָפּגערופן צו איר מאַן:

— כ׳וואָלט שוין וועלן דערלעבן אינגאנצן פּטור ווערן פון דער סטאָר. אזא צרה׳דיגע ביזנעס, אז מ׳האָט ניט קיין רואיגע מינוט.

דער נייער סאָרט קעיק איז טאקע געווען א דערפאָלג. קינדער זיינען אלע ווײַלע געקומען פרעגן זיך אויף די וואונדערלאכע „מאַשמעלאָן קוקיס" און די „ברען סטיקס". קינדער האָבן ליב אלע מאָל עפּעס א נייעס. אימיצער האָט דערטראָגן א רכילות צו דעם גראָסערימאן דזשייקאָבסאָן, אז סעם ציט אָפּ פון אים קאָסטאָמער. זייערע סטאָרס זיינען געווען א טיר לעבן א טיר, און דזשייקאָבס האָט שוין לאנג געטראָגן א האס אויף סעמ׳ען, ווייל סעם האָט שטענדיג געלאָזן שטיין לעבן טיר פון גאס ליידיגע קעסטלאך און פלעשלאך פון מילך. דזשייקאָבס האָט דאָס ניט געקענט פארליידן, און זיי האָבן שוין איינמאָל געהאט וועגן דעם אן איבעררייד. נאָר סעם האָט געטאָן זיינס. ער האָט ניט ליב געהאט, אז אימיצער זאָל אים זאָגן דעות.

דזשייקאָב איז געווען שוין אן אלטער, איינגעפונדעווטער גראָסערימאן. אין דער אומרואיגער צייט, ווען קרעמער זיינען אויפ־געקומען און ארונטער צוריק, איז דזשייקאָבס געבליבן שטיין פעסט אויף די פיס. ער האָט געהאט קליינע, חוצפה׳דיגע אויגן און א שמאָלן קאָפּ מיט אָפּגעשטאנענע אויערן און א פאטילניצע א גליי־כע, א שטייפע ווי א ברעט. דזשייקאָבס האָט זיך געהאלטן שטאָלץ אנטקעגן זיינע קאָסטאָמער, ס׳איז געווען ביי אים א רענדל א וואָרט, און אויף צו בארגן אימיצן א פעני, איז ער ניט געווען קיין בעלן. נאָר די ווייבער האָבן פאר אים דרך־ארץ געהאט, און זיי האָבן ליב געהאט צו קויפן גראָד ביי אים.

איז איינמאָל אין א פארטאָג סעם אויפגעשטאנען זייער אין א גוטן מוט. די פּאָר שעה שלאָפן, וואָס ער האָט געהאט, האָט אים שטארק דערקוויקט. ער איז געשטאנען אויפן שוועל פון זיין סטאָר און געזען די מילך־וועגענער ציען זיך פּאַמעלאך איבער דער פארשלאָפענער גאס, און ביי סעמ׳ען איז געווען א געפיל, ווי ער וואָלט וועלן אונטערטרייבן די באוועגונג פון גאס, אז ס׳זאָל זיך שוין וואָס גיכער אָנהויבן דער טאָג. ער האָט צעלייגט אין אָרדע־נונג די צייטונגען אויפן געשטעל אין גאס, און אונטערגעברומט זיך א ניגונ׳דל, און אז אימיצער איז פארבייגעגאנגען צום באן־

סטאנציע, האָט ער שוין געוואוסט וועמען און וואָס פאַר א צייטונג אים צו דערלאַנגען.

איז אָנגעקומען דזשייקאָבס צו עפענען זיין סטאָר, האָט ער דערזען די ליידיגע קעסטלאַך מיט די פלעשלאַך פון מילך צווישן זיין סטאָר און סעמ׳ס, האָט אין אים אויפגעזאָטן דער כעס, און ער האָט א בליק געטאָן אויף סעמ׳ען ווי א גזלן, און ער האָט געזאָגט:

— כ׳האָב פיינט, אז מען קריכט יענעם אין די ביינער אריין.

— ווער? איך קריך אין די ביינער? — האָט סעם סארקאַס־טיש אָפּגעענטפערט. נאָר דזשייקאָבס איז באלד ארויס מיט לשון, וואָס האָט אים געדריקט:

— די „מאַשמעלאָן קוקיס" און די „ברעץ־סטיקס", ווייסט איר אז דאָס באלאנגט גאָר צו גראָסעריס, ניט צו קיין קענדי־סטאָרס?

— אָ, דאָס! — האָט סעם א שמייכל געטאָן נאָך מער סאר־קאסטיש, — זאָלן דאָס די אידישע שונאים פארמאָגן וואָס איך מאַך פון דעם.

נאָר דזשייקאָב האָט זיך ניט געלאָזט פאררייבן די ציין, און באלד האָט אויפגעפלאקערט צווישן זיי א גרויסע קריג. ביי דזשיי־קאָבסן האָט זיך די פּאַטילניצע אָנגעצונדן רויט. ער האָט גע־סטראשעט סעמ׳ען אז ער וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען און ביי סעמ׳ען איז דער פּנים געוואָרן געל און די אויגן פארלאָפן. ער האָט עפּעס געשריען אויף א גריל־צענדיגן קול און שטארק געמאכט מיט די הענט, וואָס זיינען געהאנגען ביי אים פון גוף, ווי צוגע־טשעפּעט אויף זאוויעסעס.

דער טאָג איז געווען א ליכטיגער, מיט א קלאָרן, בלויען הימל, און מענטשן פון אלע הייזער זיינען זיך אָנגעלאָפן. מענער, ווייבער און קינדער פון דעם בלאָק וואָס איז געווען גרויס ווי א שפּאַן, איז פול געוואָרן מיט רעדלאַך מענטשן, און מ׳האָט זיך איינגעהערט צום קריג. דערנאָך האָט מען געקענט זען ווי דער קענדי סטאָרקיפּער סעם האָט מיט זיין דארער האנט זיך א כאַפּ געטאָן פארן הארצן. ער איז אנטשוויגן געוואָרן און פיבערדיג געזוכט אָן וואָס אָנצוהאלטן זיך. סעמ׳ס ווייב איז אָנגעלאָפן, און גוטע מענטשן האָבן איר גע־

האָלפּן ארייַנפירן איר מאַן אין שטוב און אַוועקלייגן אים אויף א בעט.

און אין גאַס זייַנען נאָך לאַנג געשטאַנען רעדלאַך מיט ווייַבער און זיי האָבן גערעדט, וואָס נאָר זיי איז געקומען אין מויל, און זיי האָבן אַלע באַדויערט:

— אַז א מענטש האָט גרויסע אויגן און ס׳איז אים אַלץ ווייניג!

און מ׳האָט ניט געוואוסט וועמען זיי האָבן אין זינען: צי דזשייקאָבסן דעם גראָסערימאַן, אָדער אפשר גאָר סעמ׳ען.

אויבן אין צימער איז געלעגן סעם, געפּאַכעט מיט דער נשמה און און אין קאָפּ האָבן זייַנע פאַנטאַזיעס אים געטראָגן צו זייַן סטאָר, צו די פלענער וועגן א „לאָנטש־רום״. סעמ׳ס ווייַב איז יעדער ווייַלע אַרויפגעקומען צו אים זען וואָס ער מאַכט. און א פאַרזאָרגטע, האָט זי אַלץ גערעדט:

— אַז איך האָב דיר געזאָגט דו זאָלסט זיך ניט אָנהויבן מיט דעם דזשייקאָבסלען. ס׳איז ניט פאַר אונזערע כחות.

# אַלטער ווייַן

די אַלטע מיסעס לוריע, אַ אידענע אַ הויכע, אַ שטאַרקע, ווי א דעמב, איז איינמאָל אין מיטן פרייטאָג געוואָרן פארשלאָפט און זי האָט זיך געמוזט אריינלייגן אין בעט. ס׳איז איר אויסגעקומען עפּעס אזוי ווילד: זי האָט אויסגעהאָדעוועט פיר זין און צוויי טעכטער און זי האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס עס מיינט צו זיין קראַנק.

איר מאַן און די אינגסטע טאָכטער, די מוזינקע, האָבן פארן אוועקגיין צו דער ארבעט איר פארזאָגט צו ליגן אין בעט דעם גאנצן טאָג. נאָר זי קען ניט רוען. עס הויבט איר פון געלעגער. זי קוקט אויף אירע הענט. לאַנגע, מיט צעצווייגטע אָדערן. א פּאָר שטאַרקע הענט, וואָס רייסן זיך צו טאָן ארבעט. אירע אויגן קוקן מיט בענקשאַפט צום קיך. אלץ איז דאָרט אודאי איבערגעמישט. די לאַנג־יאָריגע געפּעס אירע, מיט דעם פארגעלטן זילבער, וואָס האָבן שוין איבערגעלעבט דורות. מיסעס לוריע דערמאָנט זיך, אז איר מאַן האָט ניט געהאַט דעם ריכטיגן אָנבייסן היינט. און סערע, די אינגסטע טאָכטער, איז אוועק אָן א סוועדער און אין גאַס איז נאָך אזוי קאַלט. מיט טויזנט פעדים איז מיסעס לוריע צונויפגעבונדן מיט איר הויז, וואָס זי פירט עס מיט אזויפיל בריה׳שקייט און קענטעניש. ניין, זי ווייס, אז זי טאָר ניט ליגן איצט. זי גיט זיך אַ הויב אויף די עלנבויגנס, נאָר באַלד פאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ און אין די אויגן ווערט טונקל. ס׳פארדריסט איר אויף זיך אליין: — „אז ס׳איז נאָר א חוזק און גאָר!"

דער טאָג איז א ליכטיגער, אַ קילער. אין גאַס שפּילן זיך קינדער און זייערע הילכיגע קול׳כעלאַך דערטראָגן זיך אהער אין צימער. מיסעס לוריע ליגט א ווײַלע מיט האלב־פארמאכטע אויגן. איר ענערגיש פּנים איז איצט פאַרמעט געל. מיטאמאָל גיט זי זיך א כאַפּ אויף. זי דערמאָנט זיך, אז היינט איז דאָך פרייטאָג

און זי האָט נאָך ניט קיין טשיקן אויף שבת: — „איין קלייניגקייט!" — גיט זי א רייד ארויס ערנסט און באזארגט. זי טראכט שוין ניט אויב זי קען אויפשטיין. ס'איז קיין תירוץ ניט. — „ניט געדארפט עס אָפּלייגן אויף דער לעצטער מינוט", — מוסר'ט זי זיך אליין.

אזוי טראכטנדיג איז זי שוין אויף די פיס. זי פארגעסט אָן דעם שווינדלען אין קאָפּ, און די שוואכקייט אין די קני. די נייע אונטערנעמונג גיט צו דער מיסעס לוריע נייע כחות. אָנגעטאָן אין איר מאנטל, און אין האנט דער פּאקעטבוק, וואָס זעט אויס ווי א טשעמאָדאן, לאָזט זי זיך גיין טרעפּ אראָפּ, זיך האלטנדיג פאר די ווענט פון קאָרידאָר. אונטן אין גאס באגעגנט זי גראָד דער מיסעס פוירל, וועלכע גייט אויך אין מארקעט.

„די מיסעס פוירל איז שטענדיג פון די לעצטע", — גיט מיסעס לוריע א טראכט אין זיך:

— קומט, קומט, מיר'ן פאַרשפּעטיגן די טשיקענס, — איילט זי איר צו. און זי לאָזט זיך גיין איבער דער גאַס אָנגעשפּאַרט אָן מיסעס פוירל'ס אָרעם. אז זי קומט אין מאַרקעט נעמט איר באלד ארום דאָס באקאנטע געררויש פון די קויפער און פאַרקויפער, און זי ווערט אליין מער באלעבט. דער בוטשער־יונג, אליין א פאַרהאַוועטער, לאָזט איבער אלץ מיט אַנאַנדער און ער בויגט זיך איבערן קאונטער: — אָ, העלאָו מיסעס לוריע! — זאָגט ער מיט אזא אויסזען, ווי ער איז גרייט פאר איר צו טאָן אלץ אין דער וועלט. מיסעס לוריע שמייכלט אים אנטקעגן און זי נעמט זיך באלד צו די טשיקענס מיט איר געניטער האנט. איר אויג איז נאָך שארף געננוג צו קענען אונטערשיידן גוטע וואָרע פון שלעכטע. אַ יונג ווייבל, וואָס שטייט דערביי זעט איר געניטקייט, האלט זי זיך אן עצה: — וואָס דענקט איר וועגן אָט דער טשיקן?

ביי דער מיסעס לוריע צעשיינט זיך דאָס פנים. זי פילט זי איז איצט אויפן ריכטיגן פּלאַץ. זי שטייט צווישן א רעדל ווייבער און וויצלט זיך מיט זיי, אָנווייזנדיג אויף די בוטשער־יונגען:

— איר שפּילט זיך מיט זיי, זיי קענען אָנווארעמען אַ טשיקן און זאָגן אייך, אז ס'איז פריש.

אז מיסעס לוריע גייט אהיים פילט זי זיך זייער אויפגעלעבט. נאָר עס דוכט זיך איר, אז דער וועג ציט זיך זייער לאנג. זי שטעלט זיך אָפּ צו כאפּן דעם אָטעם אָנהאַלטנדיג זיך אָן מיסעס פּוירלע׳ן. און אהיים אז זי קומט פאלט זי אוועק אויף א שטול. זי פילט ווי זי וואָלט געקומען פון זייער א ווייטע רייזע. אין די אויערן זשומעט נאָך דאָס געררויש פון מארקעט. עס ציט איר צום בעט. זי וועט נאָר נעמען עפּעס אין מויל אריין. נאָר אז זי נעמט אין האַנט דאָס לעפעלע צו אויסמישן די קאַווע, גיט זי עס באלד א וואַרף צוריק מיט שרעק: זיי האָבן אויסגעמישט די מילכיגע מיט די פליישיגע לעפל. אַזש א היץ האָט איר באשלאָגן. איצט טראכט זי שוין ניט פון צולייגן זיך, נאָר זי נעמט מיט אימפּעט צו סאָרטירן איר זילבער. זי טוט עס מיט גרויס הסמדה. זי האָט אָפּגעהיט איר אידישקייט די אַלע יאָרן, דורכגעטראָגן עס דורך אלע ווינטן און שטורעמס. זי וועט ניט דערלאָזן עס זאָל איצט צעפאַלן ווערן.

מיסעס לוריע נעמט זיך איצט ראַמען און וואַשן אירע צימערן. צו די וויטאָגן אין רוקן און אין די פיס זאָגט זי: „שפּעטער, שפּע־טער וועט מען זיך לייגן אין בעט". — אָפּצוקאָכן דעם סאַפּער איז שוין ביי איר א שפּילכל. אז אינגאנצן זיינען איצט ביי איר פאַר־בליבן נאָר צוויי עסערס: איר מאַן און די מוזינקע, סערע. אז איר מאַן קומט פאַרנאכט פון דער ארבעט, שמעקט שוין אין שטוב מיט ריינקייט און מיט דעם ריח פונם עסן, געווירציג און באַ׳טעמ׳ט.

מיסטער לוריע איז אן אונטערפּרעסער ביי דרעסעס, מיט אן אויסזען א פאַריאָגטן און א מידן. דאָס פּנים בלייך און דער שפּיץ נאָז רויטלאך, ווי געפרוירן. ער ציט מיט די אקסלען, וואָס זיינען ביי אים איינס העכער פון אנדערן און ער זאָגט צום ווייב:

— אָן עולה, אָן עולה. דו האָסט בעסער געדאַרפט אויסרוען זיך, ליגן אין בעט.

מיסעס לוריע מאַכט זיך ניט הערנדיג. זי גיט אים א ווייס העמד און זי איילט אים צו:

— נעם טו זיך איבער אויף גיך. דו וועסט פאַרשפּעטיגן דאָס דאַוונען אין שול.

מאַן און ווייב ריידן ווייניג צווישן זיך, נאָר א שטארקער בונד

איז צווישן זיי פאַראַן. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אין איינעם די שווערסטע צייטן. אין איינעם אויפגעהאַלטן זייער באַזונדער לעבן, די באַזונדערע אידישע פּירונגען, וואָס איז צו זיי איבערגעגעבן געוואָרן בירושה. און אַ ניט־געשריבענער אָפּמאַך האָט צווישן זיי זיך געהאַלטן: אַז מען זאָל אַרבעטן מיט די לעצטע כחות, און חלילה ניט דאַרפן אָנקומען צו די קינדער.

מיסעס לוריע האָט אָנגעטאָן איר טונקעלע, שבת׳דיגע קלייד, מיט דער ווייסער קרוזשעווע אַרום האַלדז און אַ ווייסע טיכל אויפן קאָפּ. און מיט די הענט פאַרשטעלט דאָס פּנים האָט זי געבענטשט ליכט. אַז סערע, איר אינגסטע טאָכטער, איז פון דער אַרבעט געקומען אַהיים, איז מיסעס לוריע שוין געזעסן אין אַ טיפן שטול מיט דעם סידור אין האַנט. אירע אויגן פאַרבענקטע, האָבן געקוקט ערגעץ אין דער ווייטקייט.

— אַ גוט שבת דיר טאָכטער! — האָט זי אַן אויפגעהייטערטע אַרויסגעזונגען. סערע האָט אַ קוק געגעבן אין קיך און אַן איבערגעשראָקענע האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— מאַמע, דו ביזט געווען אין מאַרקעט אַליין? וואָס האָסטו געטאָן?

— רייד נישט קיין נאַרישקייט, קינד. ווער וועט פאַר מיר גיין? — האָט מיסעס לוריע צו איר געשמייכלט. איבערן שטוב איז שוין געווען אויסגעשפּרייט דער שבת. דער טיש איבערגעדעקט מיט דעם ווייסן טישטוך און אויף דעם די אָנגעצונדענע ליכט. און דאָס געז־פלעמל אויפן אויוון, וואָס וועט שוין אַזוי ברענען ביז מאָרגן פאַרנאַכט, ווען דער שבת וועט זיך אויסלאָזן. נאָר פאַר סערע׳ן איז דער יום־טוב פון שטוב ניט גענוג געווען. זי איז געשטאַנען ביים פענסטער מיט אומעטיק־פאַרקלערטע אויגן. איר פּנים איז בלייך געווען און דער רוקן איינגעבויגן. ווי אַן איבערגעוואַקסענע פלאַנץ איז איר אויסזען געווען. זי האָט געבענקט נאָך אַן אַנדערן, פרייליכערן לעבן. מיסעס לוריע האָט דאָס גוט געוואוסט. דאָס מאַמעשע האַרץ אירע האָט געפלאַטערט פאַר איר אינגסטער טאָכטער. זי האָט אַלע אירע קינדער אויסגעגעבן. נאָר מיט דער איינער האָט זיך עפּעס פאַרהאַקט. זי פילט זיך שולדיג,

מיסעס לוריע. ווי זי וואָלט ניט דערדינט איר עודה. און זי קוקט איצט אויף איר טאָכטער מיט אירע אַלטע, קלוגע אויגן. ווען זי קען דאָס אין איר קינד ארייגעבן אירע אייגענע כחות, איר בטחון.

ביים טיש זיצט מיסעס לוריע צוגלייך מיט אַלעמען. מיט גרויס פייערלאכקייט הערט זי זיך איין צום מאַנ'ס קידוש מאכן. נאָר עסן קען זי ניט. און ווי האָבנדיג שוין אַלץ אָפּגעטאָן פאר היינט, לאָזט זי זיך גיין צום בעט, אָנגעשפּארט אויף סערע'ס אָרעם.

— דו גיי ערגעץ צו דיינע מיידלאך און באַיעס פּאַרברענגען, — זאָגט זי צו דער טאָכטער. און אז סערע וויל בעסער פארבלייבן מיט דער מאמען היינט, שרייט זי אויף איר אָן:

— קינד, גיי זאָג איך דיר. איך דארף היינט קיינעם ניט האָבן.

שפּעטער קומען זיך צונויף די אויסגעגעבענע קינדער מיסעס לוריעס. פון אַלע עקן שטאָט קומען זיי זיך אָן ווי די פויגלען אין א צוגעוואוינטער נעסט. זיי זיינען אַלע געוויקסיגע און שטארקע, ווי זייער מאמע. די ווייבער זייערע און די קינדער זיינען אויך געקומען. זיי רינגלען אַלע ארום מיסעס לוריעס בעט. ביי דער אַלטער מאמען צעשיינט זיך דאָס פּנים פאר נחת.

— מען האָט אפשר באַדאַרפט רופן א דאָקטאָר? — זאָגט דער עלטסטער זון א באאומרואיגטער.

— אָ, וואָס ווייס א דאָקטאָר, — גיט מיסעס לוריע א לאך. צו ווייזן אז איר איז גאָרניט.

דער אַלטער מיסטער לוריע האָט ביי יעדערן פון די קינדער נאָר געפרעגט וואָס מען מאכט און אויב מען ארבעט און אַליין איז ער אוועק אין אנדערן צימער כאפּן א דרעמל. און מיסעס לוריע האָט נאָך לאנג פארבראכט מיט אירע קינדער. זי האָט פאר יע־דערן פון זיי געהאט א באזונדער אָרט אין הארצן און א באזונדערע ליבשאפט. זי האָט זיי אַלעמען אויפגעמונטערט מיט א ווערטל און א וויץ און אויך זיך א שפּיל געטאָן מיט אירע אייניקלאך. און אז זי האָט דערנאָך איינגעדרעמלט, האָט איר פּנים געהאט אַן אויסזען ווי אויסגעהאקט פון גרויען שטיין. נאָר יעדער שטריך באזונדער האָט געאָטעמט מיט ווילן און עקשנות.

# וואַנדאַ

דער דינסט־מיידל וואַנדאַ׳ן האָט זיך גוט געלעבט ביי די מילער׳ס אין הויז. ס׳איז געווען אַ קליין פּריוואַט הויז, ווייט פון די רוישיגע גאַסן פון שטאָט. דורך די פיר יאָר, וואָס וואַנדאַ האָט ביי די מילער׳ס געדינט, איז זי שוין מיט זיי שטאַרק היימיש געוואָרן און אָפטמאָל האָט זיך איר געדוכט ווי ניט קיין פרעמדע איז זי דאָ, נאָר ווי זי באַלאַנגט צו דער מילער׳ס משפּחה. אויך די צוויי קינדער מילער׳ס האָבן וואַנדאַ׳ן שטאַרק ליב געקראָגן און האָבן צו איר זיך געקלעפּט מער ווי צו זייער אייגענער מאַמען . . .

אין אַ זונטאָג ביינאַכט, אַז די מילער׳ס האָבן זיך געקליבן גיין ערגעץ פאַרברענגען, האָט וואַנדאַ זייער גערן געהאָלפן דער מיסעס מילער זיך אָנצוטאָן. וואַנדאַ איז געווען אַ סך אינגער פון דער מיסעס מילער און אַמעריקאַניש געבאָרן, און זי האָט מיט גרויס אויטאָריטעט געראַטן איר וואָס פאַר אַ קלייד זי זאָל טראָגן און ווי אַזוי מאָדיש צו פאַרקעמען די האָר. וואַנדאַ׳ן האָט זיך געוואָלט, אַז איר מאַדאַם זאָל אויסזען וואָס שענער.

דאָס באַקוועמע, רואיגע לעבן, וואָס האָט זיך דאָ אין הויז געפירט, האָט אויך אויף וואַנדאַ׳ן אָנגעווייעט אַ רואיגן געמיט, און זי איז שטענדיג גוט אויפגעלייגט געווען. נאָר איינמאָל האָט זי זייער אַ צערודערטן אָוונט געהאַט, וואָס זי האָט עס דערנאָך לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן. אין איינעם אַ זונטאָג איז דאָס געווען. די מילער׳ס זיינען אין יענעם אָוונט אוועקגעגאַנגען פון הויז פריער ווי אַלעמאָל. וואַנדאַ האָט נאָך לאַנג ארומגעשפּילט זיך מיט די קינדער ביז זי האָט זיי איינגעלייגט שלאָפן. איצט איז זי פאַרבליבן איינע אַליין איבערן גאַנצן הויז. איין ווייַלע האָט זי ניט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. דערנאָך האָט זי גענומען אַרומוואַנדערן איבער די עלעגאַנטע צימערן, זיך אָנגעקוקט אין אַלע

שפיגלען. דערנאָך האָט זי פון שאַפע ארויסגענומען די שענסטע קלייד מיסעס מילער׳ס און עס אָנגעמאָסטן אויף זיך. אויף איר יונגער, געטאַקטער פיגור האָט די קלייד אויסגעקוקט נאָך פיל שע־נער און פון דעם שווארצן דינעם זייד האָט ארויסגעגלאַנצט איר צאַרט ווייסער לייב.

וואַנדאַ האָט געוואוסט, אז זי איז א שיין מיידל. אין איר מאָט־ווייסן פּנים און די טונקל־בלאָנדע האָר און אין דעם שטאָלץ־פאררייסן נעזל, האָט זיך שטאַרק אָנגעזען איר פּוילישער אָפּשטאַם. און אז וואַנדאַ פלעגט זיך אָנקוקן אָט אזוי אָ, האָט זי ליב געהאָט צו טראַכטן און חלום׳ען וועגן איר צוקונפט. און זי האָט געטראכט, אז דאָס וואָס זי ארבעט איצט אזוי שווער דעם גאנצן טאָג איז נאָר אויף דערווייל. ערגעץ־וואו, אין א ווייטער שטאָט, וואַרט אויף איר איר באַשערטער. אָ שיינער, א שטאַלטנער יונג. ער וועט קומען און אוועקנעמען איר פון דאַנען, און זי וועט מיט אים וואוינען אין איר אייגענעם רייכן הויז.

נאָר איצט, ווי זי איז געשטאַנען אזוי פארן שפּיגל און גע־חלום׳ט, איז איר מיטאמאָל עפּעס אומעטיג געוואָרן: ווי לאַנג וועט זי עס דארפן אזוי ווארטן? איר האָט זיך פארוואָלט שוין, די מינוט צו זען א לעבעדיגן מענטשן. די קינדער זיינען שוין גע־שמאָק געשלאָפן. און צוגיין צו איר פריינדינע וואָס איז אויפן צווייטן בלאָק, אביסל מיט איר פארברענגען, האָט זי איצט אויך ניט געקענט. וואַנדאַ׳ס רואיגער געמיט איז מיט אמאָל אויפגע־רודערט געוואָרן. אין גאַנצן הויז איז געווען שטיל, אויסער וואָס אונטן אין קעלער פון פריוואַטן הויז האָט דער נעגער־יונג, טאָם, זיך ארומגעדרייט און עס האָט זיך דערטראָגן אַהער א ציענדיגער ניגון פון דעם לידל, וואָס ער האָט זיך אונטערגעזונגען.

טאָם האָט געוואוינט דאָ אין קעלער און געטאָן אלע שווערע ארבעט ארום הויז. אז ער איז אמאָל ארויפגעקומען אין די צימערן האָבן די קינדער ליב געהאט מיט אים צו פארברענגען און האָבן „פּאָן״. טאָם איז געווען א פריילאָכער יונג. שטענדיג פראַנטיש אָנגעטאָן און אויפן פּנים א גוטמוטיגער שמייכל. וואַנדאַ׳ן נעמט אָן א געלעכטער, אז זי דערמאָנט זיך ווי מאָדנע גוט זיין פּנים

צעשמייכלט זיך, אז זי רעדט אויס מיט אים א וואָרט. איר פּאַלט איצט איין, זי וועט גאָר ארויפרופן טאָמ'ען אַהער, וועט מיט אים א שמועס טאָן וועט איר פריילאכער ווערן. אין אַנהויב דער־שרעקט זי זיך אליין פאר איר איינפאַל, נאָר באַלד ווערט זי דרייסטער: „פאַרוואָס טאָקע ניט? טאָם, אויך א מענטש פאר ווע־מען מען דאַרף זיך שרעקן". אזוי גיט זי א טראַכט און זי גיט אָן עפן די טיר פון קעלער, וואָס אין קיך, און זי לאָזט זיך גיין אונטן אראָפּ מיט די טרעפּלאַך.

אז טאָם דערהערט טריט איבער די טרעפּלאַך, מיינט ער אז אימיצער פון די באַלעבאָטים קומט, נעמט ער זיך צו רוקן די אַש־קענס און מיטן גרויסן בעזים כאַפּט ער זיך קערן דעם דיל, ערשט ער דערזעט גאָר אז דאָס איז די דינסט־מיידל וואַנדאַ, און אָנגעטאָן איז זי אין דער שיינער שוואַרץ־זיידענער קלייד.

— אָה! — ווערט טאָם פאַרמישט אין דער ערשטער מינוט און ער פינטלט מיט די אויגן, ווי פון צופיל ליכט. וואַנדאַ ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ס'איז איר עפּעס ניט באַקוועם:

— טאָם, — הויבט זי אָן, — די סטים. זע, אז עס זאָל זיין א סך סטים. אז „זיי" וועלן קומען שפּעט ביינאַכט זאָל זיין וואַרעם אין הויז.

טאָם איז שוין אביסל געקומען צו זיך און א שמייכל באַלייכט זיין גאַנצן פּנים: — אַי שור וויל! (איך וועל דאָס זיכער טאָן) — רעדט ער ארויס מיט זיין ווייך־קלינגענדיגן קול.

טאָם דערפילט זיך זייער געהויבן צוליב וואַנדאַ'ן, וואָס זי איז אזוי אומגעריכט אראָפּגעקומען צו אים. ער וואָלט איר וועלן אויפ־נעמען וואָס שענער. ער קוקט זיך אום איבער דעם קעלער מיט דעם אָפּגעצאַמטן ווינקל און דעם אויפגעשטעלטן בעטל צום שלאָפן. זיין דירה זעט אויס צו קליין פאר איר, אזא זעלטענער גאַסט וואָס זי איז. ער קען ניט אָפּרייסן די אויגן פון איר, און זיין פּנים איז איצט די גוטסקייט אליין. אַ ריז מיט א קינדערישן פּנים.

— יו לוק לאַיק עי ליידי, עי קווין! — רעדט ער ארויס אַנט־ציקט.

וואַנדאַ האָט שוין חרטה אויפן גאַנצן עסק: „ניט געדאַרפט

גאָר אראָפּקומען אהער". זי קוקט איצט אויף טאָמ'ען מיט שרעק אין האַרצן. גראָד אָט די גוטסקייט זיינע געפעלט איר ניט. איר דוכט זיך אזא האָט זי אים נאָך קיינמאָל ניט געזען.

— אָי עם גאָאינג, — רעדט זי ארויס קאַלט און פארשטייפט. טאָם וואָלט איר נאָך וועלן פאַרהאלטן כאָטש אויף א ווײַלע. פאַרוואָס גייט זי אוועק? ער זעט איר צעשראָקענע מינע. דאָס פאַרדריסט אים אזוי שטארק. פארוואָס דארף זי זיך שרעקן? מיטביידע הענט האַלט ער זיך אָן שטייף אָן לאַנגן בעזים, זיינע אויגן ווייסלאָך לייכטן אין דער האַלב-טונקלקייט פון קעלער. ער זעט ווי זי רוקט זיך אויף צוריק. אירע דינע פיס אין די מאָדישע שיכלאך לויפן גיך, גיך איבער די טרעפּ ארויף צו דער וואוינונג. טאָם דערפילט ווי דער פארדראָס שפּאַרט אים צו צום האַרצן און א באַליידיגטער צעשרייט ער זיך איבערן גאנצן קעלער:

— הו עסקד יו טו קאָם! הו עסקד יו טו קאָם!

און וואַנדאַ איז אריין צוריק אין דער וואוינונג. זי האָט פארשלאָסן די טירן אויף אלע שלעסער און א ציטערדיגע האָט זי געהערט ווי טאָם רודערט דאָרט ארום אין קעלער, ווארפט איבער זאכן פון איין אָרט אויפן אנדערן און ברומט מיט א צערייצטן קול. און שפּעטער, אז זי איז שוין געלעגן אין בעט, האָט זי פאר שרעק ניט געקענט איינשלאָפן. ערשט שפּעט־אין דער נאכט זיינען די מילער'ס געקומען צופאָרן אהיים. און אז וואנדא האָט דערהערט דאָס באַקאַנטע גערויש פון אָטאָמאָביל, האָט זי זיך אביסל בארואיגט און געפּרואווט אנטשלאָפן ווערן.

# די פינישערן סערע

ס'איז געווען אַ מיידל סערע, אַ פינישערין ביי דרעסעס. איז זי געזעסן אין שאַפּביים טיש און גענייט מיט אלעמען צוגלייך. זי איז אָבער געווען ווי דערווייטערט פון אלעמען, אזוי ווי דער גאַנצער שאַפּ קער זיך גאָר מיט איר ניט אָן.

און זי האָט זיך כסדר געלערנט. מיטאָג צייט פלעגט זי ליב האָבן ארייננצוקוקן אין א בוך, פארשרייבן אויף א שטיקל פאפיר די שווערע ענגלישע ווערטער. און די מיידלאַך פון שאַפּ האָבן גרויס דרך ארץ געהאט פאר איר.

זי איז געווען הויך און דין. דאָס פנים העל, מיט א דורכ־זיכטיגער דינער הויט באצויגן, ווי א געלייטערטער פנים. די בלאָנדע האָר צעטיילט מיט א גלייכן שרונט און זייער גלאט פאר־קעמט איבער די אויערן אריבער. און שטענדיג איז זי געווען ווי אין זיך אליין ארייננגעטאָן. פאראומערט און פארקלערט. ביז מיט דער צייט האָט זיך אויף איר פנים אויסגעלייגט א פאראומערטע גרימאסע און איז שוין אזוי דאָרט פאַרגליווערט געוואָרן.

נאָר איינמאָל, צוליב עפּעס א קליינער פאסירונג, איז סערע אינגאנצן אויפגערודערט געוואָרן. זי איז ארויס פון איר פארגלי־ווערונג, און איר פנים האָט אויפגעשיינט, ווי זי וואָלט באלויכטן געוואָרן פון אן אינעווייניגסטער ליכט, און זי האָט אויסגעקוקט דאמאָלסט אי רייצנדיג, אי ליב, און אלע וואָס האָבן איר דאָ געקענט שוין פון לאנג, האָבן געקוקט אויף איר און שטארק זיך געוואונ־דערט.

און פאסירט האָט עס אזוי:

אין שאַפּ איז מיטאמאָל שטארק „ביזי״ געוואָרן. דער באַ־לעבאָס האָט ארויסגעהאנגען א צעטל אין דרויסן פון שאַפּ: „אָפּע־רייטאָרס וואָנטעד״. האָבן באלד פון פרימאָרגן אָן זיך גענומען לאָזן אהער ארבעטער, נאָך מער ווי פיל מען האָט באדארפט. און

עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט א כאָפּטע יונגען, געזונטע חברה׳לייט, איינס אין איינס. זיי האָבן געגעבן א טו אויס די רעקלאַך, געבליבן אין די וועסטלאך נאָר, מיט די ווייסע ארבל, צעזעצט זיך ביי די מאשינען און שיעור ניט צעטראָגן דעם שאפּ מיט זייער געניי.

ביז איצט זיינען די אָפּערייטאָרס געווען דאָ נאָר פרויען. אי־טאַליענישע און אידישע, און דער אלטער אָפּערייטאָר, גדליה, ביי וועמען די הענט פלעגן נעמען ציטערן ווען דער באלעבאָס פלעגט זיך אים א שטעל געבן הינטערן פלייצע, און די מאשין פלעגט זיך אים אויספעדימען און עס איז געווען סכנות נפשות.

די מיידלאַך אין שאפּ האָבן זיך אָפּט ארומגעקריגט צווישן זיך פאר די באַנדלאַך ארבעט. די שווארץ־אויגיקע, שווער־וואָגיגע אי־טאליענערקעס האָבן איינגעריסן א וועלט א סך מער נאָך פון די אידישע.

נאָר אין יענעם טאָג איז דאָ אלץ געוואָרן אנדערש: ניט קיין כעס׳דיגע בליקן פון איין מיידל צו דער אנדערער, ניט קיין ריידן אפן פרעמדן לשון, דער אנדערער זאָל ניט פארשטיין. עס איז דאָס אלץ מער ניט געווען. די נייע אָפּערייטאָרס האָבן מיט זיך געבראכט פרישע רייד, נייע פרייליכקייט און געלעכטער. אן איבערקערעניש. פשוט, דער שאפּ איז געגאנגען אויף רעדלאך. אָ, די מיידלאך האָבן שוין לאנג ניט געדענקט אזא טאָג.

די מאַשינעס שטייען לענג־אויס דעם שאפּ אין צוויי רייען, הארט איינס אנטקעגן אנדערן. אָפּערייטאָרס קוקן זיך גוט אָן פריער פון איבער די מאשין־קעפּלאך, א וואָרט און א שמייכל. און איין באלמעלאָכע פרעגט זיין אנטקעגנדיגער שכנה:

— ווי־זשע איז אייער נאָמען, לאָמיך וויסן?

— ניט אייער עסק! — ענטפערט זי כלומרשט מיט רוגזה.

— זע נאָר, כ׳האָב גאָרניט געוואוסט, אז דאָ זיצן אזעלכע „ביוטיס״.

נעמט שוין דאָס מיידל אוןווארפט אים א שפּולקע פאָדים אנט־קעגן. און אלע לאכן. עס פאלן ווערטלאך ווי פרישע טראָפּנס רעגן. און געלעכטער, געזונטער, באלמעלאָכישער געלעכטער, קייקלט זיך איבערן שאפּ. און עס נייט זיך געשמאק. און די בערג דרעסעס וואקסן אלץ העכער.

דער אפּערייטאָר נאָטע, האָט זיך שוין דאָ איינגעזעצט ניט אויף צו פּלייסן. ער אזי א דאַר און נעבעכדיק אידל, נאָר הענט האָט ער גילדערנע. ער נעמט פארגאנדער דעם באַנדל מיט אזויפיל פאַר־שטאנד, אז דער באַלעבאָס דערשפּירט אין אים גלייך דעם ריכטיגן מענטשן. גייט ער צו אים צו, טוט אים א גלעט איבערן אַקסל, רעדט צו אים זייער צערטלאַך:

— ביי אונז איז סטעדי ארבעט, אבי געזונט.

און דער אפּערייטאָר מיטן רייכן קאָפּ האָר, שווארץ און ווייס געמישט, און מיט די ממזר׳ישע אויגן. ער קען נייען און ריידן אין איין צייט. ער האָט אויסגעפּאַקט א פּעקל היימישע וויצן, זאפטיג און געווירציג. אפילו די איטאַליענערקעס פארשטייען, נאָך דעם קלאַנג פארשטייען זיי, און זיי לאַכן הילכיג, מיט א קוויטש.

זאָגט איין אָפּערייטאָר צום וויצלינג:

— שוין, איציקל, הויבסט שוין אָן?

און אן אנדערער סטראַשעט:

— איציק, כ׳וועל דערציילן דער ווייב.

— דו, גאַליציאַנער, דו שווייג נאָר! — ענטפערט אָפּ איציק און צעלאַזט זיך מיט א געניי, און די שיסעריי פון זיין מאשין הילכט העכער פון אלעמענס.

פון פינישערס טיש הויבן זיך דאמאַלסט אויף א פּאָר אויגן, סערע׳ס פארטראַכטע אויגן, וואָס זי קוקט מיט זיי איבערן שאָפּ, ווי א ניט־היגע. יעדער איינער אויסברוך פון געלעכטער קלאַפּט זיך אָן אָן איר געהער, ווי א משונה׳דיגער גרילצן, אז עס נעמט איר אזש אָן א כעס:

— וואָס פאַר א נארישער און פּוסטער טומל!

און מיט א כיוון גיט זי זיך א קער אָפּ פון די מאשינעס, מיט די אפּערייטאָרס, פארטוט זיך אין געניי, א צונויפגעצויגענע איינ־גאנצן, אן אריינגעטאָנענע אין זיך, און זי ווייס גאָרניט ווי אזוי זיך אויסצוהיטן, אז די ביליגקייטן און גראָבקייט זאָלן צו איר ניט צושטיין:

— ארויסרייסן זיך פון דאנען! אוועקגיין!

ביי איר זייט ליגט דאָס ענגלישע בוך, וואָס זי שטודירט: „די גרונטגעזעצן פון ביאָלאָגיע״. זי דארף נאָר א קוק טאָן אויף דעם

דאָזיגן בוך, מיטן בכבוד׳יגן, טונקעלן איינבונד, און זי טראַכט שוין נאָר פון לויטער העכערע ענינים. זי זעט די גרויסע, לופטיגע צימערן פון איר „סקול״, די אײדעלע מיידלאַך, דעם געזעצטן לע־רער, וואָס איז אַזוי גרייט צו טיילן זיך מיט זיין וויסן. סערע שמייכלט צו זיך אַליין: „אַזוי פיל זאַכן איז נאָך דאָ צו לערנען. עס האָט אַמאָל אַ לערער געזאָגט: דער קורס פון ביאָלאָגיע איז זייער גרויס. עס איז ניט נאָר וועגן לעבן פון פלאַנצן, אָדער חיה׳ס, ס׳איז וועגן אָנהויב פון יעדן לעבן, דער אָנהויב פון אַלץ״ . . .

* * *

עס דערנעענטערט זיך דער האַלבער טאָג אין שאַפּ. די התמדה פון געניי האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט. די אָפּערייטאָרס האָבן זיך צעוויגט איבער די מאַשינעס שוין ערנסט־שווייגנדיג, פאַרגעסנדיג אָן אַלץ. די מאַשינעס זינגען ווי אין אַ כאָר.

נאָר מיט איינמאָל קומט דער שטילשטאַנד. איבערגעריסן, אָפּגעהאַקט אין מיטן. אַרבעטער בלייבן נאָך זיצן אַ ווײַלע, ווי באַרוישטע. דערנאָך צעלויפט מען זיך מיט אַ געלאָף כאַפּן דאָס עסן, אַנטוענדיג די רעקלאַך אויפן וועג. נאָטע דער אָפּערייטאָר קוקט זיך אום פאַרוואונדערט, מיט ביידע הענט נאָך אויפן שטיקל אַרבעט: שוין? אָפּגעשטעלט? מ׳האָט אים דאָ אויפגעוועקט פון זיין זיסן חלום. לאָזט ער אַרויס אַ זיפץ, און ער נעמט זיך גיין צו זיין פעקל עסן. די הענט פאַרוואַרפן זיך אויף הינטן, מיט די דלאָניעס אויסגעקערט אַרויף.

פון הינטער דעם הילצערנעם ווענטל־צאַם, פון אָפיס, רוקט זיך אַרויס די סעקרעטאַר־מיידל, לילי. זי איז אַרומגעפּוצט און צו־געגלעט, ווי נאָר וואָס פון פּרעס־אייזן אַרויס. די פינישערין סערע וואַרט איר אָפּ, גייט איר אַנטקעגן מיט אַ שמייכל. לילי איז אויך אַמאָל אין „סקול״ געגאַנגען. מיט איר איינער קען סערע נאָך אויס־ריידן אַ וואָרט.

לילי האַלט בשעת מעשה אַ קליין שפּיגעלע פאַר זיך, באַשמירנ־דיג די ליפּן אירע שטאַרק רויט.

זיי שמועסן וועגן ביכער, וועגן לערנען זיך. מען דערמאָנט אינם שמועס דאָס וואָרט „קאָלעדזש״ אפילו. און אויסטערליש

קלינגט דאָ אָפּ דאָס וואָרט „קאַלעדזש"; דאָ, צווישן די פאַרהאַווע־טע, פאַרהאָרעוועטע באַלמעלאָכעס. און אויסטערליש איז אויך סערע, מיט איר געקליבענעם, פּינקטלאַכן ענגליש. און עס שפּרייט זיך אַ מחיצה צווישן איר און אַלע אַרבעטער. סערע אַליין האַלט זיך יום־טוב׳דיג, דערהויבן, און די אַרבעטער אין שאַפּ קריגן נאָך מער אָפּשיי פאַר איר.

* * *

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט.

אין מיטן שאַפּ באַוועגט זיך אַרום אַן אויפגעלעבטע, רוישנ־דיגע מאַסע, ווי אַ טשערעדע שאָף אַרויסגעלאָזן פון צאָם. דער שמועס צווישן אַלעמען איז איילנדיק, פון אויבן־אויף: „וואו האָט מען געאַרבעט?" „ווי זייַנען די פּרייַזן?" און — „ס׳איז אומעטום איין צרה".

סערע די פינישערין גייט אָן דעם לעצטן „סנעפּער" צום דרעס. זי שטייט און די דרעס פון האַנט לאָזט זי נאָך ניט אַרויס. זי דאַרף ערשט אָנקוקן איר אַרבעט פון דאָס־ניי, ווייל סערע איז פּינקטלאַך אויפן האָר. אויב ביי עמיצן פון די פינישערינס פעלט אַמאָל אַ שטאָך, צי די סנעפּערס זייַנען ניט צוגענייט צום פּאָר, איז דאָס ניט ביי איר . . .

נאָר איצט דערזעט זי מאַלי׳ן, דער דרייפּערין, ווי זי שטייט פּונקט אַנטקעגן איר. זי איז מער ווי אַלע מאָל אויסגעפּוצט, מאַלי. זי שטייט מיט איינעם פון די נייע אָפּערייטאָרס, אַ גאָר נישקשה־דיגער יונג. סערע קוקט אים ניט־ווילנדיג אָן: אַ ברוינהויטיגער, דינער פּנים, קלוגע, שמייכלענדיגע אויגן. דייוו איז זיין נאָמען. פון וואָס שמועסן זיי דאָס ביידע? אָ, פון יוניאָן־אַנגעלעגנהייטן. מאַלי דרייט קאָקעטיש מיט איר פיין־געשאָרענעם קעפּל. אירע ענטפערס זייַנען האַלב־ערנסט און האַלב אין שפּאַס.

ס׳איז גאָרנישט ווערט אירע רייד. סערע ווייסט דאָס צו־גוט. אָט די מאַלי, זי לייענט דאָך אפילו קיין צייטונג ניט. און ווי זי רעדט! אַז יעדער פראַגע רירט זי נאָר אָן פון אויבן־אויף, ווי אויף אַ שפּאַס. ס׳איז נאָר די חוצפּה. מענטשן קענען זיך דאָס אַזוי פאָרשטעלן. ניין, זי וואָלט אַזוינס ניט געקענט. זי שעמט זיך פאַר מאַלי׳ן. זי פילט אַליין, ווי זי איז אַזש רויט געוואָרן, און זי

האלט אראָפּגעלאָזן די אויגן. און פאר אים, פאר דייוו׳ן, שעמט זי זיך אויך. „ער פארשטייט ניט דער מאַלי׳ן. ער נעמט אַלץ אָן פאַר גוט. נו, מ׳קען זיך שוין פאַרשטעלן, וואָס פאר א מענטש ער איז אַליין״.

אזוי שטייט סערע פארקוקט, מיט די הענט צונויפגעלייגט, א דערוויטערטע, דוכט זיך, פון אַלעמען. נאָר טאקע אין דער מינוט גיט זיך דער יונג א קער צו איר אליין. אזוי אומגעריכט. סערע ווערט אזש צעטומלט. שוין זיין צוגאנג אליין האָט אויף איר א רושם געמאכט: ווי אזוי איז דאָס פאַרגעקומען? ער נעמט און גיט זיך א קער צו איר:

— נו, און וואָס וועט איר זאָגן? פארוואָס שווייגט איר?—און דאָס ברוינהויטיג פּנים שמייכלט. אזא אָפענער, היימלאכער שמייכל, אז סערע׳ן פארווילט זיך אויך אים עפּעס זאָגן. זי טראכט איבער א ווײַלע, צי זאָל זי ענטפערן, און זי רעדט ארויס אזוי ווי איבער־גוואלד:

— ס׳איז דאָ זייער פריילאך, ניט אזוי?

און מיט אמאָל צעלאַכט זי זיך אליין. און איר פּנים, וואָס איז ביז איצט געווען אזוי ערנסט, ווי פאַרגליווערט, האָט אויפגע־לויכטן, און זי האָט אויסגעקוקט אין דער מינוט זייער ליב און חנ׳עוודיג, אז דער יונג האָט זיך אַזש דערפרייט. ער איז נעענטער צו איר צוגעקומען און געזאָגט:

— אָט אזוי איז גוט.

— וואָס איז גוט?

— וואָס איר שמייכלט.

— אָ, רעדט ניט אזוי — זאָגט סערע.

און דייוו זאָגט:

— איר ווייסט, איר קוקט מיר אויס זייער באקאנט. כ׳האָב געוויס אייך ערגעץ געטראָפן.

— ניין, וואו האָט איר מיר דען געקענט טרעפן?

— כ׳ווייס, אין א קלוב ערגעץ, צי אין דער יוניאָן?

— אז איך קום גאָרניט אין די ערטער.

— אָבער אימיצער האָט אונז ערגעץ באקענט, זיכער.

— ניין. איך ווייס געוויס, אז ניט. ווי אזוי קען דאָס זיין?

— נו, טאָ וואָס אַרט אייך? לאָמיר זיך איצט באקענען.

— אָ, אזוי?

אָט דאָ האָט שוין סערע באַדאַרפט אויפהערן ריידן. ס׳איז איר איינגאנצן ניט געפעלן געוואָרן די גרינגקייט פון אזא געשפּרעך. נאָר אָנשטאָט דעם, האָט זי נאָך אַלץ געקוקט אויף אים מיט אירע ליכטנדיגע אויגן, און ניט געקענט, אז דאָס פּנים אירס זאָל צוריק ערנסט אויסקוקן.

— איך האָב ליב ווי איר שמייכלט — האָט ער געזאָגט.

— און איר זענט אזא שווארצער — האָט זי געענטפערט אויף צוריק.

נאָר דאָס אַלץ האָט געדויערט אפשר אָ צוויי מינוט. באלד איז סערע שטארק פארשעמט געוואָרן, ווייל די מענטשן דאָ אין שאפּ האָבן אַלע געקוקט אויף איר, זיך געוואונדערט. זי האָט עס געזען אין זייערע פּנים׳ער, ווי זיי וואונדערן זיך. האָט זי זיך געכאפּט: אפשר לאכן זיי גאָר אָפּ פון איר? דאָס וואָלט געווען ערגער פון אַלץ. איז אראָפּ פון איר פּנים דאָס פריילאכקייט. א צונויפגעצויגענע, א פארדריסלאכע, איז זי איצט אנטקעגן אַלעמען געשטאנען, ווי זי וואָלט זיי אַלעמען געזאָגט:

— קוקט ניט אזוי, ס׳איז גאָרנישט.

און דער יונג האָט זיך אויך געוואונדערט. און סערע האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א קוק, איינגאַנצן אָן אָפּגעפרעמדטע, א שטאָלצע, ווי זי וואָלט אים געגעבן צו פארשטיין:

— איך בעט אייך, מישט מיך ניט אויס מיט די איבעריגע.

פון הינטן האָבן די ארבעטער שטילערהייט צו אים זיך איבער־געוואונקען:

— יאָלד, רוק ניט דעם נאָז, וואו מען באדארף ניט.

— דו הויב זיך בעסער מיט איר ניט אָן.

האָט ער אָפּגעטראָטן אָן א זייט און נאָר געשמייכלט צו זיך אליין.

אין איילעניש צעלויפן זיך די אבעטער אהיים. אין שאפּ ווערט זייער שטיל, נאָר סערע שטייט נאָך אַלץ אויפן זעלבן אָרט, מיט איר מאנטל פארוואָרפן אויפן האנט. ווי א פארלאָזענע קוקט זי

זיך אום איבערן שאפּ. ווייט פון קאָרידאָר קלינגען נאָך אָפּ די טריט פון די אוועקגייענדיגע מענטשן. פרעמדע מענטשן, וואָס ווינקען זיך איבער וועגן איר — זיי ריידן געוויס שלעכטס פון איר . . . אָ, ווי דאָס פּאַרדריסט. זי ווייס, אז דאָס קומט איר ניט. מענטשן פארשטייען ניט. ס'איז אפשר ניט זייער שולד. מאָרגן וועט זי פרואוון ריידן וועגן דעם מיט דייוו'ן. אפשר וועט ער איינער פארשטיין . . .

# איינמאָל אין פרילינג

אַ פרוי אין אַ ליכטיקן הויז־קלייד האָט צעעפנט די פענסטער פון איר אַפּאַרטמענט און ארויסגעקוקט צום גאַס. ס'איז געווען פרילינג אין גאַס. אַ ווינט האָט צעריסן די וואָלקנס און עס האָבן זיך געזען שטיקער בלויער הימל און אין לופט האָט געשמעקט מיט רויער ערד. די פרוי, וואָס ביים פענסטער, — עטל איז געווען איר נאָמען, — האָט אריינגעאָטעמט אין זיך די פרישע לופט: „ס'שמעקט פונקט ווי אַמאָל אין דער היים", האָט זי זיך דערמאָנט. זי האָט זיך באַלד גענומען צו איר שטוב־ארבעט, שפּאַנענדיק איבערן צימער מיט פלינקע, געשיקטע באַוועגונגען. זי איז געווען אַ געוויקסיגע, מיט אַן אויסגערונדיגט שוואַרץ־חנ'עוודיג פּנים און מיט קלאָרע אויגן, און אירע טונקעלע האָר זיינען געווען פארקאמט נידעריג צום האלז אין אַ געדיכטן קנופּ. זי איז אין דערהיים אויסגעוואקסן אין א פּיצל שטעטעלע, ארומגערינגלט מיט פעלדער און וואלד, און אין איר גאַנצן אויסזען איז נאָך פאַרבליבן אַ מין געזונטע, דאָרפישע פרישקייט.

עס האָט זיך איר איצט גוט געלעבט, עטלען. איר מאן, סעם ריווו־קין, איז געווען אַ גוטער ארבעטער אין אַ שאַפּ און ביז גאָר אַן איבערגעגעבענער מאַן. אז ער איז פאַרנאכט געקומען א היים, האָט שוין עטל אויף אים געוואַרט מיט דעם גוטן סאַפּער, אליין אַן אויפ־געראַמטע און א פריילאכע. סעם ריווקין איז געווען פון נידעריגן וואוקס, ברייט־ביינערדיג און פעסט געבויט. ער איז געווען א פראָסטער און שטילער מענטש, אזוי ווי עטל. און ביידע האָבן זיי געהאט דיזעלביגע זאָרגן: ווי אזוי צו פירן זייער הויז און ווי אזוי בעסער צו דערציען זייער איינציגן זון, בענע'לען, וואָס איז שוין איצט אכצן יאָר אלט געווען. אַ געוויקסיגער און א ברוין־הויטיגער אזוי ווי זיין מאמע.

איין מאָל אין וואָך, שבת בייטאָג, זיינען מאן און ווייב גע־

גאנגען אין אידישן טעאטער. זיי האָבן זיך גוט אָנגעלאכט פון די קאָמישע וויצן, וואָס זיי האָבן דאָרט געהערט. דערנאָך האָט מען אינדערהיים געגעסן דעם גוטן סאפּער. און בענעלע מיט זיין מיידל זיינען אויך ביים טיש געזעסן. סעם ריווקין, האָט אָנגע־קוואָלען יעדעס מאָל פון זיין עטלען, וואָס איז אזא גוטע באַלעבאָסטע און א גוטע ווייב. עטל האָט אליין, אָן איר מאן, ניט אריבערגע־טראָטן דעם שוועל פון איר שטוב. נאָר צו זייערע שכנים, די לואיס׳עס, וואָס האָבן געוואוינט א טיר־לעבן־א־טיר, איז זי יע געגאנגען.

די לואיס׳עס זיינען פריער געווען גאָר פאַרמעגלאכע מענטשן, נאָר איצט, נאָך דעם גרויסן קריזיס, זיינען זיי שטארק פאראָרימט געוואָרן. אז עטל איז אהין אריינגעקומען, האָט זי נאָך געזען די רייכע אויסשטאַטונג פון פריער. דער מיסעס לואיס, עלענאָר׳ן, האָט זי שטענדיג געטראָפן ליגנדיג אויפן „סטודיאָ־קאָוטש" מיט א „מואווי־מעגעזין" אין האַנט, און א קליין ווייס הינטל, באַבי, איז געלעגן ביי אירע פיס. עלינאָר אליין איז געווען אן עלעגאנטע פרוי מיט א דינער פיגור און די האָר פון א שטארק־העלן קאָליר, זיינען געווען איינגעפּרעסט צום קאָפּ מיט נעטע לאָקן. און גערעדט האָט זי מיט א שיינעם ענגלישן לשון. עטל איז מיט איר גוט באַ־פריינדעט געוואָרן די לעצטע צייט. און עלינאָר האָט גערן גע־וואָלט העלפן עטלען ווערן מערער מאָדיש:

— איר וועט דארפן עפּעס טאָן צו אייער אויסזען, — האָט עלינאָר מיט א קריטיש אויג באַטראַכט עטל׳ס אויסגערונדיגט פנים און די צו־פולע היפטן. און עטל האָט געפילט זיך זייער צוריקגעשטאנען פון דער צייט, סיי אין איר אויסזען און סיי אין איר קליידונג. עטל האָט דערנאָך גענוג געהאט וואָס צו דערציילן איר מאן פון די לואיס׳עס, די פיינקייט און די איידלקייט פון יע־נעם הויז. נאָר אויף מיסטער ריווקינען האָט דאָס קיינמאָל ניט געמאכט קיין גרויסן איינדרוק:

— זיי זיינען גרויסע קבצנים, דיינע לואיס׳עס, אזוי ווי מיר — האָט ער גוטמוטיג צוגעשמייכלט.

דייוו לואיס׳ן, עלינאָר׳ס מאן, האָט עטל ווייניג געזען. און אז זי האָט אים יע געזען, האָט זי זיך געשעמט פאר אים צו ריידן. ער

איז איר אויסגעקומען שוין צו־אַריסטאָקראַטיש. ער האָט געהאַט א דינעם פּנים און א שיינעם קאָפּ האָר און זיינע עטוואָס ארויס־געזעצטע אויגן האָבן געקוקט אויף א מענטשן דורכדרינגענדיג טיף. עטל האָט פון אים געדענקט, אז ער האָט אן אויסזען פון א גרויסן מענטשן, פון א געלערנטן, צי פון אַ שרייבער. עלינאָר האָט אָפּט באַקלאָגט זיך פאר עטלען אויף איר מאַן, געזאָגט אז ער איז א „פוילער", צו קיין ביזנעס טויג ער זיך ניט אויס און קיין פאַך קען ער ניט און אז דורך אים איז איר לעבן א צעבראָכענער.

עלינאָר האָט אָפּט געליטן אויף לייכטע הארץ־אטאקעס. זי האָט דאמאָלסט אויסגעקוקט שוואַך און אָפּגעצערט און זי האָט נאָר געמוזט ליגן און רוען. קיין דינסט צו העלפן האָבן די לואיס־עס שוין ניט געקענט האָבן און עטל איז דאמאָלסט אָפּט ארייננגע־קומען אהין ארויסהעלפן מיט אן ארבעט. איינמאָל, אז עטל איז אריינגעקומען צו זיי אין קיך, האָט זי געטראָפן דייוו לואיס'ן זיך פּאָרען ביים קיך־אייוועלע. ער האָט געפּרואווט צוגרייטן טאָוסט און מילך פאר עלינאָר'ן. עטל האָט פון אים איבערגענומען די ארבעט און זי האָט פון דייוו'ן געלאכט, ווי ניט־געשיקט ער איז אין קיך־אָנגעלעגנהייטן און דייוו האָט האלב אין שפּאס און האלב ערנסט געענטפערט, אז: „אלעמאָל מוז ער גראָד טאָן זאכן צו וואָס ער טויג זיך ניט אויס", און אזוי ארום האָבן זיי ניט־ווילנדיג זיך צערעדט שטייענדיג ביידע ביים קיך־אייוועלע:

— אייער מאן ארבעט אין א שאַפּ? — האָט ער געפרעגט ביי עטלען, — איך וואָלט זיך געדארפט דורכריידן מיט אים, אפשר איז א פּלאַן אויסצולערנען זיך עפּעס א פאַך?

עטל האָט אויף אים א קוק געגעבן פון אויבן ביז אראָפּ און א שמייכל געטאָן. זי האָט ניט געגלויבט, אז ער מיינט דאָס ערנסט, ווייל ער האָט איר אויסגעזען ניט צו זיין באשאפן פאר שווערער ארבעט מיט זיין איידעלן אויסזען און די שמאָלע, ווייסע הענט.

— אָ, דאָס איז ניט פאר אייך, — האָט זי א לאַך געטאָן.

— פארוואָס ניט פאר מיר? — האָט ער אויך געשמייכלט. ער האָט איצט געקוקט אויף איר נייגעריג מיט זיינע עטוואָס ארויס־געזעצטע אויגן, ווי ער וואָלט איר איצט צום ערשטן מאָל דערזען.

אז זיי זיינען דערנאָך ביידע שוין געווען ביי עלינאָר'ן אין צי־

מער, האָט דייוו עלינאָר׳ן דערציילט וועגן זיין פּלאַן אויסצולערנען זיך א פּאַך. עלינאָר האָט נאָר שפּאָטיש א שמייכל געטאָן:

— יע, אויסלערנען זיך א פּאַך, דערנאָך באַלד אוועקוואַרפן עס און זוכן עפּעס אַנדערש. דאָס איז געווען אָן אָנדייט, אַז דייוו האָט ניט גענוג כאַראַקטער עפּעס אונטערצונעמען און דורכפירן עס.

דייוו האָט צוגעשוויגן. ס׳איז אַנטשטאַנען איינע פון יענע אָנגעצויגענע מינוטן צווישן מאַן און ווייב, ווען עטל האָט ניט גע־וואוסט צי זי זאָל בלייבן זיצן אָדער גיין צו זיך אהיים. מיטאַמאָל האָט דייוו זיך צערעדט, און געווענדט האָט ער זיך איצט מער צו עטלען ווי צו עלינאָר׳ן. „די צרה איז וואָס ער האָט אין דער יוגנט צופיל זאַכן געוואָלט פאַר איינמאָל״, האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַר אימיצן, „און זיין „ריעל־עסטייט״ ביזנעס איז אים קיינמאָל ניט געווען צום הארצן. צו טאָן דעם גאַנצן לעבן זאַכן, וואָס מען האָט ניט ליב״ . . .

ער איז ארומגעגאַנגען איבערן צימער, מיט דער האַנט גע־קאַמט זיך די האָר, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען ווערטער, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט גענוצט. עטל איז געזעסן ביים פענסטער. זי האָט זיך צו דייוו׳ס רייד ווייניג וואָס צוגעהערט. נאָר גיכער צו זיין קול, וואָס האָט געקלונגען אַזוי אומעטיג־פאַרבענקט און זי איז מאָדנע גערירט געוואָרן פון דעם. עלינאָר איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אָן א באַרג קישעלאַך. זי האָט אויך געשוויגן און איר פּנים האָט אויסגעקוקט זייער מיד.

שפּעטער, אַז עטל איז שוין געווען אין שטוב ביי איר און זי האָט איילנדיג געגרייט דעם סאַפּער, האָט זי געהאַט אַן אומרואיגן געפיל, אַז זי האָט היינט דאָרט ביי די לואיס׳עס ניט גוט זיך גע־האַלטן, און אַז זי האָט זיך דערמאָנט ווי דייוו האָט עטלאַכע מאָל דורכדרינגענדיג אַזוי אויף איר געקוקט, איז זי גאָר פאַרמישט גע־וואָרן.

* * *

דער סעזאָן אין שאַפּ איז געווען א שווערער פאַר סעם ריווי־קין׳ען. א פריער איז געווען א גרויסער „סלעק״, דערנאָך האָט מען געאַרבעט אָווערטיים, אָן א צייט און אָן א מאָס. אהיים איז סעם געקומען א מידער, א פאַרשוויצטער. ס׳איז אים געווען גוט פאַרן אויג צו זען עטלען אַזא אויפגעמונטערטע, א פרישע. ווי נאָר ער

האָט אָפּגעגעסן דעם סאַפּער, האָבן זיך אים שוין געקלעפּט די אויגן און ער האָט גערופן עטלען צו גיין שלאָפן:

— ס'איז נאָך אַזוי פרי! — האָט זיך עטל ביי אים געבעטן, — דו לייג זיך צו אויף אַ ווײַלע און איך וועל דערווייל אַרײַנגיין אַביסל צו די לואיס'עס.

— גיי, גיי קינדעלע, — האָט סעם ריווקין ווייך אַרויסגערעדט, ווי אַ פאַרשולדיגטער.

ביי די לואיס'עס אין הויז האָט עטל אָפטמאָל באַגעגנט עט־לאַכע פריינדינעס עלינאָר'ס. זיי זײַנען געזעסן אַרום עלינאָר'ן אויפן „סטודיאָ־קאַוטש" און זייערע שמועסן זײַנען אַלעמאָל גע־ווען וועגן טעאַטער און בראָדוויי, וועגן די אַקטריסעס און זייער פּערזענלאַכן לעבן. עטל איז געזעסן און אײַנגעהערט זיך און זי האָט זיך געוואונדערט ווי זיי ווייסן אַלץ. זיי האָבן גערעדט פון אינטימע זאַכן אָפן און מיט דער זיכערקייט פון מענטשן וואָס האָבן שוין אַלץ דורכגעלעבט. דער צימער איז דאַמאָלסט געווען געדיכט מיט רויך פון פּאַפּיראָסן און מיט פּאַרפיום ריחות. די לאָמפּן פון אונטער די קאָלירטע אַבאַזשורן האָבן אַרויסגעגעבן אַ טונקעלן, פאַנטאַסטישן שײַן. און פון דעם אַלעמען האָט זיך עטלען אַזש געדרייט דער קאָפּ.

אין אַזאַ אָוונט, אַז דייוו לואיס איז אַרײַנגעקומען אין צימער, האָט ער אַרײַנגעבראַכט מיט זיך עפּעס אַן אומרואיגן ווינט. ער האָט אָפּגעפּאַרטיגט זיין באַגריסונג צו די געסט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווי צו ווייזן אַז זיי אינטערעסירן אים ניט און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער לעבן עטלען. ער און עטל האָבן דאַמאָלסט ווייניג גערעדט צווישן זיך, נאָר ס'איז געווען ווי וואַרעמע שטראָמען וואָלטן זיך געצויגן פון אים צו איר. דאָס זײַנען געווען כּישוף'דיגע מינוטן פאַר עטלען, ווען איר האָט זיך געגלוסט אָנצו־רירן זײַנע האָר: „זיי מוזן געוויס זיין ווייך ווי סאַמעט", האָט זי אַ קלער געטאָן. דורך דעם פענסטער, אָפן צו דער פרילינג־נאַכט, האָט עטל געקענט זען ווי אין איר אַפּאַרטמענט אַנטקעגן, איז ליכ־טיג געוואָרן. בענעלע אַזוי געקומען פון גאַס, און ער האָט עפּעס געזוכט אין אייז־באַקס. האָט זי זיך אָפּגעריסן פון אָרט און איז אַוועק צו זיך אַהיים.

אין יענע טעג איז איר הארץ פול געווען מיט ליבשאַפט צו אַלץ, וואָס ארום איר, צו איר הויז, צום מאַן און צו בענעלען, איר זון: — „דו גייסט ארום מיט א מיידל", האָט זי מיט א ציטערדיגן הארצן גערעדט צו איר זון, — „זע מאַך ניט קיין מיסטייק, געפין אויס ווער זי איז" . . .

עטל האָט אליין ניט געוואוסט פון וואָס זי איז דאָס אזוי צעטראָגן. ווי עפּעס אומבאוואוסטע כוחות וואָלטן איר געוויגט אהין און אהער, ווען זי האָט געטאָן איר ארבעט אין שטוב. און אז זי האָט זיך ארויסגעזעצט צום גאס וואשן די פענסטער, האָט אַלץ אויסגעזען אזוי פריש און ליכטיג, די גאס און די מענטשן. און אין דעם בלויען הימל האָט זיך איר געפילט ווי עפּעס א צוזאָג אויף א גרויסער פרייד. אונטן אין הויף איז דורכגעגאנגען דייוו. ער האָט ארויפגעקוקט צו איר און געשמייכלט.

אזוי איז אוועק א לאנגע צייט. און איינמאָל אז עטל האָט צוגעגרייט אָנבייסן פאר בענעלען, האָט זי דערהערט פון דעם אנטקעגנדיגן אפּארטמענט, פון די לואיס׳עס, א הויך גערייַדעריי. דאָס האָט עלינאָר זיך געקריגט מיט איר מאַן. עטל איז געבליבן שטיין א פארציטערטע, קיינמאָל האָט זי נאָך ניט געהערט עלינאָר׳ן אזוי שרייען. דאָס הארץ האָט איר געזאָגט, אז די קריג זייערע האָט א שייכות צו איר, צו עטלען. א לאנגע צייט איז זי אזוי געשטאנען עטל, דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזן נידעריג. זי האָט זיך דערמאָנט ווי שוין א סך מאָל האָט זי באַגעגנט עלינאָר׳ס שארפן און פאַרשנדיגן בליק געווענדט צו איר. עלינאָר פארדעכדיגט איר אין שלעכטע זאכן. א צעטראָגענע האָט איצט עטל ביי זיך געטראכט, אז אויב עלינאָר וועט זיך אריינרייסן אהער אין שטוב, שרייען און זידלען איר, וועט זי, עטל, אָננעמען איר פאר די הענט און זי וועט איר איינרואיגן: — „ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז גאָרנישט, עלינאָר, איר טאָרט ניט איבערטראכטן, איר טאָרט ניט איבערטראכטן קיין שלעכטע זאכן" . . .

אין יענעם טאָג איז שוין עטל צו די לואיס׳עס ניט געגאנגען. און אויף מאָרגן אויך ניט. אָנשטאָט דעם האָט זי זיך אויסגעזוכט א טויזנט ארבעטן צו טאָן און ערטער וואוהין צו גיין. און ווי אין א פיבער האָט זי דאָס אַלץ געטאָן, ביז וואנען איינמאָל אין אַן אָוונט איז עלינאָר אליין מיט איר מאַן געקומען צו עטלען אין

שטוב אָפּשטאטן איר א וויזיט. מיסטער ריווקין האָט שוין דאַ־
מאָלסט געהאט זיך צוגעלייגט שלאָפן און עטל איז געשטאנען ביים
סינק און געוואשן דאָס געפעס. האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר.
עטל איז געבליבן אָן לשון, אז זי האָט עלינאָר׳ן מיט דייוו׳ן דערזען
ביי זיך אין שטוב. זי איז געלאָפן און אויפגעוועקט איר מאן.
סעם ריווקין האָט אויף גיך זיך צוגעגלעט זיינע צעפּאטלטע האָר
און עטל האָט אים געהאָלפן אָנטאָן דעם אויבערשטן רעקל:

— מיר ווילן זיך דורכריידן מיט אייער מאן וועגן שאפּ, —
האָט עלינאָר באלד אָנגעהויבן ריידן. זי האָט זיך געהאלטן מיט
געמאכטער דרייסטקייט און זיכערקייט. און דייוו האָט געהאלטן
זיך ווי אין שאָטן. ער האָט ענדלעך מיט סעם ריווקינען פארבונדן
א געשפרעך וועגן זיין ארבעט און די אויסזיכטן פאר אים, דייוו׳ן
דאָרט צו קריגן א וועלכן עס איז דזשאב. ער האָט גערעדט ווי
געצוואונגען, ווי ער גלויבט אליין ניט, אז סעם ריווקין קען אים דאָ
ארויסהעלפן. עלינאָר האָט דערווייל גוט אָנגעקוקט עטל׳ס אביסל
אלט־מאָדיש אויסגעשטאטע צימערן. אין דעם העלן, עלקעטרישן
ליכט האָט עלינאָר׳ס פּנים נאָך אויסגעזען מערער מיד. מיט א
נעץ פון קנייטשעלאך ארום די אויגן און איר דינע פיגור האָט
איצט אויסגעזען ווי אויסגעטריקנט פון אַלע זאַפטן.

— פארוואָס זעט מען אייך ניט ביי אונז? — האָט עלינאָר
אָנגעשטעלט אויף עטלען אירע פאָרשנדיגע אויגן. עטל האָט ניט
געוואוסט וואָס צו ענטפערן. זי האָט די גאנצע צייט געפילט אויף
זיך דייוו׳ס הייסע בליקן, נאָר זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ נידעריג
אראָפּגעלאָזן. ס׳איז געווען ווי אן אָנגעשטרענגטע שפּיל צווישן
זיי אלע דריי. איין סעם ריווקין האָט זיך געפילט פריי און גוט
אויפגעלייגט, ער האָט פון גאָרניט ניט געוואוסט.

* * *

צוליב עלינאָר׳ס שוואכן געזונט האָבן די לואיס׳עס געקליבן
זיך צו פאָרן אויף א וואָך אין די בערג. עטל האָט זיי געהאָלפן
ארויספּראוועז אין וועג. אין א פּאָר טעג ארום איז דייוו לואיס
געקומען צוריק. עטל האָט דורך איר פענסטער אים דערזען גיין
אהיים. אז זי איז ארויסגעלאָפן פון שטוב, האָט זי דייוו׳ן באגעגנט
גייענדיג אויף די טרעפּ: — וואָס האָט פּאסירט? — האָט זי אן

איבערגעשראָקענע אים געפרעגט. — גאָרניט, — האָט דייוו גע־שמייכלט. —ער האָט געמוזט צוליב ביזנעס אומקערן זיך צוריק אין שטאָט אויף א טאָג.

— און עלינאָר?

— עלינאָר איז פארבליבן אין די בערג. ער וועט צום ענדע וואָך פאָרן איר אָפּנעמען.

זיי האָבן גערעדט איצט איילנדיג און איבערגעשלאָגן איינע די אנדערע. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען זיי זיינען געווען אליין, אָן פרעמדע אויגן. דייוו האָט געזאָגט:

— כ׳האָב פארגעסן נעמען עלינאָר׳ס ווארעמע שאָל. זי וועט עס דאָרט בויטיג דארפן האָבן. קומט עטל, — האָט ער איר אָנ־געריררט פאר דער האנט, — איר וועט מיר העלפן געפינען די שאָל.

א ווײַלע זיינען זיי געשטאנען אזוי איינס אנטקעגן אנדערן אין קאָרידאָר. עטל האָט צוגעמאכט די אויגן און זיך א וויג גע־טאָן. זי האָט געפילט אז ער איז איצט אינגאנצן אירער. א גרויס פרייד האָט א פלייץ געטאָן איבער איר, נאָר באלד האָט זי זיך ארומגעקוקט: וואו איז זי? ס׳האָט יעדער מינוט געקענט אי־מיצער אָנגיין אויף די טרעפּ און זען ווי זי שטייט דאָ אזוי מיט אים.

— ניין, איך קען ניט, — האָט זי שטיל, ווי דורכן שלאָף, געזאָגט.

— פאַרוואָס ניט, עטל?

זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזן און געשוויגן שטיל.

— גוד־ביי! — האָט דייוו געזאָגט. זיין טאָן איז געווען אזא ווי ער געזעגנט זיך מיט איר שוין אויף אלע מאָל.

עטל איז ארײַן אין שטוב און אַ פאַל געטאָן אויף איר בעט און איינגעגנורעט דעם קאָפּ אירן טיף אין קישן. דעם גאנצן טאָג איז זי אזוי אָפּגעלעגן. און פארנאכט־צו, אז מען האָט שוין גע־דאַרפט אַ טראכט טאָן וועגן נעמען זיך צום סאַפּער, האָבן אלע אירע גלידער געווייטאָגט ווי אין א שווערער קרענק. אינאיינעם מיט איר טרויער איז ערגעץ אין הארצן ביי איר אויפגעגאנגען א מין געפיל פון זיכערקייט, אזוינס וואָס מען פילט ווען מען האָט אויסגעמיטן אַ גרויסן אומגליק.

אויף מאָרגן באַלד אינדערפרי, אַז סעם ריווקין האָט זיך גע־
גרייט גיין צו דער אַרבעט און ער האָט געטרונקען זיין קאַווע,
האָט עטל צו אים געזאָגט: — איך וועל אפשר היינט ניט מאַכן
קיין סאַפּער, סעם.

— אָלרייט, — האָט סעם ריווקין זיך געאיילט צו ענטפערן,
— אָבער . . .

— וואָס אָבער? — האָט עטל אַן אויפגערעגטע אַ געשריי גע־
טאָן. עס האָט איר שוין פאַרדראָסן אויף איר מאַן, וואָס ער זעט
גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. „די צרה מיט איר איז, וואָס
זי האָט אַ צו גוטן מאַן", — האָט עטל איצט געטראַכט, — „אַלץ
איז ביי אים אָלרייט. נו, און אַז זי וועט גאָר נעמען און אַוועק
פון שטוב אינגאַנצן, וועט ביי אים אויך זיין אָלרייט?"

* * *

עלינאָר איז געקומען צוריק פון איר וואַקאַציע נאָך מער
קראַנק ווי זי איז געווען. אַז עטל איז אַהין אַריינגעקומען, האָט זי
איר שוין געטראָפן ליגנדיג אין בעט און אין שטוב האָט זיך אַרומ־
געדרייט אַ נוירס. אפילו אין בעט ליגנדיג האָט עלינאָר אויסגע־
קוקט עלעגאַנט. מיט איר מאָדישער פריזור און די נעגל שטאַרק
רויט. דער הינטל באַבי איז שטיל געלעגן ביי אירע פיס. אויף
עטלען האָט זיך דאַמאָלסט קיינער ניט אומגעקוקט. עלינאָר האָט
געדרעמלט, אָדער געמאַכט זיך דרעמלענדיג און דייוו איז געזעסן
פאַרטיפט אין לייענען אַ בוך. ער האָט קוים אויפגעהויבן דעם
קאָפּ אַז עטל איז אַריין און קאַלט האָט ער איר געגריסט. עטל
האָט געוואוסט, אַז זי דאַרף פון דאַנען אַוועקגיין וואָס גיכער, נאָר
זי איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידטע צום אָרט. ווי איר איז
ניט געווען שווער איר געמיט, האָט זי אין האַרצן ביי זיך אָפּגע־
לאַכט פון דייוו'ן: „דו מעגסט זיך זיין אַ געלערנטער, נאָר דו
פאַרשטייסט ניט עטלען", — האָט זי פון אים געטראַכט איצט. זי
האָט דאָך געוואָלט פאַרהיטן דעם כבוד פון זיי ביידן, פון אַלעמען.
„ער פאַרשטייט ניט, ער איז ווי אַלע", האָט עטל אין זיך אים פאַר־
געוואָרפן.—„און זי האָט זיך דאָס איינגערעדט וועגן אים אַזעלכע
הויכע זאַכן".—מסתמא איז דייוו'ן אַליין אויך שווער געווען אין דער
מינוט, וואָס עטל איז געווען אין צימער, ווייל ער האָט אויסגע־

קוקט שטארק פארלאָרן, אז ער האָט געפּרואווט עפּעס זאָגן.

אין די אָוונטן איז איצט עטל איינע אַליין ארומגעגאנגען שפּאצירן אין די גאסן. אין יענע יוני נעכט זיינען די הימלען גע־ ווען אויסגעשאָטן מיט שטערן און אין דער לופט האָט געשמעקט מיט יונגן בעז און עטלען האָט איצט ווײ־געטאָן צו זען א בלויען הימל. עס איז איר ניט ליב געווען דאָס לעבן מיט זיינע פאר־ פלאָנטערטע וועגן און זיינע שיינקייטן. אז זי איז געקומען אהיים האָט איר מאן שוין געהאט איבערגעקערט זיך אויף דער אנדערער זייט.

— דו קומסט פון א מואווי? — האָט ער דורכן שלאָף איר געפרעגט. עטל האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די זאכן: — „ער איז ווי אַלע, ער איז ניט ווערט אירע ליידן", — האָט זי אַלץ פון דייוו'ן געטראכט.

* * *

— שא, שטילער אביסל, — האָט סעם ריווקין געזאָגט צו זיין זון, וואָס איז איינמאָל פייפנדיג און זינגענדיג ארייננעקומען אין שטוב, — די מאמע איז עפּעס ניט געזונט. זי האָט זיך צוגע־ לייגט א ווײלע, — האָט ער דערציילט בענעלען מיט א שטילן קול. בענעלע האָט זייער ליב געהאט זיין מאמען, און ער איז שטארק באאומרואיגט געוואָרן. נאָך א לאנגער בעראטונג פון דיביידע מאנסבילן איז געבליבן אז מען זאָל זען ניט אנדערש, עטל זאָל פאָרן אין די בערג זיך אויסרוען.

עטל האָט אין אָנהייב גאָרניט געוואָלט הערן פון זייער פּלאן. זי האָט זיך דאמאָלסט ארומגעדרייט איבערן שטוב ווי זי וואָלט גאָר ערשט געקומען פון א ווייטער רייזע. נאָר אין איינעם א פרי־ מאָרגן האָט זי עפּעס גאָר אומגעריכט פאר זיך אַליין גענומען איינ־ פּאקן אירע זאכן אין א וואַליזע און אויף מאָרגן האָט שוין סעם ריווקין און בענעלע באגלייט איר צום וואָקזאַל.

די באן האָט זיך געיאָגט דורך גרינע פעלדער און געדיכטן, צעוואקסענעם וואלד. עטל איז געזעסן ביים אָפענעם פענסטער. דאָס ווינטל, וואָס האָט געווייעט איר ארום פּנים, האָט איר ווי געגלעט און איינגערואיגט. „דער זומער איז שוין אין פולן גאנג", — האָט עטל א טראכט געטאָן. פון גאנצן דורכגעלעבטן פרילינג

איז אין הארצן ביי איר פארבליבן נאָר א טיפער אומעט, ווי אמאָל פון אַ זומערדיגן פאַרנאַכט, ווען עס באַווייזט זיך אויפן הימל אַ וואונדערלאכער געוועב פון קאָלירן און עס פארשווינדט באלד צוריק . . .

# אויף אַ פּיקניק

אין יענעם פרימאָרגן איז סיידי נישט געשלאָפן שוין פון באַגינען אָן. זי האָט פאַרשאַרט דעם פאָרהענגל פון איר פענסטער. דערזען די רויט־אויפקומענדיגע זון איז איר פריילאך געוואָרן אויפן הארצן:

— ס׳אַראַ טייערער טאָג פארן פיקניק!

אַ סאָציאַליסטישער פיקניק איז פאר סיידי׳ן א יום־טוב, וואָס איז גרעסער פון אלע יום־טובים. סיידי האָט געפירט איר יחוס נאָך פון אמאָל אין דערהיים, אין די העלדישע צייטן פון „בונד״. זעלדקע די שניידערקע האָט זי דאמאָלסט געהייסן און געוועזן איז זי די ערשטע אויף א געפערלאכע אונטערערדישע ארבעט און די ערשטע זינגערקע אויף א „פראַזדניק״. אזוי איז אויך געוועזן דער פארשטאָרבענער מאן אירער, אַראָנטשיק דער קאַמאַשנשטעפער, א מוטיגער און א העלדישער אין יענע גרויסע קאמפן, און זיין נאָמען האָט גע׳שמ׳ט אין גאנץ בערעזין און אין אלע שטעטלאך פון אונטער מינסק.

איצט איז סיידי פאַריאָגט שטענדיג מיט ארויסנעמען ארבעט צו זיך אהיים פון שאפּ און מיט אויפהאלטן איר הויז און אירע דריי קינדער. אַ שווערן לעבן פירט סיידי, נאָר זי שעפּט אירע כחות פון דעם שטארקן גלויבן, וואָס זי טראָגט אין הארצן ביי זיך, אז אין דער צוקונפטיגער אָרדנונג וועט מען זיך שוין ניט דארפן אזוי פיל מאטערן.

אין דעם טאָג פון פיקניק איז שוין סיידי דעם גאנצן פרימאָרגן יום־טוב׳דיג אויפגעלעגט. זי פוצט און מאכט יום־טוב׳דיג איר שטוב. זי ווישט די פאָטאָגראפיעס פון די ווענט, די תמימות׳דיגע

פנימ׳ער פון די בחורים און מיידלאך, וואָס שטייען אַלע אין העל־דישע פּאָזעס. צווישן זיי קאַרל מארקס מיט דער רבי׳שער באָרד און דעם לויטערן פּנים. סיידי פארקוקט זיך אויף אירע בילדער. איר דוכט זיך ווי דורך זיי באהעפט זי זיך מיט איר אידעאַל און מיט דעם אָנדענק פון איר מאַן.

סיידי אַליין זעט דאמאָלסט אויס ווי געלייטערט. איר פּנים, א בלייך־מידער, זעט אויס ערנסט און פרום, און אין די שווארצע טיפקייטן פון אירע אויגן לייכט זיך א פּייערל.

אירע דריי זין, וואָס גייען אַלע אין די קאַלעדזשעס, קוקן אויף זייער מאַמען מיט גוטמוטיגער גרויסהאַלטערישקייט, פון אויבן אַראָפּ. און דער אינגסטער, דער מוזיקער, רעדט צו איר געטריי:

— וואָלסט געדארפט זיך בעסער אויסרוען דורכן זונטאָג, מא!

סיידי שאָקלט דעם קאָפּ אומעטיגלאַך. זי טראָגט א שטילן ווייטאָג אין הארצן ביי זיך: אָט די זין אירע, איר אייגן פלייש און בלוט, זי וועט וועלטן איינלייגן פאר זיי, זי וועט לאָזן זיי לערנען, אז זיי זאָלן וואַקסן גרויסע מענטשן, נאָר זיי זיינען אזוי אמעריקאניש, און גאָר ניט קיין „באוואוסטזיניגע״.

אין מינוטן שווערע, בשעת די נויט לאָזט זיך אויך צו זייערע יונגע לעבנס דערקענען און זיי פארלירן דעם קוראזש, לערנט זיי סיידי ניט אונטערגעבן זיך, ניט אָפּלאָזן זיך:

— זאָל זיך דוכטן, ווי איך אַליין בין געווען אין אייערע יאָרן. מען האָט געהונגערט און אין די טורמעס איז מען געזעסן . . . אמאָל אין דערהיים . . .

ענטפערן זיי גאָרניט, די זין סיידי׳ס, נאָר קוקן זיך איבער שווייגנדיגע. עס קלעפּט זיך ניט צו זיי איר לערע. און סיידי׳ן פארדריסט דאָס ביז גאָר.

* * *

דאָס פעלד, וואָס פירט צום פּיקניק, איז גרין און ליכטיג און איבערן פעלד ציען זיך שערענגעס מענטשן פון אַלע זייטן, פון אַלע וועגן.

א סאָציאַליסטישער פּיקניק איז ווי א גרויסע איבערוואנדערונג. פון דער בראָנקס און ברוקלין. גאנצע משפחות לאָזן זיך אין וועג.

אויף די באוועגונגען פון די גייענדיגע מענטשן רוט דער שטעמפל פון פיבערדיגן ניו־יאָרק און פון שאַפּ. מען טראָגט ריזיגע טשע־מאָדאַנעס עסנווארג אין האריגע, פארקאשערטע הענט און מען איז רירעוודיג און זייער באלעבאט. די יולי זון שפּילט איבער אלעמענס קעפּ און חברה ווארפן זיך דורך מיט ווערטלאך איבערגעמישט מיט געלעכטער:

— סעי, לאנדסמאן!

סעי, שווערער ארבעטער!

— שטיי, וואָס יאָגסטו זיך? ס׳איז דאָך ניט קיין באַנדל אר־בעט.

סיידי גייט אין טראָט מיט אלעמען צוגלייך. דאָס זיינען אירע אייגענע מענטשן, איין גרויסע משפּחה. זי הערט די געמיטלאכע שמועסן און געלעכטער, וואָס זיינען צו אירע אויערן ווי זיסע מוזיק. און אזוי ווי הערנדיג גוטע מוזיק טראכט זיך אָפּט אייגענע גע־דאנקען, אזוי איז איצט סיידי ארייַנגעטאָן מיט איר געדאנק אין זיך אליין און זי זעט איצט איר יוגנט, איר מאן אַראָנטשיק דעם קאַמאַשנשטעפּער, און וועגן אירע קינדער טראכט זי און פון איר גאנצן לעבן.

— העלאָו, סיידי! — הערט זי אלע ווײַלע ארום זיך. זי גיט זיך האסטיג א קער־אום צו עמיצן און ענטפערט אָפּ פריילאַך:

— וואָס פאר א סיידי בין איך דיר? זעלדקע איז מיין נאָ־מען, האָסט שוין פארגעסן?

עס קומט סיידי׳ן צו א שטיק געזונט, אז זי דערזעט אירע אל־טע, טייערע פריינט. דבורה׳לע די לאנגע, בערטשיק שניידער און אברהמ׳ל דער סופר. דבורה׳לע האָט דאָ אין לאנד צעוואקסן זיך גראָד אין דער ברייט און בערטשיק׳ן ציט שטארק צו ריידן מיט סיידי׳ן נאָר ענגליש; אברהמ׳ל סופר האָט דאָ אין אמעריקע זיך אויסגעלערנט צו זיין א פירער פון א יוניאָן און ער האלט זיך זייער גאווה׳דיג. נאָר פאר סיידי׳ס אויגן האָבן זיי זיך ניט געביטן אויף א האָר און זי קען ארויסקריגן אין איר זכרון די זעלביגע היימישע שטריכן זייערע פון אמאָל.

— זע נאָר, אמעריקע גנבו! — גיט זי צו זיי א זאָג שמייכלענ־דיג כיטרע.

אין גרויסן שאָטנדיקן פּאַרק איז דער יום־טוב אוועק שוין אין פולן גאַנג. ווי די שבטים פון איין גרויסן שטאַם אזוי איז יע־דערער דאָ פּאַרטיילט לויט זיין שטעטל, לויט זיין גרופּע. ביי די טישלאַך הילכיגע באַלעבאַטע שמועסן, צוגעביסן מיט א „סענדוויטש" און געשמאַקן ביר. אימיצער איז שוין איינגעוויקלט אין א היציגן דיספּוט; אימיצער האָט שוין צונויפגעשטעלט א כאָר צו זינגען ארבעטער־ניגונים.

סיידי און איר אַלטע פריינדינע, צייטל די זאַקנמאַכערקע, שטייען אָן א זייט, אָנגעשפּאַרט אָן א בוים און ריידן זיך אראָפּ פון הארצן פון אַלע לאַנגע, דורכגעלאָפענע יאָרן. צייטל איז דאָ אין לאַנד געוואָרן א בורזשויקע און רופט זיך ציליע קויפמאַן, נאָר איר ציט נאָך שטארק צו אירע אַלטע הארציגע פריינט.

— צייטעלע קרוין, אז איך זאָל דיר נעמען דערציילן . . . — רעדט סיידי ארויס מיט א ניגון — ווייסט דאָך, מיין אַראַנטשיק, „עליו־השלום" . . .

דער „עליו־השלום" האָט זיך ביי סיידי׳ן ניט־ווילנדיג ארויס־געכאַפּט און זי פארשטעלט באַלד דאָס מויל מיט אירע צוויי פינגער.

איצט רעדט סיידי וועגן אירע קינדער, האַלטנדיג איר פריינ־דינע פעסט ביים אַרבל:

— דער עלטסטער, דער דאָקטאָר, ער האָט א גאָלדענע הארץ; זאָל ער נאָר געזונט זיין. און דער אנדערער, שוין באַלד ענדיגט ער לאָיער, און נאָך אַלץ פאַרטאָן אין שפּיל. ספּאָרטס, נאָר ספּאָרטס, פרעג וואָס? ניט קיין באַוואוסטזיניגער און גאָר — לאָזט אויס סיידי אביסל טרויעריג.

רופט זיך אָפּ צייטל, שוין מיט גרויס אויטאָריטעט:

— וואַקסט שוין אַן אַמעריקאַנער דאָך אודאי?

נאָר סיידי וועט ניט דערלאָזן, אז אימיצער זאָל טראַכטן שלעכטס וועגן אירע קינדער:

— אַט, גיי שוין גיי, צייטל. ער וועט נאָך קומען צום שכל. זאָל ער זיך שפּילן נאָך א ווײַלע. דעם גוטן לעבן וואָס מ י ר האָבן דאָס געהאַט ביי אונזערע טאַטע־מאַמע.

— נו, און דער אינגסטער? — וויל וויסן איר פריינדינע.

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג, — כאַפּט סיידי אונטער דער־

ווייל א געזאנג, וואָס טראָגט זיך פון אן אנדער ווינקל פון פּארק, און וואָס סיידי דערקענט באלד די ארבעטער־ליד.

— דו מיינסט מיין מוזיקער? — ציט זי ווייטער דעם איבער־געריסענעם געשפּרעך. און איר פּנים צעשיינט זיך גאָר באזונדער:

— א לעבן אים אין קאָפּ. א קינסטלער איז ער דאָך. שפּילט פידל, שפּילט ער.

— אזוי גאָר?

— ווי זשע דען? מעגסט מיר זיכער גלויבן, ס׳קומט אָן מיטן טויט דעם צאָלן פאר די לעסאָנס יעדן מאָל.

— פארוואָס האָסטו ניט געמאכט פאר אן ארבעטער כאָטש איינעם פון דיינע זין?

— הערסט דאָך, אז זיי וואקסן ביי מיר נאָר פּראָפעשאָנאלס, — רעדט ארויס סיידי מיט א באזונדערן שטאָלץ.

* * *

אז די זון האָט זיך דערנעענטערט צום האָריזאָנט, און איבערן גאנצן פּארק האָט גע׳יובל׳ט מיט לעבן און גערויש פון די מענטשן, איז סיידי געזעסן אינמיטן פון א גרופּע אייגענע פריינט, מיט א באגייסטערטן פּנים און האלב־צוגעמאכטע אויגן. זי האָט געזונגען. אין האנט האָט זי געהאלטן א ביכעלע מיט פארגעלטע בלעטער, און דאָרט זיינען געווען פארשריבן אלע לידער וואָס מען האָט געזונגען אמאָל אין דער באוועגונג:

— אָך טי דאָ־אָליאָ מאָיאָ דאָ־אָליאָ!

איר קול האָט ווייברירט פון גרויס געפיל און ס׳האָט אויס־געזען ווי דאָס ליד וואָלט געווען א טייל פון איר אייגן לעבן.

ארום איר האָבן דאמאָלסט זיך ארומגעקליבן אן עולם מענטשן. שיינע, סיווע קעפּ, אויסגעפּרואווטע אלטע קעמפער, האָבן מיט־געהאָלפן אין כאָר, מיט זייערע שטארקע, באַסאָווע שטימעס. און ס׳איז געווען ווי זיי וואָלטן ארויסגעזונגען עפּעס ווייטע, פארבאָר־גענע פארלאנגען. א בענקשאפט נאָך שיינע צייטן, נאָך דער יוגנט . . .

און סיידי, ארומגערינגלט מיט אזעלכע מענטשן, איז געווען איבערוועלטיגט מיט פרייד. און געפילט האָט זי זיך ווי באשיצט מיט א שטארקער וואנט אנטקעגן אלע שלעכטס פון דער וועלט.

אָפּט איז דאָס געזאנג איבערגעריסן געוואָרן. אימיצער האָט אריינגעוואָרפן א היימיש ווערטל. אימיצער האָט געענטפערט מיט א געשמאקן וויץ. באלד איז געקומען אויפן זינען די באוועגונג פון אמאָל, אין דער היים, דער „בונד". סיידי איז געבליבן זיצן א צוגעשטילטע, כדי צו הערן פון יענער וואונדערלאכער צייט.

אזוי ווי עס לייענט דער איד יעדן יאָר פון דער הגדה, פּסח ביים טיש, אזוי ווייס יעדער אָנגעהעריגער צום „בונד" וואונדער־לאכע מעשות פון „בונד" צו דערציילן, און ווערט קיינמאָל ניט מיד דערפון.

געווען זיינען דאָ אין רעדל מענטשן, אליין געוועזענע פירער ביים „בונד"; קלוגע, געלערנטע קעפּ, נאָך מיט יונגן פייער אין די אויגן, און סיידי האָט זיך איינגעהערט צו זייער ריידן מיט א מין דרך ארץ. און אליין האָט זי געשוויגן שטיל, ווי עס שווייגט א פראָסטער איד פאר א למדן. זי איז געזעסן צונויפגעלייגט די הענט מיט א שטומער פרייד אין הארצן. נאָר אלע חושיש אירע האָבן אנטייל גענומען אין זייערע רייד, און דאָס פּנים איז איר געווען פארפלאמט.

אין יענעם וואונדערלאכן פארנאַכט האָבן פון אלע ווינקלען פון פארק זיך געטראָגן געזאנגען. און צווישן זיי די רוישנדיגע יונגוואַרג מיט זייערע בייע לידער, אויך רעוואָלוציאָנערע. און סיידי, אז זי האָט זיך צוגעהערט צו אָט די בייע לידער, האָט זי ניט געפילט אין זיי קיין שום געשמאַק. און זי האָט צוריקגעקערט איר בליק צו אירע אלטע פריינט, און זי האָט מיט אַנגסט אין הארצן געגעבן א טראכט:

— וואָס וועט ווערן פון דער וועלט אז אָט די אלטע, שטארקע ארמיי, וואָס איז ארום איר, וועט, חלילה, אויסשטאַרבן? . . .

* * *

ס'איז שפּעט ביינאכט, און דער פּיקניק איז שוין צו ענדע. מען זעגנט זיך איינע מיט די אנדערע, איילנדיג זיך אהיים. אין פּאַרק זיינען שוין זייער ווייניג מענטשן פאראן. נאָר סיידי האָט ליב פארבלייבן ביז צום סוף. זי דארף יעדערן זען, מיט יעדערן אויסריידן א וואָרט. אין הארצן פילט זי עפּעס א זיסן טרויער, ווי ביי א פרומען אידן, ווען דער שבת לאָזט זיך אויס . . .

איבערן פעלד, צום באַן־סטאַנציע, גייט סיידי שוין כמעט אַליין. אירע פריינט זיינען זיך עפּעס צעקראָכן אין אַלע זייטן, נאָר סיידי׳ן אַרט עס ניט. זי איז איבערפילט מיט די נאָר־וואָס דורכגעלעבטע איינדרוקן.

אין סאָבוויי זיצט סיידי שוין איינע אַליין. דאָס פּנים איז איר פאַררויטלט און די הוט אירע איז אַראָפּגעפאָרן אויפן פּאַטילניצע. פרעמדע מענטשן קוקן זיך אויף איר אום, נאָר סיידי באַמערקט קיין זאַך ניט אַרום זיך. זי וויגט זיך אײַנאײַנעם מיט דער לויפנ־דיגער באַן, מיט אירע געדאַנקען ווייט אַוועק פון דאַנען. און זי זעט איצט פאַר זיך איר וואונדערלאַכע יוגנט און איר מאַן אַראָנ־טשיק, דעם קאַמאַשנמאַכער און וועגן איר הויז טראַכט זי איצט און וועגן אירע קינדער, און וועגן איר גאַנצן רייכן און פאַרצווייגטן לעבן.

# די כאַליאַסטרע

אין יענעם מלחמה־יאָר פון 1914 איז דאָס געווען, ווען דאָס שטילע לעבן פון היימישן שטעטל איז צעטרייסלט געוואָרן ביזן גרונט און דאָס שטעטעלע אליין איז שוין געשטאנען אויף דער ריי חרוב צו ווערן פון די בלינדע, צעשטערנדיגע כחות.

האָט דאמאָלסט אין שטעטל געלעבט א בינטל יונגע מענטשן, בחורים און מיידלאך, וואָס האָבן זיך אליין גערופן „די כאַליאַסטרע". געווען זיינען זיי אלע פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. נאָר דער גלויבן, וואָס האָט אזוי העל באלויכטן זייער וועג, איז איצט פון מלחמה ווי פון א שווערער כמאַרע פארשטעלט געוואָרן. האָבן אָט די יונגע מענטשן ניט געוואוסט איצט וואָס צו טאָן מיט זיך, און זיי האָבן פארבראכט זייערע טעג הפקר'דיג און מאכנדיג זיך פריילאך, ווי זיי וואָלטן וועלן פארגעסן אָן זיך אליין.

אלע אָוונט איז מען זיך צונויפגעקומען צו כאָנקען דער נייטערקע אין איר קליין צימערל, וואו ס'איז פאר זיי ווי א היים געווען. געגעסן האָבן אלע אינאיינעם און שעה'נווייז האָט מען געדרוישט, דעבאטירט און אויך געזונגען. בעריש דער שוסטער האָט אין צימער ביי כאָנקען שטענדיג געהאט זיין מאנדאָלינע און מיט זיינע האמעטנע פינגער האָט ער געקענט אויסשפילן ניגונים פיינע און האַרציגע. זיין טשוב שווארצע האָר, און די פעסטע, ווי פון גראניט געהאמערטע, פלייצעס, האָבן דערמאָנט אָן די צייטן ווען ער האָט מיט זיין גבורה געטריי געדינט דער באוועגונג. אין זיין היים, אין פיצל שטעטעלע, האָט איצט אויף בעריש'ן געוואַרט זיין כלה, א פיינע, א באלעבאָטישע טאָכטער. נאָר אים האָט בעסער געצויגן אַהער אין צימערל, צווישן זיינע אלטע פריינט.

ערגעץ אין א ווינקל פון צימערל איז שטענדיג געזעסן העלער, דער סטודענט. דער רויך פון זיין ליולקע האָט פארצויגן זיין דינעם פראָפיל ווי מיט א נעבל, און זיין „פילאָזאָפישער" שווייגן האָט ארויסגערופן שטימונג.

פריידל, כאַנקע׳ס חבר׳טע, וואָס איז אזש פון אמעריקע געקומען אהער מיט א וויזיט צו איר היימיש שטעטל, האָט צוליב דער מלחמה שוין ניט געקענט פאָרן צוריק.שוין לאַנג, אז ס׳האָבן ניט דערגרייכט צו איר פון איר מאַן ניט קיין ידיעות און ניט קיין געלט. זי פלעגט קומען צו כאַנקע׳ן אין אירע אויסגעטראָגענע אמעריקאנער זאכן. איצט איז זי ווידער געווען די איבערגעגעבענע חבר׳טע ווי אמאָל אין דער באוועגונג, די לוסטיגע און די זינגערקע. און שטענדיג האָט אימיצער פון דער כאַליאַסטרע איר ליב געהאט צו דערמאָנען:

— זינג עפּעס, פריידל!

און פריידל האָט געקענט זינגען שטיל און פארבענקט. און ס׳האָט זיך געפילט אין אירע לידער די לופט פון די ברייטע רוסישע פעלדער, געמישט מיטן אידישן טרויער.

ביניאָמקע, דער וואלקער האָט זייערע אָוונטן אָנגערופן „א ליאַמע״. ביניאָמקע, וואָס האָט געשטאַמט פון פוילן, פון א חסידישער משפחה, האָט געקענט אפילו ביים עסן אריינברענגען געהויבנקייט און באגייסטערונג. און זיינע שארפע, שמאָלע אויגן זיינען דערמאָלט פייכט געוואָרן מיט טוי. אין ווארשע, אויף א דעמאָנסטראַציע, איז ביניאָמקע דורכגעשאָסן געוואָרן אין א פוס און ער איז געגאנגען אָנגעשפּארט אויף א שטעקן. נאָר זיין מוט איז ניט געמינערט געוואָרן און ער האָט אָפט ליב געהאט צו פאנטאזירן פאר זיינע פריינט:

— אז די מלחמה־משוגעת וועט אריבער וועט מען אין ווארשע פאָרן און מיט נייע כחות צו דער ארבעטער־זאַך, צו דער באוועגונג.

כאַנקע אליין איז דאמאָלסט געזעסן אויפן בעטל מיט די הענט אין אירע ארבל. און אין אירע אויגן, וואָס אונטערן הויכן שטערן, האָט זיך געלויכטן א ווארימער שמייכל. זי האָט אלע אירע פריינט גלייך ליב געהאט. ס׳איז געווען איר משפחה. קיין טאטע־מאמע האָט זי ניט געהאט און אויך ניט קיין היים. נאָר איינמאָל האָט כאנקע איר עלנט דערפילט, ווען די מלחמה האָט ביי יעדן איינעם אימיצן צוגענומען: אַ טאַטן, א ברודער, צי א קרוב. ביי כאנקע׳ן האָט די מלחמה ניט געהאט וואָס צו נעמען . . .

א געליבטן האָט כאַנקע יע געהאַט. דאָס איז געווען דוד זאקהיים, וואָס ביניאָמקע האָט אים גערופן דער „פּאַצעט", דערפאר ווייל דוד האָט ליב געהאט צו אָנטאָן זיך שיין, און דעם אופן ווי ער האָט אויסגעבונדן דעם שניפס האָט קיינער ניט געקענט נאָכמאַכן. אפילו איצט, אין מלחמה־צייט, האָט זיך דוד געפּוצט און געווען איז ער אָנגעטאָן נעט און פינקטלאך. ער האָט געהאט א פולן גלאטן פּנים, ווי א מיידלשן, און בלויע, לאכנדיגע אויגן און א שעלמישן שמייכל, און די בלאָנדע האָר האָט ער געקענט פארוואַרפן פון שטערן מיט א גראַציעזן בויג פון האַלז.

אין דוד׳ן האָבן זיך מיידלאך געליבט. נאָר אים איז בעסער געפעלן די שטילע כאַנקע מיט איר בלייכן, צניעות׳דיגן פּנים. אים האָט געריצט איר צוריקגעהאַלטנקייט און דאָס וואָס אין דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג האָט כאַנקע געהאט א נאָמען פון א גע־וואגטער, העלדישער קעמפערין. אליין איז דוד אויך געווען א סאָ־ציאַליסט, נאָר ער איז אין דער באַוועגונג קיינמאָל טיף ניט אריין. ער איז שטענדיג אָפּגעהיט און געצערטלט געווען פון אן אלטער מאַמען. ער איז געווען א מאַמע׳ס א קינד.

אז דוד איז געקומען אהער אין קליין צימערל, האָט ער באַלד מיט די אויגן א זוך געטאָן צווישן עולם, ביז ער האָט אויסגעפונען כאַנקע׳ן איז ער איר אנטקעגן געקומען מיט זיין כישוף׳דיגן שמייכל. כאַנקע האָט אויפגעהויבן צו אים די אויגן. זי איז רויט געוואָרן איבערן גאַנצן פּנים. אלע האָבן געוואוסט, אז כאַטש זיי ביידע האָבן זיך שטארק ליב, דאָך איז ביי זיי ניט קיין גוט לעבן. כאַנקע האָט מיט איר ליידנשאפט זיך געשעמט. איר באגריף וועגן א געליבטן איז גאָר אן אנדערער געווען. ס׳האָט געדארפט זיין אזא מענטש, וואָס זי זאָל קענען ארויפקוקן צו אים ווי צו עפּעס העכערס, און אזא ליבע, וואָס זאָל פאָדערן דעם גאַנצן מענטשן, אזוי ווי ס׳איז געווען מיט דער באַוועגונג.

דוד איז אזא ניט געווען. גערעדט האָט ער אלע מאָל מיט א גרינגן, שפּילעווודיגן טאָן און שטענדיג איז ער דער ערשטער גרייט געווען אויף א שטיפעריי. כאַנקע האָט מורא געהאט, אז ער איז ניט קיין ערנסטער און א פּוסטער. און אָפטמאָל איז כאַנקע׳ן טרויעריג געווען אויפן הארצן דערפאר, וואָס זי האָט ליב

געהאט א מענטשן ניט לויט איר אידעאל.

געווען זיינען אָוונטן, ווען אלע אין צימער זיינען געווען פאַר־וויקלט אין א הייסער דעבאַטע. דער סטודענט העלער איז איצט געוואָרן פּאַטריאָטיש און מיט אלע זיינע חושים געוואָלט רוסלאַנד זאָל די מלחמה געווינען. בעריש, ווידער, האָט דערוויזן ווי נויטיג עס איז אָפּצושוואַכן דאָס זעלבסטהערשנדיגע רוסלאַנד. ער האָט ניט פארגעסן וואָס ער האָט געלערנט אין די קרייזלאַך און ער האָט אָפּט באַנוצט די ווערטער: „אין מערב אייראָפּע". ביניאָמקע האָט געקוקט אויף זיי ביידן שארף און סאַרקאַסטיש, וואָס זייערע מוחות זיינען פארטונקלט געוואָרן פון „מלחמה־משוגעת". און ער האָט געהאָפּט, אז דער פּראָלעטאַריאַט פון ביידע לענדער זאָל עפענען די אויגן און אנטקעגנשטעלן זיך קעגן זייערע פארפירער.

פריידל איז אויך געווען פאַר רוסלאַנד און כאַנקע איז איינשטימיג געווען מיט ביניאָמקע'ן. זי האָט ריידנדיג געזוכט דוד'ס בליקן. אומזיסט האָט זי געוואַרט ער זאָל ארויסזאָגן עפּעס א וואָגיג וואָרט. ער האָט גאָר געהאַט אן אויסזען, ווי ער וואָלט זיך געלאַנגווייליגט. און אז כאַנקע האָט אים געפרעגט זיין מיינונג וועגן דער פראַגע, האָט ער זיך מודה געווען, אז ער האָט ניט קיין מיינונג און ער האָפט, אז אלץ וועט זיך ענדיגן צום גוטן. כאַנקע האָט דאַמאָלסט געהאַט גרויס צער.

אז אלע פון איר צימער זיינען אוועק און זי איז מיט איר געליבטן געבליבן אליין, האָט זי שטענדיג געקליבן זיך צו האָבן מיט אים אן ערנסטן געשפּרעך: „ווי אזוי באַציט מען זיך דאָס מיט אזא גרינגן געמיט צו ערנסטע פראַגן?" — האָט זי ניט פאַרשטאַנען — און „ווי אזוי איז מען דאָס אזוי לייכטזיניג?"

זי האָט גערעדט מיט הארץ און זיך שטאַרק געקאָכט. און דוד'ן איז זי אין אזא מינוט מער ווי אלע מאָל געפעלן, מיט איר בלייכן פּנים פארדרויטלט און מיט פינקלענדיגע אויגן. נאָר לאַנג זיין ערנסט האָט ער ניט געקענט.

— דו ביזט גערעכט אין אלץ, כאַנקע. וואָס קען איך טאָן?

— האָט ער גוטמוטיג און אומשולדיג געשמייכלט. און זי האָט געפילט, ווי איר פארדרוס צעגייט זיך. ער האָט איר צוגעצויגן

צו זיך און כאַנקע איז ניט געווען בכוח צו ווערן זיך אנטקעגן זייך כישוף׳דיגן בליק און די הייסע צערטלאכקייטן זיינע.

* * *

כאַנקע׳ס צימער איז געווען ביי בריינע ליפּיכעס אין הויז. א הויז צוזאמען מיט א חדר. פון איר צימער, וואָס איז אָפּגע־טיילט געווען מיט א דין ווענטל, האָט כאַנקע שטענדיג געקענט הערן דעם רעש און דעם טומל פון די לערנענדיגע קינדער. נאָר איצט איז דער חדר געווען ווי אויף הפקר. דער מלמד, העניך בריי־נעס, איז איצט כסדר געזעסן מיט זיין פריינט נחמן לייב דאָבעס, א ווייסער אין פּאָליטיק, און ביידע האָבן געאַמפּערט זיך. נחמן לייב האָט מיט איין האַנט ארומגענומען זיין באָרד און מיט דער אנדערער האָט ער באַוויזן, אז ווען דער דייטש וועט אריין אהער אין שטעטל, וועט עס זיין בעסער פאַר אידן: דער דייטש איז איידל און געלערנט און יעדער זעלנער פאַרשטייט זיך דאָרט אויף דער לאַנד־קאַרטע. נאָר העניך דער מלמד האָט מיט אים ניט איינגע־שטימט און ארויסגעשטעלט זיינע אייגענע ארגומענטן.

אז מען איז דאַמאָלסט ארויס אין גאַס, האָט די גאַס געווימלט מיט מענטשן און מיט אָן א שיעור פורן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון שאָסיי דורכן שטעטל ווי א פּראָצעסיע. דאָס אלץ האָט דער־ציילט פון דער נאָענטקייט פון „מלחמה־פראָנט". דאָס שטעטעלע איז צו קליין געווען פאַר אזא אימפּעטיגער באַוועגונג. סאַניטאַרן האָבן געפירט צום שפּיטאָל זייערע פאַרוואונדעטע, געשעדיגטע און פאַרקריפּלטע מענטשלאַכע וועזנס, מיט בלוט־באַפּאַרבטע גלידער.

אין געדרענג האָט מען אָפט געקענט זען זעלנער איינציגע און אין גרופּעס, אנטלאָפענע אָדער פאַרבלאָנדזשעטע פון ערגעץ, אין צעריסענע זעלנערשע שינעלן און האלב באָרוועס. אין זייערע פאַרשטויבטע פּנים׳ער איז געווען עלנט און די אויגן האָבן אומ־זיניג און גלייכגילטיג געבליקט און עס איז נישט געווען אין זיי צו דערקענען דעם שטאָלצן מין מענטש. אין מארק פלעגן זיי גי־ריג כאַפּן פון די קאָשיקעס עסנווארג און די מארק־זיצערקעס האָבן זיך זיי ניט געשטעלט אנטקעגן . . .

און לאַנגזאַם האָבן זיך געצויגן דורכן שטעטל די פורן פאַר־וואַרלאָזטע „בעזשענצעס", מיט די אויסגעבויגענע רוקנס און פאַר־

גליווערטן צער אין די אידישע אויגן. זיי האָבן אויסגעזען ווי שטענ־דיגע צוגעוואוינטע וואָגלער, וואָס דארפן אָפּקומען פאר עפּעס א גרויסע זינד.

אין יענער צייט האָט קיינער פון דער כאָליאַסטרע ניט געאר־בעט, און די, וואָס האָבן אין דער היים געהאט עפּעס וואָס צום עסן, האָבן עס געבראכט צו כאַנקע׳ן אין צימער און זיי האָבן זיך גע־טיילט מיט די, וואָס האָבן צוגעהונגערט. אָפט פלעגט מען אין די אָוונטן איצט זיצן אלע ביי כאַנקע׳ן אויפן בעטל אין איין גרויסן קנויל, ווי היימלאָזע קינדער, זיך דורכווארפן מיט אָפּגעריסענע ווערטער אָדער שווייגן.

איינמאָל איז העלער, דער סטודענט, געקומען צו גיין מיט א נייעס, אז ער האָט באשלאָסן צו פאָרן טיף אין רוסלאַנד, אזוי ווי א סך האָבן דאָס די לעצטע צייט געטאָן. ווען העלער׳ן האָט מען געוואוסט, אז ער האָט געפירט א שטענדיגע מלחמה מיט זיין טאטן דעם סוחר. ער האָט ניט געוואָלט באנוצן זיך מיטן טאטנ׳ס געלט, וואָס איז געקומען פון מסחר און ער האָט געלעבט פון געבן „אור־ראָקען”. איצט האָט זיך העלער געבויגן און געפאָרן מיטן טאטנ׳ס געלט. ער האָט ניט געוואָלט פארבלייבן דאָ אין פאל דער דייטש וועט פארנעמען דאָס שטעטל.

די כאָליאַסטרע האָט זיך געגרייט אויף גאָר אַ גרויסע „ליאַ־מע”. יעדערער האָט צום אָוונט געבראָכט עפּעס עסנוואַרג. דוד זאַקהיים האָט געבראָכט אַזא מין געטראַנק, וואָס איז געווען ניט קיין ווײַן און ניט קיין בראַנפן.

דער אָוונט איז געווען א פרייליכער שוין באַלד אין אָנהויב. העלער, דער סטודענט איז געקומען מיט זיינער אַ באַקאַנטער מיידל, נינע באַראַש. זי איז געווען אָנגעטאָן ווי צו אַ באל אין א גרינ־זיידן קלייד מיט א גרויסן אויסשניט ביים האַלז, וואו עס האָט זיך געזען איר מילכיג־ווייס לייב. זי האָט געהאט אַ פולן פּנים און רויטע סענסועלע ליפּן און די האָר ברוינע, גלאנציגע האָבן זיך גע־קרייזלט איבער איר קליינעם שטערנדל. נינע האָט זיך דאָ גע־האלטן היימיש. זי איז געזעסן אויפן פאַרענטש פון סאָפקעלע און באקוקט אלעמען מיט גרויסע אויגן:

— ביי אייך איז דאָ גוט, — האָט זי אַ לוסטיגע א זאָג געטאָן,

ווי זי וואָלט שוין לאַנג געבענקט צו זיין אין אַזאַ פּלאַץ. אַלץ איז איר דאָ געפעלן. דער קליין, אָרים צימערל און די אַלע מענטשן, כאָטש יעדערער האָט דאָ אויסגעזען אביסל צעשויבערט און מיט זאכן אָפּגעטראָגענע, אויסער דוד'ן, וואָס איז ווי אַלע מאָל געווען אָנגעטאָן נעט און פּינקטלאך.

אַלע האָבן געוואוסט, אז נינע'ס טאטע איז פון די אויפגעקו־מענע מלחמה־גבירים, וואָס האָבן דערשמעקט די פּאַסיגע צייט צו פארדינען אַ סך געלט מיט אויפקויפן און פאַרקויפן אַלערליי סחו־רות. נאָר נינע האָט זיך דאָ געהאַלטן פּראָסט־פּשוט און עס האָט זיך געדוכט ווי איר אייגענע רייכע היים דריקט אויף איר געמיט. מיט א באוועגונג אַ געוואָגטער און ארויסרופנדיגער האָט זי גענו־מען פון טישל א גלעזל וויין און צו אַלעמען זיך געווענדט:

— פאַר דעם געזונט פון דער כאַליאַסטרע!

בעריש'ן איז דאָס אזוי געפעלן, אז ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט זיין שווארצער טשופרינע. ער האָט אראָפּגעכאפּט די מאַנדאָ־לינע פון וואנט און אָפּגעשפּילט פאר נינע'ן זיין פריילאכסטן ניגון. נינע איז געווען אַנטציקט. זי האָט דערנאָך גערעדט מיט גרויס געפיל פון מוזיק און פון יעדער קונסט, וואָס דינט ווי א מיטל צו אוועקגיין פון אַלע שלעכטס. און זי האָט דערציילט, אז זי אליין גיט זיך אָפּ מיט מאלעריי. זי קען אביסל מאָלן, האָט זי באשיידן ארויסגערעדט.

דוד האָט נינע'ן שטודירט. ער האָט איר מבינ'יש אָנגעקוקט דורך זיינע האַלב־פארמאכטע אויגן. זי איז אים געפעלן און ער האָט געוואָלט מער וויסן וועגן איר טאלאנט צו מאָלן.

— אָ, ס'איז גאָרניט ווערט אין פארגלייך מיט אייער אר־בעט, — האָט נינע געזאָגט, מיינענדיג די ארבעט אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג. זי האָט אזוי פיל פון דעם געהערט. די געהיימע קרייזלאַך. עס האָט געמוזט זיין זייער אינטערעסאנט.

ביניאָמקע איז געזעסן אָן אַ זייט, מיט די הענט אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, זיינע שארפע, קלוגע אויגן האָבן פון אונטערן שטערן געקוקט אויף נינע'ן מיט חשד. זי איז אים אויסגעקומען

ניט לויט זיין געשמאַק, מיט איר פרישן, אויסגערונדיקטן פּנים און דעם בלישטשענדיגן קלייד:

— די באַוועגונג איז ניט אַלע מאָל אויף צו פאַרווײלן זיך, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אביסל חוזק, — די פּאָליציי האָט דאָס ניט ליב. איר קענט נאָך אַריינפאַלן אין א צרה.

אַלע האָבן ניט־ווילנדיג זיך צעלאַכט.

— אה, — האָט נינע אויך מיטגעלאַכט. זי האָט ניט מורא פאַר געפאַרן. פאַרקערט, ס'איז פאַרכאַפּנדיג, ס'איז אינטערעסאַנט.

דער סטודענט העלער האָט באַלד אומגעביטן דעם געשפּרעך.

— איר וועט היינט הערן אונזער אייגענע זינגערין, פריידלען.

נאָר פריידל האָט עפּעס היינט ניט געפילט ווי צו זינגען. זי איז געזעסן אויפן בעטל מיט כאַנקען, ביידע אַרומגענומען: — איך האָב געכאַפּט א צוג נעכטן ביינאַכט, — האָט זי געשמייכלט אומשולדיג, — די האַלז איז מיר פאַרלייגט.

נאָר באַלד איז דער אָוונט ווידער אַוועק גוט. מען האָט געשפּילט אין „פּאַטשט", א שפּיל אַזא, וואָס האָט שטענדיג אַלעמען אויפגעלעבט געמאַכט. נינע האָט געקראַגן מערער בריוולאַך פון אַלעמען, גוטע בריוולאַך און בייסנדיג־שאַרפע. זי איז געווען פאַרכאַפּט פון שפּיל און זייער צעהיצט.

שפּעטער איז נינע געזעסן אויפן סאָפקעלע אינאיינעם מיט דוד'ן פאַרבונדן אין א געשפּרעך גרינג און שפּילעוודיג אַזוי ווי נאָר דוד האָט געקענט טאָן, איבערהויפּט ווען פאַרברענגענדיג מיט א מיידל. ער האָט געוואָלט וויסן אויב נינע וואָלט געקענט מאָלן זיין פּאָרטרעט און נינע האָט זיך מיט אים געררייצט און זי האָט געזאָגט, אַז אויב יע, וואָלט זי בעסער געמאָלן בעריש'ן, אין וועלכן זי זעט א פּרימיטיווע קראַפט. איר האַלטן זיך איז געווען אי שטיפעריש, אי זיכער מיט זיך.

דורך דער צייט פון זייער געשפּרעך האָט דוד אַלץ אַרומגעזוכט כאַנקע'ס בליק. ער האָט צו איר געשמייכלט, ווי צו ווייזן איר, אַז דאָס איז ביי אים נאָר אַ שפּיל אַזאַ און אין אמת'ן האָט ער אין זינען נאָר איר. נאָר כאַנקע האָט זיינע בליקן ניט געזען. זי איז היינט דעם גאַנצן אָוונט געזעסן א ווייטע אַזא, א פאַרנעפּלטע און זי איז ניט פייאיג געווען צו פאַרנאַנדערוועקן זיך פון איר

חלום׳דיגן צושטאַנד און ניט צו זיין גענוג אויפמערקזאַם, אז מען האָט צו איר גערעדט.

דערנאָך, אז אַלע זיינען שוין אוועק און דוד האָט, ווי אַלע מאָל, געוואָלט אָפּשטעלן זיך מיט איר אַליין, האָט כאַנקע אויסגעקוקט זייער מיד:

— נו ,פאַר מיר איז שוין אויך צייט גיין שלאָפן, — האָט זי געזאָגט מיט א שטילן קול.

דוד האָט זיך איינגעקוקט אין איר בלייך, דורכזיכטיג פּנים און געוואונדערט זיך:

— דו ווילסט איך זאָל שוין גיין אהיים, כאַנקע?

און כאַנקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יע". זי האָט געוואָלט ער זאָל שוין וואָס גיכער גיין אהיים.

* * *

וואַרשע איז געפאַלן. ביניאָמקע איז דער ערשטער געקומען צוגיין מיט דער נייעס. ער האָט אריינגעהונקען אין צימער צו כאַנקע׳ן און שטארק געקלאפּט מיט זיין שטעקן, אזוי ווי ער פלעגט דאָס אַלע מאָל טאָן, ווען ער איז אויפגערעגט געווען.

יענעם גאַנצן אָוונט איז ביניאָמקע געזעסן ווי אַן אָבל. די נייעס, אז די שיינע שטאָט וואַרשע איז שוין איצט פארנומען פון די דייטשן, האָט אים טיף גערירט. אין הארצן ביי זיך האָט ביניאָמקע ליב געהאט פּוילן, דאָס לאַנד, וואו ער איז געבוירן, און און וואו ער האָט געוואָלט גלויבן, אַז סאיז דאָרט זיין היים.מיטאמאָל האָט זיך ביניאָמקע צעזונגען אויף פּויליש „טשערוואָני שטאנדארד" און „נאָ באַריקאַדי". און ער האָט געבעטן פריידלען זי זאָל אים העלפן זינגען. זיינע אויגן זיינען געווען פייכט מיט טוי און טרוימעריש פארבענקט.

כאַנקע האָט געהאט פון ביניאָמקע׳ן זייער א הויכע מיינונג. איר איז געפעלן זיין שטרענגע ערנסטקייט און זיין טיפער סאָציאַליסטישער גלויבן. צוליב זיין פארקריפּלטער פוס האָט ביניאָמקע געדענקט, אז קיין פערזענלאכע פרייד קען שוין פאר אים ניט זיין. דאָך איז ער ניט פארביטערט געווען און עס איז געווען, ווי ער וואָלט געשעפּט כוחות גראָד פון זיינע ליידן. און זיין באגייסטערטע, חסידישע נאַטור האָט גראָד אין דער ארבעטער־באַוועגונג באַקומען א תיקון.

ביידע, ער און כאנקע, האָבן אָפט ליב געהאט זיצן און דערמאָנען זיך די אָן א שיעור עפּיזאָדן און די טוער, וואָס זייַנען יעדן בונדישן מענטשן שטענדיק טייער געווען. יעדע פּאסירונג איז נאָך קלאָר געווען אין זכרון:

— רפאל'ן דעם „פּראָפעסיאָנאַל" האָט איר געקענט? ער פלעגט שלאָפן אין די זאכן כדי ניט פארשפּעטיגן די באַן.

— און מאקס'ן, איר האָט ניט געקענט מאקס'ן? אָט דער מיט דער לאנגער נאָז.

אזוי פלעגן זיי שעה'נווייז פארברענגען און הנאה האָבן.

ביניאָמקע האָט אין דער שטיל איר ליב געהאט, כאנקע'ן, נאָר קיינמאָל וואָלט זיין שטאָלץ ניט דערלאָזן צו געבן איר דאָס צו וויסן. אמאָל פלעגט ער נאָר אָפּנהאַרציג זיך פאר איר אויסריידן:

—די ערגסטע זאך איז, אז מען האָט ניט קיין נאָענטן פריינט. איך מיין א מיידל, אן אייגענע, — פלעגט ער שעמעוודיג איר געבן צו פארשטיין.

— איר רעדט ניט ריכטיג, — האָט כאַנקע אויף דעם געענטפערט, — דערפאר אז מען ליבט קיינעם ניט, איז מען פריי, — און דערנאָך ווי צו זיך אליין:

— די ערגסטע זאך איז, אז מען האָט ליב ניט דעם ריכטיגן מענטשן.

ביניאָמקע האָט איר א ווייַלע אָנגעקוקט מיט די קלוגע אויגן פון אונטערן שטערן און ס'איז געווען פארשטענדעניש אין זיין בליק: — איר וועט אוועקפאָרן אין א גרויסער שטאָט. איר וועט ארבעטן. און די באוועגונג דאָרט. ס'איז דאָך ווי א לעבעדיגער קוואל . . .

זיין בלייכער, מאָגערער פּנים האָט זיך דאמאָלסט געלויכטן מיט ליבשאפט.

דוד האָט ניט שטארק ליב געהאט ביניאָמקע'ן, איבערהויפּט זיין סאָרט קוקן אויף א מענטשן ווי אויף דורך און דורך. אז דוד פלעגט זיי טרעפן ביידן שמועסנדיג, פלעגט ער זיך ניט פילן באקוועם. און ביניאָמקע האָט דאמאָלסט נאָר איין שנעלן בליק געגעבן אויף דוד'ס שיינעם פּנים און זיינע גאַנצע, געזונטע פיס און ער פלעגט ארויסהינקען פון צימער קלאַפּנדיק שטאַרק מיטן שטעקן.

* * *

העלער, דער סטודענט איז שוין דאָ ניט געווען, נאָר זיין פריינט נינע פלעגט קומען צוגיין שוין אליין. זי איז געוואָרן א פריינט פון דער כאַליאַסטרע. אין יענע טעג האָבן זיך אלערליי אומרואיגע קלאַנגען פארמערט צוליב דעם, וואָס די דייטשן האָבן זיך אלץ מער דערנעענטערט. ביינאַכט האָט אן עראָפּלאַן געלויכטן אין הימל ווי א שטערן און געבראַכט שרעק, כאָטש דער עראָפּלאַן איז א רוסישער געווען. מען האָט גערעדט וועגן אוועקפירן די מיידלאַך אין א מער זיכערן אָרט. די סאָלדאַטן זיינען אויפגערייצט גע־ווען און הפקר׳דיג און עס איז געווען א סכנה צו גיין שפּעט ביי־נאַכט אין גאַס. די כאַליאַסטרע, וואָס יעדערער פון זיי האָט גע־וואוינט אין אן אנדער ווינקל פון שטאָט, האָט דאָך געמוזט קומען אהער אין צימערל זיך זען כאָטש איין מאָל אין טאָג.

נינע פלעגט קומען צוגיין פארשלייערט אין א טונקעלן שפּי־צענעם שאַל, ווי אין א געהיימניס. זי פלעגט זיך אויסוויקלען פון שאַל און א בלישטש טאָן מיט איר פרישן פּנים און שטענדיג איז זי געווען אָנגעטאָן רייצנדיג, ניי, אזש בעריש פלעגט אויף איר צעעפענען א פּאָר גרויסע אויגן.

וואָס איז געוואָרן מיט בעריש׳ן? ער פלעגט איצט אָפטער ווי אלע מאָל אָפּרייסן זיך פון זיין פּיצל שטעטעלע, וואו עס האָט אויף אים געוואַרט זיין כלה. ער פלעגט קומען צוגיין ניט ווי פריער, צעשויבערט און ביים האַלז די העמד אָפן, נאָר מיט אן אויסגעבונדענעם שניפּס, כמעט אזוי שיין ווי דוד׳ס. זיין ברייט־ביינערדיג פּנים ראַזירט און די טשופּרינע אויסגעקאַמט אָן א זייט מיט א שרונט. צוליב נינע׳ן האָט ער זיך דאָס אזוי געענדערט. ער איז געווען אין איר פארליבט. דאָס האָט מען קלאָר געקענט זען. אז זי איז ניט געווען, האָט ער זיך אויף איר געפרעגט, ניט אָנרופנדיג איר ביים נאָמען: וואו איז זי?

און אז זי איז געקומען, איז דער אויסזען ביי אים געווען ווי פון א געצוימטער חיה׳לע.

נינע האָט געוואָלט לערנען זיך שפּילן אויף זיין מאַנדאָלינע. ער האָט איר געוויזן ווי מען שפּילט מיטןביינדל איבער די סטרו־נעס, אָננעמענדיג איר ביי דער האַנט, האָט זי כלומרשט זיך דער־

שראָקן פאַר זיין גבורה און געשייט פארקוקט אים אין די אויגן:

— ס׳אַרא שטאַרקע האַנט איר האָט. אוי, כ׳האָב מורא פאַר אייך.

דאָך האָט דוד אין דעם ענין פון געפעלן ווערן געהאַט איבער בעריש׳ן די אויבערהאַנט. ווער האָט דען געקענט ביישטיין דעם שעלמישן שמייכל פון זייַנע בלויע אויגן? מיט אַ גראַציעזן פאַר־ וואַרפן די האָר אויף אַרויף פון שטערן פלעגט ער צוגיין צו איר. ער האָט איר געסטראַשעט, אַז ער וועט דערציילן איר טאַטן, פאַרוואָס זי חבר׳ט זיך מיט דער כאַליאַסטרע, און זיי ביידע האָבן שטיפעריש זיך געריייצט און געלאַכט. און יעדער מאָל האָט ער אין מיטן אונ־ טערהאַלט זיך געווענדט צו זיין מיידל כאַנקע׳ן מיט אַ שמייכל און מיט אַ וואָרט צו ווייזן איר, אַז ער מיינט קיין זאַך ניט ערנסט און אַז ליב האָבן האָט ער נאָר איר, און כאַנקע האָט אים אויך שטיל געשמייכלט אַנטקעגן. נאָר אַז זיי פלעגן דערנאָך פאַרבלייבן אַליין, איז כאַנקע געווען אַזאַ צוגעשטילטע. און אַז ער האָט איר אַרומ־ גענומען, האָט זי אים פאַרקוקט אין די אויגן און געדרייט מיטן קאָפּ אויף „ניין״, ווי ער וואָלט ניט זיין דער וועמען זי דאַרף ליב האָבן. דעמאָלסט האָט זי אים אויסגעזען אַזאַ ניט־דערגרייכבאַרע, אַ גע־ הויבענע, און אים האָט זיך געדוכט, אַז קיינמאָל האָט ער קיין שליטה ניט געהאַט איבער איר האַרצן.

— זאָג מיר, זאָג מיר, ביזט עפּעס אין כעס אויף מיר? — האָט ער מיט אַן אמת געהאַט צער. ער האָט ניט געפילט זיך שול־ דיג אין קיין זאַך. און אַמאָל פלעגט ער זיך שטאַרק אָנ׳ברוגזן אויף כאַנקע׳ן:

— פאַרוואָס פאַרשטייט זי אים ניט? . . .

* * *

עס איז שוין באַלד געווען סוף זומער, אַ צייט ווען די יוגנט האָט ליב געהאַט צו שפּאַצירן אין די דרימלענדיגע וועלדער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל, אָדער אויפן „דאַמבע״ ביים ברעג טייך, ווען די וואונדערלעכע זומערדיגע פאַרנאַכטן האָב ווייך זיך אַראָפּגעלאָזן איבערן שטעטל. איצט האָט דאָס אַלץ פאַרלאָרן דעם רייץ. די בוימער ביים טייך זיינען געוואָרן פאַרשטויבט און פאַר־ געלט און האָבן פריצייטיג געטריקנט. און נאָר דער טייך האָט ניט

געביטן דעם רואיגן גאַנג פון זײַנע גרינע וואַסערן. אויבן, איבער די בריקן, וואָס האָבן באַלד געדאַרפט אויפגעריסן ווערן, איז די באַוועגונג געווען אַ פיבערדיקע. די רײַכערע משפחות האָבן זיך געפּאַקט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. פריצישע הײַזער זײַנען געשטאַנען פאַרלאָזן און הפקר און איבער די גלאַנציקע דילן האָבן זיך אַרומגעשפּילט די קינדער פון גאַס. דער מאַרק איז ליידיקער געוואָרן. אַן איבערגעשראָקענער, פאַרמאַגערטער פויער האָט געקענט אַרומטראָגן אונטערן אָרעם אַן אויסגעפּאַשעטע גאַנדז און עס זאָלן נישט זײַן קיין בעלנים די גאַנדז צו קויפן. אומעטום איז געווען דערוואַרטונג, אַז באַלד וועט עפּעס געשען — ווי פאַר אַ יום־הדין.

פריידל האָט גענומען צוריידן כאַנקע׳ן, אַז זי זאָל אַריבערגיין וואוינען מיט איר צו איר מומע דוואָשע, דער מעל־הענדלערקע, וואָס האָט געהאַט איר הויז נעענטער צום מאַרק און דערפאַר זיכערער. אָט די הפקר׳דיקע צײַט איז אויף אַ מאָדנעם אופן געווען כאַנקע׳ן צום הארצן. אין מיטן פון כאַאָס און פון שרעק האָט אַ האָפענונג זיך דורכגעריסן, אַז מסתמא האָט דאָס אַלץ אַ ציל, ס׳איז אַן אָנזאָג אויף אַ נײַעם לעבן: ווײַל אַזוי ווי עס איז איצט קען עס ווײַטער ניט זײַן. אינמיטן פון דער שרעק און צעטומלעניש האָט זי געטרוימט וועגן איר אייגענער באַפרײַאונג: דער דײַטש וועט אַרײַן אין שטעטל, די וועגן וועלן זיך עפענען, זי וועט אוועקפאָרן אין וואַרשע און פון דאָרט — אין אַמעריקע. אפשר וועלן זיך אָפּזוכן קרובים. נסים פאַסירן דאָך . . . זי וועט אָנהויבן אַלץ פון דאָס נײַ, אַ נײַעם, אַ שענערן לעבן.

דוד, ווידער, האָט ניט ליב געהאַט קיין שום צערודערונגען. ער איז געווען פון דער נאַטור זײַער אַ רואיגער מענטש. און אַז ער האָט נאָר געקראָגן פון זײַן מאַמען געגנוג געלט, און אַז ער האָט געקענט פאַרברענגען פרײַלאַך און ניט בודיען זיך, איז אים שוין געווען גוט. האָבן אים דערפאַר די מלחמה־פּראָגנטן מיט די שיסערײַען און אַלץ מיט אַנאַנדער אומרואיק געמאַכט. און דאָ האָט ער נאָך איינמאָל דורכגעלעבט זײַער ניט קיין גוטן אָוונט בײַ כאַנקע׳ן אין צימער.

געווען איז דאָס אַזוי:

נינע באַראַש איז באַקאַנט געוואָרן מיט איינעם אַן אונטער־אָפיצער פון היגן רעגימענט, יעגאָראָוו. איז דער יעגאָראָוו געווען א שיינער יונג, א ריז, מיט ליכטיג בלאָנדע האָר און אַן אָפענעם רו־סישן פּנים. נו ,איז נינע מיט אים געקומען צוגיין איינמאָל אין אַן אָוונט. די כאַליאַסטרע האָט אים צוגענומען ווי אַן אייגענעם מענטשן און פריידל האָט פאַר אים געזונגען רוסישע לידער. יע־גאָראָוו איז געוואָרן אַזוי גערירט, אַז ער האָט געעפנט זיין ברייטע רוסישע האַרץ און מיט א טרויעריגן קול האָט ער זיך צערעדט ווי אַזוי רוסלאַנד פאַרלירט די שטעט איינס נאָכן אַנדערן:

— עך, פּראָפּאַלאַ מאַטושקאַ ראָסיאַ, — האָט ער שווער אָפּגע־זיפצט.

אַלע זיינען דאָ איצט טיף דורכגענומען געווען מיטן טרויער וועגן רוסלאַנד'ס גורל, די „מאַטושקאַ ראָסיאַ״, וואָס איז צו יעדערן פון זיי, ווי א שטיפמאַמע געווען . . .

נינע איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אויסגענייטער „רובאַשקע״. זי איז געווען זייער סענטימענטאַל. מיט איר גוטן רוסיש ריידן האָט זי דעם גאַנצן אָוונט גע'חנ'דלט זיך צו יעגאָראָוו'ן, וועלכער איז געווען פאַרבענקט נאָך פּרוויאַישער געזעלשאַפט.

קיינער האָט נינע'ן אין דער מינוט ניט אינטערעסירט. נישט בעריש און נישט דוד. אַזוי ווי זי האָט פריער געקענט מאַכן זי זאָל זיי געפעלן, אַזוי האָט זי איצט זייביידן גאָרניט באַמערקט. בעריש איז געזעסן אַ פאַרכמאַרעטער, א שווערער, און דוד איז געווען זייער צערייצט. ס'איז ניט וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט נינע'ן, נאָר ער איז ניט געווען געוואוינט, אַז מיידלאַך זאָלן זיך אויף אים ניט אומקוקן. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין בי־דערלאַגע. און ער האָט געהאַלטן אראָפּגעלאָזן זיין שיינעם קאָפּ.

ביניאָמקע האָט ניט פאַרפעלט דאָס צו באַמערקן, און ער האָט א שמייכל געטאָן אַביסל סאַרקאַסטיש:

— פאַרוואָס אַזוי אומעטיג, דוד?

אפילו כאַנקע אַליין האָט איצט מיט דוד'ן מיטלייד געהאַט.

אין יענער צייט איז די ליבע צווישן כאַנקע'ן און דוד'ן אָפּט איבערגעריסן געוואָרן דורך זייערע אָפטע ברוגז'ן, און דערנאָך צו־נויפגעשטוקעוועט צוריק ווען זיי זיינען פאַרבליבן אַליין. כאַנקע האָט

זיך אליין דערפאר געהאסט. אמאל איז אט די ליבע געווען צו איר א דערהויבונג און האט געבראכט איר נייעם לעבן. איצט איז עס געווארן ווי א קרענק, א פאראזיט, וואס האט געגעסן איר הארץ.

* * *

ביסלאכווייז, ביסלאכווייז האט זיך דאס שטעטל אפגעליידיגט פון די רעשטלאך רוסישע סאלדאטן. די גאסן האבן אין יענעם לעצטן פארנאכט אויסגעזען ווי ערב שבת, אויפגעראמט און שטיל. די קראמען צוגעמאכט פריער ווי געוויינלאך. צום אוונט־צו האבן אויף די האריזאנטן זיך באוויזן רויטע פלאמען, וואס האבן אנגע־ווארפן אן אימה אויף יעדן. דאס האבן די רוסן אנגעצונדן די מילן און נאך אנדערע געביידעס. מען האט געוואוסט, אז ביינאכט וועלן אויפגעריסן ווערן די בריקן. מ'איז ניט געווען זיכער מיטן זיין ערגעץ ניט.

יעדערער פון דער כאליאסטרע איז פארבליבן אין זיין היים. כאנקע איז אריבערגעגאנגען צו פריידעלע'ס מומע, דוואשע די מעלערין, וואס האט געוואוינט לעבן מארק. ביינאכט האט די גאנצע משפחה דוואשע'ס — מענער און פרויען און קינדער — זיך צונויפגעקליבן אין איין גרויסן צימער. מען האט זיך אויס־געבעט אויף דער ערד מיט שעניקעס און קישנס און געלעגן אין די זאכן צוגעטוליעט איינער צום אנדערן. כאנקע און פריידל זיינען געווען צווישן זיי. קיינער האט ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג. די קינדער האבן פון שלאף זיך געווארפן אויף די געלעגערס.

און מיטן טאג צוגלייך זיינען שוין אלע געווען אויף די פיס, באוועגנדיג זיך ווי שאטנס. באלד זיינען אלע אויפגעציטערט גע־ווארן פון דער בשורה, אז די שיסעריי וועט פארקומען איבערן סאמע שטעטל: די דייטשן פון דער זייט שאסיי און די איבערגעבליבענע רוסן — פון דער אנדער זייט שטעטל, הינטערן וואלד.

שפעטער זיינען אלע גארניט, אפגערעדטערהייט ארונטער אונטן אין קעלער צו זיין מער זיכער מיטן לעבן. קוילן און שטיקער שראפנעלן זיינען געפאלן אויפ שטעטל. הייזער זיינען אויפגעריסן געווארן, מענטשן זיינען אומגעקומען.

אזוי זיינען אוועק דריי טעג. טעג פון מורא'דיגן קאשמאר. דא אין טונקעלן קעלער, מיט די טוכלע רויכעס, זיינען זיך צו־

נויפגעלאָפן גרופּעס מענטשן. זיי זיינען געשטאנען ניט באַוועגטערהייט, ווי זיי וואָלטן געווען געשטאָרבן. שרעק האָט געפּענטעט זייערע גלידער און געגליווערט די בליקן אין די ווייסע פּנים׳ער.

די קינדער האָבן דאָ ארומגעבלאָנקעט און צווישן אָפּפאַל און מיסט האָבן זיי געזוכט מיט וואָס זיך צו שפּילן. זייערע אויגעלאך, אנגסטיגע, האָבן כסדר געבליקט ארויף צום ליכט, וואָס איז געקומען פון די שפּארונעס און לעכער.

אַהער האָט זיך דערטראָגן כסדר די דומפּע קלאנגען פון דער שיסעריי ווי דער ווידערקול פון ווייטע דונערן. פריידל און כאנקע האָבן זיך געהאלטן פאר די הענט. ביי פריידלען זיינען די ליפּן געווען פארביסן ווי פון ווייטאָג און כאנקע האָט בלאַס צו איר געשמייכלט. ביי איר, אזוי ווי ביי פריידלען, האָט זיך אין דער טונקל געטוקט אין די אויגן א פייערל פון עקשנות און אויסדויער, אזא וואָס מען זעט זייער אָפּט ביי ווילנספּולע מענטשן.

אז די שיסעריי האָט אויפגעהערט און אלע זיינען ארויף צוריק אין די צימערן, האָט פריידל געעפנט אביסל דעם לאָדן פון פענסטער און דורך דער שפּארונע פון פארמאכטן לאָדן האָט זי דערזען דעם ערשטן דייטש. ער האָט געהאלטן א גרויסן רעוואָלווער אָנגעשטעלט פאָראויס און געשפּאנט איבער דער גאס, ארומקוקנדיג זיך פאָרזיכטיג אויף אלע זייטן. א קליין־געוויקסיגער און מיט דער שיינענדיגער קאסקע איבערן שטערן. אז פריידל האָט דאָס דערזען, איז זי געוואָרן אזוי איבערראשט, אז זי האָט געעפנט דעם גאנצן לאָדן מיטן פענסטער און געוואָלט א פאָך טאָן מיטן האנט צו באגריסן דעם דייטש, נאָר אונטן אין גאס איז באלד צוגעקומען אַ יונגערמאן, מסתמא א מיליציאנט, און כמעט ווי אויף שטום־לשון איר פארזאָגט, אז זי זאָל ניט געבן קיין שום צייכן, ווייל מען ווייס נאָך גאָרניט וואָס ס׳קען פּאסירן.

אין א פּאָר טעג ארום האָט זיך שוין אומעטום איבערן שטעטל גענומען באווייזן סמנים פון לעבן. די דייטשן האָבן איבערן טייך אויפגעשטעלט ציטווייליגע בריקן. כאַנקע איז צוריק אוועק צו זיך אהיים. די גאסן האָבן איצטער ברייטער אויסגעזען. אומעטום האָבן זיך געזען די צעבראָכענע הייזער, און די דורכגעשאָסענע פענסטער זיינען געווען ווי די אויגן־לעכער פון ריזיגע סקעלעטן. אויפן

הויף ביי ברײנע ליפּיכעס האָבן עטלאַכע דײַטשן זיך געמיטלאַך אײַנגעאָרדנט. אײנער האָט גענייט, אַן אַנדערער האָט פאַרריכט שיך און נאָך אײנער האָט צעלייגט אַ פײַער און געוואָרעמט זייער מיטאָג פון קאָנסערווירטע קעסטעלאַך. ס׳האָט כאַנקע׳ן באַלד פאַרשמעקט די גוטע בעבלאַך־זופּ, אַ מאכל, וואָס זי האָט שוין לאַנג ניט פאַרזוכט. אין הויז ביי ברײנע ליפּיכעס זײַנען געווען עטלאַכע אידן און אידענעס, וואָס האָבן זיך אײַנע די אַנדערע איבערגעגעבן די נײַעס. מען האָט געציילט די אומגעקומענע מענטשן, דערנאָך האָט מען זיך געטרייסט, אַז די לעבעדיקע דאַרפן לעבן, און וואָס ווײַטער וועט זײַן איז ביי גאָט אין די הענט.

נחמן לײב דער פּאָליטיקער איז געווען אַנטוישט אין דײַטש. מען האָט שוין געוואוסט, אַז דער דײַטש איז בייז און שטרענג. זיי באַזעצן זיך אין די היימען פון די אײַנוואוינער, האַלטן זיך גראָב און אין אַ געוועלב אַז זיי נעמען עפּעס רעדן זיי פרעך און ווילן ניט באַצאָלן.

— ס׳איז אַ סברה, אַז מען האָט אויסגעביטן פון אַ גנב׳טע אויף אַ נאַשערקע, — האָט נחמן לײב אומעטיק געשמייכלט צו די אידן.

באַלד זײַנען צו כאַנקע׳ן אין צימער אָנגעהויבן קומען אַלע פון דער כאַליאַסטרע, ווי די פויגל צו זייער נעסט. ביניאָמקע איז ארײַנגעפאַלן אַ צעהיצטער און האָט לאַנג געטרייסלט כאַנקע׳ס האַנט. ער האָט געבראַכט פאַר איר אַ גוטע בשורה. זי וועט קענען פאָרן מיט אים אין וואַרשע, דער וועג איז אָפן. ער וועט איר ארויסהעלפן מיט הוצאות.

כאַנקע האָט ניט ווילנדיג אויפגעציטערט. זי האָט אַליין ניט געגלויבט אַז ס׳איז שוין געקומען די צײַט פאַר דאָס, נאָך וואָס זי האָט אַזוי געגאַרט. דער וועג איז איצט אָפן צו דער וועלט, צו אַ נײַ לעבן. וואָס ווײַטער פון דאַנען וועט זי זײַן — פריער אין וואַרשע און פון דאָרט אין אמעריקע.

ס׳איז אָפּגערעדט געווען צו דינגען אַ פור. קיין באַנען זײַנען ניט געגאַנגען. מ׳וועט דאַרפן גיין צופוס אויך. אויף די וועגן דורכגיין די דײַטשע וואַך. ביניאָמקע האָט אויסגערעכנט, אַז צוויי וואָכן וועלן זיי מוזן זײַן אין וועג.

— מען וועט דאַרפֿן אַביסל צולייגן, — האָט ביניאַמקע איר געענטפֿערט. און כאַנקע האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי זי וואָלט געזאָגט: „נו, צו דעם איז מען דאָך שוין צוגעוואוינט".

פֿריידל האָט טעלעגראַפֿיש געקראָגן געלט פֿון איר אַמעריקאַנער מאַן און זי האָט זיך אויך געגרייט אין וועג. ס'איז געקומען שוין פֿון זיין שטעטעלע בעריש און דוד און נינע און אַלע זיינען זיך אָנגעקומען. דוד האָט אַ פֿריילאַכער אַרומגעכאַפּט כאַנקע'ן. ער האָט אויסגעזען אַביסל אָפּגעצערט. זיין מאַמע האָט אים ניט געלאָזן אַרויסגיין אין גאַס, נאָר ער האָט זיך פֿון איר אַרויסגעגנב'עט, האָט ער דערציילט מיט שטיפֿערישער אינגלישער פֿריילאַכקייט.

אָבער פֿון דער מינוט וואָס ער האָט זיך דערוואוסט פֿון כאַנקע'ס באַשלוס צו פֿאָרן, האָט דוד געקראָגן אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן און ס'איז אויף אים אַרויף אַ מרה־שחורה. אין אָנהויב האָט ער נאָך געהאָפֿט, אַז ער וועט כאַנקע'ן איבעררעדן, שפּעטער ווען זיי וועלן פֿאַרבלייבן אַליין. נאָר אַז ער האָט זיך גוט איינגעקוקט איצט אין איר, האָט ער דערזען אין איר די טראַציגקייט און דעם זעלבסטווילן אירן, זי איז איצט געווען אַזאַ ווי ער האָט איר געקענט אַמאָל אין דער באַוועגונג, און ער האָט געוואוסט, אַז ס'איז שוין פֿאַרפֿאַלן. ער האָט געשוויגן שטיל און די גאַנצע צייט אומישנע ניט געקוקט אין נינע'ס ווינקל, ווי ער וואָלט דאָ זיך אַליין וועלן מיט עפּעס באַשטראָפֿן. און אַז בעריש האָט דאָס דערזען, האָט ער אים אויך נאָכגעטאָן און אויף נינע'ן זיך ניט אומגעקוקט. און נינע איז אַ ווײַלע געזעסן און ניט געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך. נינע האָט נאָר געקענט זיין פֿריילאַך ווען זי איז פֿון אימיצן באַוואונדערט געוואָרן. און איצט איז זי עפּעס ווי אַרויסגעפֿאַלן פֿון קאָן. האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און אַוועק פֿרי אַהיים.

כאַנקע האָט דעם אָוונט שוין צופֿיל גערעדט פֿון איר פֿאָרן. ווי זי וואָלט וועלן אַלעמען איבערצייגן, און איבערהויפּט זיך אַליין, אַז זי וועט דאָס טאַקע דורכפֿירן און אַז אין אַ וואָך אַרום וועט זי שוין דאָ ניט זיין. אויף דוד'ן איז געווען אַ צער צו קוקן. ער האָט ניט אַראָפּגענומען פֿון כאַנקע'ן זיינע רחמנות'דיגע אויגן, ווי ער וואָלט ביי איר האַלטן אין איין פֿרעגן: וואָס איז מיט דיר געוואָרן, כאַנקע, ווי אַזוי קענסטו מיך איבערלאָזן אַליין און אַוועק־

פאָרן? פריידל האָט דאָס שוין ניט געקענט צוזען און איינגע־רוימט כאנקע׳ן א סוד:

— רייד ארויס א פּאָר ווערטער צו דוד׳ן, זע ווי ער זעט אויס!

נאָר כאנקע איז געווען אליין צופיל פאַרטראָגן. אין איר האָט איצט שוין געגרוישט א ניי געפיל, וואָס זי האָט זיך צו דעם צוגעהערט מיט אלע חושים. ס׳איז געווען דער געפיל פון לעבן אליין, וואָס האָט אין איר געגרוישט און איר צעטומלט. א ניי לעבן, וואָס וועט ארייננעמען אי שווערע ארבעט, אי פרייד, אי ביטערקייט און ליבע, און אלץ.

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, נאָר קיינער פון דער כאַליאַסטרע האָט ניט געטראכט פון גיין אהיים. ביניאָמקע האָט געזאָגט, אז ס׳וואָלט געווען א יושר צו מאכן עפּעס א ליטישע „ליאָמע”. האָט פריידל זיך באלד גענומען צום טייסטער מיט די אמעריקאנער געלט. מען האָט איינגעקויפט ברויט און הערינג און קעז און ביר.

דער אָוונט איז געווען אַ „זיי־געזונט” פון דער כאַליאַסטרע און מען האָט דאמאָלסט אוועקגעהוליעט ביז אין ווייסן טאָג אריין. און ברייטע ליפּיכעס, וואָס האָט אויף יענער זייט ווענטל פון צו־גרויסן טומל ניט געקענט שלאָפן, האָט אלע ווייל זיך געקערט אין איר בעט פון איין זייט אויף דער אנדערער און אלץ געמורמלט צו איר שלאָפנדיגן מאַן:

— ננאַ . . . אַן אַנשיקעניש. ס׳געהערט אביסל? . . .

